אַלטער עפּשטיין:

# דער הויקער
## און אַנדערע
# ערצעהלונגען

אַרויסגעגעבען פון
מאַקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט
ניו יאָרק.

# אינהאלטס־פארצייכניס:

זייט

# דער הויקער.

.1

— אָבער איך מוז זיך דאָך באטראכטען, גיט מיר צייט א פּאָר טעג. — האָט זי געענטפּערט מיט א שמייכעל.

— זינא, איהר זאָגט מיר ניט אָפּ, קאָן איך האָפען? — האָט בערמאן אויסגעשריען מיט א הייזעריגען קול פון אויפרעגונג און דערביי אָנגעכאפּט מיט זיין דאר, קליין הענטעל איהר ווייכע, ווארימע האנט.

— וואָס פאר א מאָדנער איהר זייט, בערמאן! פאר וואס זיינט איהר אזוי אראָפּגעפאלען ביי זיך? דאכט זיך אין געזעל־שאפט, אז איהר צורעדט זיך, זייט איהר גאנץ זיכער, שוין אביסעלע צו זיכער, און דאָ מיט מיר...

זי האָט ניט פארענדיגט, ווייל אויף זיין געלען, קרענקליכען פּנים האָט זיך באוויזען אן אויסדרוק פון צער. די דינע, בלאסע ליפּען האָבען א צוק געטאָן. דאָס האָט איהר פארדראָסען, און כדי צו פארגלעטען דעם שווערען איינדרוק, האָט זי מיט א שמיי־כעל א זאָג געטאָן:

— אָ, האָט איהר עס פעריג'ען דערלאנגט. עס איז אזש געוועזען אויף איהם א רחמנות. און ווי איהר האָט זיך עס געהיצט!

בערמאן האָט צופרידען א לאַך געטאָן און געזאָגט:

— איך האָב פיינט, אז א מענש רעדט וועגען זאכען, וואָס ער ווייס ניט. זאָגט אליין, איז דאָס א מיינונג וועגען דער ראָלע פון דעם איינצעלנעם אין דער געשיכטע?

— אין די זאכען ווייס איך גאָר נישט. איך מוז מודה זיין, אז איך האָב קיין וואָרט ניט פארשטאַנען פון אייער גאנצען גע־שפּרעך, — האָט זי קאָקעטיש א לאַך געטאָן.

— אָט, וואָס איהר זאָגט! איהר פארשטעהט מעהר פאר אונז אלעמען, איהר זייט דאָך...

— אהא, אז איהר הויבט מיך שוין אן צו לויבען אין די אויגען איז שלעכט — האט זי איהם איבערגעשלאגען פרעהלאך
— נו, עס איז שוין שפעט. איך מוז ארויפגעהן אין הויז. א גוטע נאכט, העדר בערמאן.
— א גוטע נאכט, זינא, מארגען...
— מארגען, מארגען — האט זי איהם ניט געלאזט ענדיגען, און איז שנעל ארויפגעלאפען די פאר טרעפלעך פון גאניק.

זי האט איהם באגלייט מיט א פריינדליכען שמייכעל. נאר אז ער איז אוועק עטליכע טריט, האט זיך ביי איהר דאס פנים פארענדערט. דער פרעהליכער אויסדרוק איז פארשוואונדען. עס איז ניט פארבליבען קיין סימן פון קאקעטסטווא. ווארים זי האט איהם דערזעהן אין זיין גאנצער שוידערליכער אומגעלומפערט־קייט — דעם קליינעם קערפערעל אויף די דינע פיסלאך, די לאנגע דארע הענט, וואס זיינען אראפגעהאנגען ביי די זייטען, דער אומגעהייער גרויסער קאפ אויפ'ן דינעם האלז און דעם הויקער אויפ'ן רעכטען אקסעל, וואס איז אראפגעהאנגען ווי א שווערע משא און וואס האט איהם געשלעפט צו דער ערד.

דאס אלץ איז אין דער ווייל, וואס ער איז געגאנגען אונטער דער באגלייטונג פון איהרע בליקען, ארויסגעטראטען אזוי שארף פאר איהר, אז עס האט געמאכט ציטערען איהר יונגען קערפער. איהר גאנצער וועזען איז אויפגעטרייסעלט געווארען פאר יסורים און זי האט געמוזט פארבייסען די אונטערשטע ליפ ביז בלוט.

— איהם נעהמען! ער — מיין מאן, גאט מיינער! — האט זי געשעפטשעט מיט פארלאפענע אויגען.

ווי זי איז נאר אין הויז אריין, האט די מוטער גלייך דעם אויסדרוק פון איהר פנים באמערקט. א קליין ווייל האט זי איהר אנגעקוקט מיט די שווארצע רויטליכע אויגען. האט א זיפץ געטאן און ווי צו זיך אליין געזאגט:

— שוין ווידער געוויינט! רבונו של עולם, זאל נעהמען אמאל א סוף, אהין אדער אהער.

זינא האט צורעכט געמאכט די געדיכטע שווארצע האר איהרע און האט געשוויגען.

— איך וויים, א מיידעל געהט ארום מיט א בחור שוין באלד

א יאָהר, אַלע רעדען וועגען דעם, דאַרף מען דאָך האָבען יושר אויך. און מען וואָלט געזאָגט, געכאַפּט א מענשען פון גאַס; ער איז א לייטיש קינד, מיט געלד, א קלוגער — מאַכט מען א סוף אין געגוג.

ביי זינא'ן האָבען די אויגען א פינקעל געטאָן. מיט פאַר־דריקטע ציינער האָט זי ארויסגערעדט:

— קאָנסט מיר אָפּגעבען מזל טוב. האָסט אויסגעפיהרט. איהר האָט אַלע אויסגעפיהרט. איך וועל... איך וועל... א יאָ־מער האָט זיך געגומען רייסען פון איהר הארצען, זי האָט זיך געוואָרפען אויפ'ן סאָפע און פאַרשטעלענדיג דאָס פנים מיט די הענט, האָט זי געשלוכצט אויפ'ן קול.

זי האָט דערפיהלט דער מאַמע'ס האַנט אויפ'ן קאָפּ.

— ווען האָט איהר עס אָפּגעמאַכט? פאַר וואָס איז ער ניט ארויפגעקומען? — האָט די אַלטע געפרעגט.

זינא האָט אויפגעהויבען דאָס פנים, אָפּגעווישט די טרעהרען און שטיל געזאָגט:

— מיר האָבען נאָך ניט אָפּגערעדט, ער ווייס נאָך אפילו ניט אויף זיכער.

די מוטער האָט איהר אָנגעקוקט מיט חשד:

— טאָ וואָס רעדסטו? פאַר וואָס זאָגסטו ניט דעם אמת?

— מאָרגען דאַרף איך איהם ענטפערען.

— צו וואָס האָסטו נאָך באַדאַרפט אָפּלעגען? איך פאַר־שטעה דיך ניט.

— וואָס האָסטו געוואָלט? איך זאָל זיך איהם ארויפוואַר־פען אויפ'ן האַלז? איך וועל פאַרזאַמען די מציאה, האָסטו מורא?

— וואָס זאָל מען טאָן, מיין קינד, מסתמא איז דאָס א באַשערטע זאַך. זעהסטו. אָט האָט זיך מיט יענעם, מיט שאַפּי־ראָ'ן, גאָרנישט אויסגעלאָזט. דאַכט זיך וואָס, ער האָט דיך דען ווייניג האָלט געהאַט? נאָר אז עס איז ניט באַשערט, העלפט קיין זאַך נישט. און אסור, אייב מיר פאַרדריסט עס. איצט מעג איך דיר דאָך זאָגען דעם אמת: איך האָב איהם ניט האָלט גע־האַט. אויסער דאָס שעהנע פּנימ'ל האָט ער קיין זאַך ניט פאַר־מאָגט, צו קיין זאַך וויל זיך דאָס ניט נעהמען, זאָל ניט אויסגע־

רעדט זיין — א לא יוצלח. ווער ווייס, וואָס דו וואָלסט זיך נאָך חלילה אָנגעליטען.

— אך, מאמע, וואס איז דאָ צו רעדען. ווייסט דאָך, אז ער האָט מיך ניט געוואָלט, — האָט זינא מיט חוזק אין קול געזאָגט.

זינא האָט זיך א ווײַלע פארטראכט. פאר איהר האָט זיך דורכגעטראָגען יענע ביטערע צייט, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אז שאפּיראָ האָט גענומען ארומגעהן מיט אן אנדערע, א רייכע־רע מיידעל, און אז פון איהרע האָפנונגען האָט זיך גאָרנישט אויס־געלאָזט.

— וואָלסטו געזעהן, ווי אלע אכטען איהם, — האָט זינא ארויסגערעדט, ווי פאר זיך.

— וועמען, שאפּיראָ'ן? — האָט די מוטער מיט וואונדער געפרעגט.

— אך, ניין, בערמאנ'ען. האָסט איהם באַדאַרפט הערען רעדען. פּערעל שיטען זיך איהם פון מויל. ער איז דאן גאָר אן אנדערער, ער ווערט עפּעס העכער און שעהנער.

— זעהסטו, מיין קינד, אז מיר זיינען געווען גערעכט. צי דארף מען דען אין דער אמת'ן נאָר קוקען אויפ'ן פּנים? מען דארף זיך נאָר אביסעלע צוגעוואוינען. צו אלע מאנסבילען דארף מען זיך צוגעוואוינען. פון אָנפאַנג זעהען זיי אויס פרעמד און ווילד.

אָט אזוי האָבען זיי צווישען זיך געפיהרט דעם געשפּרעך. זיי זיינען לעבעדיגער, פרעהליכער געוואָרען. די אלטע האָט דער־צעהלט עפּעס א מעשה פון איהרע מיידעלשע יאָהרען. פון פריי־הערדיגען אומעט איז קיין סימן ניט געבליבען, וואָרים ביידע האָבען געוואוסט, אז אַ נײַ לעבען קומט, און אז פון דער אָרימ־קייט און פון דער שטיקענדער דחקות וועט איצט קיין סימן ניט בלייבען. בערמאן איז רייך און גוטהערציג. איצט ערשט וועלען זיי אָנהויבען געניסען פון לעבען.

אָבער שפּעטער, אז דאָס פייער איז אויסגעלאָשען געוואָרען, און זיי האָבען זיך געלעגט אויף די געלעגערס האָבען זיי זיך גע־מאטערט מיט אלע קרעפטען צו דערשטיקען אין זיך דעם יאָמער.

— ווען ער, עליו השלום, לעבט, וואָלט נאָר אנדערש געווען.

מען וואָלט ניט אוועקגעגעבען די איינציגע טאָכטער צו א וויסטען קאליקע. אָבער ווי האָט מען זיך איצט אנדערש געקענט העלפען? לאָזען זי זיצען ביז אין גראָהען צאָפּ אריין? — האָט די אלטע אין זיך געשלוכצט.

— צ:לאָזען איהם צו זיך, איהם, דעם צודרעהטען קרומען גוף, מיט די שטעכעדיגע ביינער, פון איהם לאָזען זיך לאַסטשען, קושען... — האָט זינא געקלאָגט, אריינגראָבענדיג דאָס פּנים אין קישען.

פּאָר איהרע אויגען איז געשטאַנען שאַפּירא. איהר האָט זיך געדאכט, אז זי פיהלט נאָך אויף זיך זיין הייסען אָטעם, די נאָהענטקייט פון זיין יונגען, קרעפטיגען קערפּער, אז די זאַפּ־טיגע ליפּען זיינע באריהרען איהר לייב.

— פארוואָס האָסטו מיך פארלאָזען? דו שלעכטער מענש, פארוואָס? — האָט זי צו איהם גערופען פון דער טיפעניש פון איהר נשמה.

נאָר איין מענש איז יענע נאכט געווען גליקליך. שטונדען נאָכאנאַנד איז בערמאַן ארומגעגאַנגען הין און צוריק אין זיין עלע־גאַנטען צימער, וואָס איז געווען באלויכטען נאָר פון איין ראָזעווען, עלעקטרישען לעמפּעל, וואָס האָט געוואָרפען א טונקעלען, ווייכען שיין אויף די ווענט, אויף די בילדער און וואָס האָט געלאָזען די ווייטערע ווינקלען אין טיפער דונקעלהייט. אין מאָרך האָבען זיך געדרעהט ווי א וויכער העלע, פרעהליכע געדאנקען. איין בילד שעהנער פון אנדערען. זינא וועט באלאַנגען צו איהם. זי, מיט איהר לויטערען שעהנעם פּנים, מיט די טיפע, שווארצע אויגען, מיט דער וואונדערשעהנער פיגור, וועט באלאַנגען אין גאנצען צו איהם. דאָס האַרץ אין דער שוואכער ברוסט האָט זיך געוואָרפען ווי א פויגעל אין א שטייג. עס האָט זיך איהם געוואָלט טאַנצען, שרייען.

פון ערשטען בליק אויף איהר האָט זיך עס אָנגעהויבען. ער האָט זי ליעב באקומען מיט זיין גאנצער צעוועהטאָגטער נשמה. עפּעס האָט זיך אין זיין צודרעהטען קרומען קערפּער אָנגעצונדען א פייער, ער האָט רוהען ניט געקאָנט, שטענדיג איז זי פאר זיינע אויגען געשטאַנען.

געוואוסט האָט ער, אז ער מאכט זיך צום נאַרען. צי דען וועט זי וועלען קוקען אין זיין זייט אפילו? אויף איהם, דעם הויקער, דעם צובראָכענעם שארבען, דעם נישטיגען וואָרעם? ער האָט געוואוסט, אז דאָס איז נאָר א חוצפה פון איהם, און אז ער דארף זיך עם ארויסשלאָגען פון קאָפּ, ער מוז זי פארגעסען. אָבער זי איז פון זיינע גדאנקען ניט ארויס.

איצט, קוקענדיג אויף צוריק, וואונדערט איהם די גאנצע זאך. ניט איין מאָל האָט דאָך איהם געטראָפען, אז ער האָט באַגעגענט פרויען, וואָס האָבען זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען. ער האָט פון זיי געטראַכט, גע'חלומ'ט. אָבער ער האָט אויף קיין מינוט ניט אויפגעהערט צו וויסען, אז דאָס זיינען נאָר פוסטע חלומות. עס איז געווען אַ רחמנות־שמייכעל, דער עקעל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף זייערע פנים'ער, אז ער זאָל קומען צו זיך. אָבער פאר וואָס עפּעס איז מיט זינא'ן אנדערש? זאָל דאָס זיין באַשערט? — האָט ער צו זיך א שמייכעל געטאָן.

ער דערמאהנט זיך, ווי דאָס הארץ האָט איהם געציטערט, זעהענדיג, אז זי איז פריינדליך צו שאַפּירא'ן. ער האָט דאַן געליטען אַלע יסורים פון גיהנום. אָבער צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ער האָט זיך גענארט. ניין, זי האָט יענעם ניט געליעבט, באַשטימט ניט, ווארום, האָט זי דען דייטליך ניט געוויזען איהר פריינדשאפט, איהר אמת'ע פריינדשאפט נאָר צו איהם אליין?

ער דערמאָנט זיך אָן יענעם אָוונד, ווען עמיצער האָט איהם, בערמאַנ'ען, גראָב באַליידיגט, ווי אָנגעצונדען זי איז דאָס געוואָרען:

— רעדט ניט מיט איהם, הערר בערמאַן. איך בעט אייך, רעדט ניט, וואָרום ער איז נאָר אויסען אייך אויפצורעגען. ער פארגינט אייך ניט אייער אינטעליגענץ, אייער וויסען, — האָט זי מיט בליצענדיגע אויגען געזאָגט, אָננעהמענדיג זיין האַנט.

אויף זיין גרינעם, ביינערדיגען פנים באַווייזט זיך א גליקליכער שמייכעל. ווי שעהן זי איז דאַן געווען, ווי וואונדערליך שעהן! ער פארשטעהט, אז אין יענעם מאָמענט איז זיין מזל פארזיגעלט געוואָרען.

דאָס שווערסטע איז ער אריבערגעקומען היינט אָוונד; באַ־

גלייטענדיג זי צום גאניק פון איהר היים, האָט זיך פון זיין האר־צען פלוצים, אומגעריכט פאר איהם אליין, ארויסגעריסען:

— זינא, זייט מיין פרוי.

איהם וואונדערט, וואס זי האָט זיך ניט דערשראָקען, איז ניט בייז געוואָרען, איז אפילו ניט שטארק איבערראשט געוואָרען. עפּעס אזוי ווי זי וואָלט אויף דעם געווארט, ווי זי וואָלט זיך אויף דעם געריכט. קען דאָס זיין, אז זי האָט איהם אויך עט־וואָס ליב? איז דאָס מעגליך?

מאָרגען וועט אלץ קלאָר ווערען. זי וועט איהם איהר ענט־פער געבען. נאָר אייגענטליך ווייס ער, אז דאָס איז נאָר א צערע־מאָניע, א מיידעלשער קאפּריז. צי דען האָט ער איהר ענטפער ניט איבערגעלייענט אין די טיפע שווארצע אויגען?

פון מאָרגען הויבט זיך אָן אין זיין לעבען א נייע עפּאָכע. ער וועט ווידמען זיין לעבען, זיינע געדאנקען, אלע זיינע קרעפ־טען נאָר פאר איהר אליין. ער מוז זי גליקליך מאכען, ער וועט שוין זעהן, אז זי זאָל גליקליך זיין.

פון צופיל פרייד האָט ער די גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט...

פון צופיל וועהטאָג און זאָרג האָבען זינא און די מוטער א גאנצע נאָכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאָכט.

## .2

דאָס איז געווען א פּאָר וואָכען נאָך דער חתונה, אז בערמאַן דער הויקער האָט א זאָג געטאָן צו דער יונגער ווייבעל:

— איך דענק איינצולאַדען א קליינע קאָמפּאַניע אלטע באַ־קאַנטע, האָסטו עפּעס נעגען דעם, מיין טייערע?

עס האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען זינא'ס פּאַרטראַכטקייט און אָפּגעלאָזענקייט. ער האָט דאָס צוגעשרי־בען צו איהר איינזאמקייט, און דערפאר האָט ער זיך באשלאָסען איהר אָנצוזאָגען די דאָזיגע בשורה. אָבער צו זיין איבערראשונג האָט ער באמערקט, אז זי איז ניט נתפעל געוואָרען פון דעם.

— טו ווי דיר געפעלט, מיין פריינד, — האט די פרוי גלייכ־גילטיג געענטפערט.

— אויב דיר איז ניט אנגענעהם, וועל איך זיי ניט רופען.

— פאר וואס ניט? דיר איז מסתמא אומעדיג. לאז זיי איין, וועט דיר פרעהליכער ווערען. ווארום איך האב מורא, אז דו קאנסט מיך נאך פיינט קריגען. — די לעצטע ווערטער האט זי ארויסגע־רעדט מיט א לייכטען שמייכעל, ווארפענדיג א זייטיגען בליק אויפ'ן קליינעם מענשעלע, וואס איז געשטאנען פאר איהר מיט די הענט אין די הויזען־קעשענעס און מיט ווייט־געעפענטע אויגען, וואס האבען פארשענד געקוקט אין איהר פנים אריין.

— איך דיך פיינט קריגען? נו, דאס פעהלט מיר נאך. — האט ער א לאך געטאן.

ערגעץ אין א ווינקעלע פון זיין נשמה איז געווען א פארלאנג, אז זי זאל איהם זאגען:

— מען דארף ניט קיין געזעלשאפט, אונז איז אזוי אויך גוט.

אה, דאן וואלט ער אפשר צו איהרע פיס געפאלען פאר גרויס דאנקבארקייט. ער האט אבער חושד געווען, אז זי וויל יא ער זאל איינלאדען זיינע באקאנטע, נאר זי שעהמט זיך עס אויסצוזאגען.

— גוט, איכ'ל איינלאדען, — האט ער ארויסגעזאגט, אוועק־געהענדיג אין צווייטען ווינקעל פון צימער.

אבער ווי ער האט נאר ארויסגערעדט די ווערטער, האט איהם א דריקענדע שווערקייט ארומגענומען. איהם האט זיך געדאכט, אז פון איצט אן הערט אויף דאס פרידליכע, שטילע אין זיין לעבען, אז מיט'ן ערשטען לוסטיגען, וואולגארען אויסגעשריי פון די פרעמ־דע, וועט אלעס פארשווינדען.

אין די עטליכע וואכען, אונטער'ן איינדרוק פון דעם נייעם לעבען, אין דער שטענדיגער אנוועזענהייט פון דער יונגער פרוי, האט זיך אין איהם אויסגעהאדעוועט א פארלאנג: אוועקגעהן אין א שטיל'ען ווינקעלע, ווייט פון מענשען, און זיין אליין, אפגע־זונדערט, שטענדיג קוקען אין די טיפע שווארצע אויגען... אבער

באַלד איז די פאַנטאַזיע צופלויגען ווי אַ רויך. צי זעהט ער דען ניט, אַז זי הויבט זיך אָן לאַנגווייליגען, אַז זיינע לאַסקעס האָבען שוין אויף איהר ניט די ווירקונג פון די ערשטע טעג.

קען דאָס זיין, אַז זי האָט חרטה? — איז איהם דורכגעלאָפען דורכ'ן קאָפּ, און דערביי האָט ער דערפיהלט ווי די געהירען ברע־נען. אָבער דאָס זיינען געווען נאָר צופעליגע געדאַנקען, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר נאַריש און האָט זיי פון זיך פאַרטריבען ווי מען פאַרטרייבט אַ בייזע פליג.

אָט אַזוי איז ביי איהם באַשאַפען געוואָרען דער געדאַנק איינ־צולאַדען געסט, אריינצוברענגען דאָס פרעמדע לעבען אין הויז אריין.

ער האָט גענומען אַ בלייַ־שטיפט און אָנגעהויבען חשבונ'ען, וועמען צו רופען. זיין באַקאַנטשאַפט איז געווען אַ גרויסע, איינ־צולאַדען אַלעמען האָט דאָך קיין זין ניט, טאָ וועמען רופט מען?

ער האָט אָנגעשריבען נעמען, אַ גאַנצע רייהע מיט נעמען. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די ביינערדיגע הענט און לאַנג געקוקט אויף די פּאַפּיקלאַך, און צו זיין גרויס וואונדער האָט ער באַמערקט, אַז יעדער פון זיי איז איהם פאַרהאַסט. דאָס זיי־נען געווען יונגע לייט, בעלי־הבית'ישע זיהן, זאַטע, צופרידענע און צולאָזענע. ער האָט איצט געפיהלט צו זיי אַן עקעל. אָבער פאַרוואָס האָט ער זיי איצט פיינט? דאַכט זיך, אַז אַמאָל איז ער געווען מיט זיי גוטע פריינד און האָט געלאַכט פון זייערע ווי־צען. איז ער מיט אַמאָל פרום געוואָרען?

— גאָר איינלאַדען עלטערע מענשען, סאָלידע, מיושב'דיגע, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָבער ער האָט מורא געהאַט זיך לעבערליך צו מאַכען פאַר זינא'ן.

די געדאַנקען זיינען געלאָפען אין זיין מוח שנעל ווי אַ בליץ, אויפ'ן האַרצען איז איהם געווען שווער, ער האָט דערשפּירט, אַז די באַקען ברענען איהם. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַ געפאַהר לויערט פון אַלע זייטען, און פלוצלינג האָט זיך איהם פאַרוואָלט צוגעהן צו זינא'ן, ארומנעהמען איהר האַלז, אריינקוקען אין איהרע אויגען און זאָגען:

— מען דארף ניט קיין געסט, אונז איז דאָך אזוי אויך גוט. אמת, מיין מייערע, אונז איז גוט?

ער האָט געוואָרפען א בליק אויף איהר. זי איז נאָך אלץ געזעסען אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף דער ווייסער האנד און געקוקט אין דער לופטען. דער בליק איהרער איז געוועזן שטאר און קאלט, איהרע געדאנקען זיינען קענטיג געוועזן ווייט פון דאנען.

דערפאר האָט ער געציטערט. מיט'ן אינסטינקט פון א חיה האָט ער באגריפען, אז דאָס מוז זי איצט זעהן אנדערע מענשען, אז זי חלומ'ט וועגען זיי און באגעהרט זיי. עס ווילט זיך איהר לעבען אין רויש און טומעל. דאן מוז ער ערפילען איהר באגעהר. ער וועט איינלאַדען די מענשען דאָ אין הויז, זאָל זי עס האָבען.

— מארגאָלים, סירקין, לעווין, זעליג, — האָט ער געמורמעלט מיט די ליפּען, קוקענדיג אויפ'ן צעטעל מיט נעמען.

אָבער ער האָט דאָס שטיקעל פּאפּיר א שטויס געטאָן פון זיך, ער וועט זיי ניט רופען. ער וויל מיט זיי גאָרנישט האָבען צו טאָן. זיי זיינען לצים, זיי זיינען פארדאָרבענע יונגען. האָבען זיי דען זיך פאר איהם אליין ניט באריהמט גאַנץ אָפט וועגען זייערע אינטריגען מיט פארהייראטע פרויען? ניין, ניט די, האָט ער ביי זיך באשלאָסען, און זיך גענומען מאכען א נייעם צעטעל.

— הערמאַן, פאָגעל, שווארץ.

די זיינען שוין בעסער. זיי זיינען געוועזן עלטערע מענשען, טאַטעס פון קינדער. מיט זיי וועט ער זיך פיהלען גוט, זיי זיינען סאָליד און אנשטענדיג.

ער האָט אָבער באלד א לאַך געטאָן פון זיך אליין. איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי די עלטערע אידען, באוואקסענע, גראָהע מיט צוקנייטשטע פּנים'ער און אויסגעלאָשענע אויגען, זיצען ארום טיש, רעדען וועגען מסחר, רויכערען ציגארען און טרינקען טיי מיט א כלאַפּאָטשען — א פיינע געזעלשאפט פאר זינא'ן. און ווידער אמאָל מארגאָלים, סירקין... סירקין, אָט דער געלער חברה־מאַן, מיט'ן רויטען פּנים און די אייביג-לאַכענדיגע ממזר'ישע אויגען, דער, וואָס האָט איהם אָנדערצעהלט וועגען זיך אזעלכע שרעקליכע זאכען...

— וואָס רעדסטו דאָרט צו זיך אליין, — האָט איהם איבערגע־

ריסען די געדאנקען דער פרוי'ס קול. זי האָט אויף איהם געקוקט פארוואונדערט.

— איך טראכט דאָס וועמען איינצולאדען. אויב דו פוילסט זיך ניט, קום און דערלף מיר, — האָט ער ארויסגערעדט מיט א שוואכען קול.

אז זי איז צוגעקומען צו איהם און אז ער האָט דערפיהלט די ווארימקייט פון איהר לייב, איז איהם לייכטער געוואָרען. דער דריקענדער אומעט האָט אָפּגעלאָזט. זי איז דאָך זיינע, איינגאנצען זיינע. האָט זי איהם דען דעמזעלבען אָוועכד ניט צוגעצויגען צו זיך, איהם געלאַסטשעט און געקושט? פאר וועמען האָט ער זיך צו שרעקען. זי האָט איהם דאָך ליב, טאָ פארוואָס ניט איינלא־דען טאקע אָט די זעלבע חברה? זאָלען זיי קומען, וועט פרעהליך ווערען.

— ווייז מיר דיין צעטעל. לאָמיר אָקאָרשט זעהן, וועמען האָסטו דאָרט — האָט זי געזאָגט, צונעהמענדיג דאָס שטיקעל פאפיר פון זיינע הענט.

— מארגאָלין, סירקין. ווי, דו ווילסט איהם אויך איינלאַדען?

— האָט זי איבערראשט אויסגעשריען.

— פארוואָס ניט? — האָט בערמאן געפרעגט אזוי ווי מיט וואונדער.

— פארקעהרט, איך בין צופרידען. ער איז דאָך אזא פרעה־ליכער בחור, איך פלעג אזוי לאכען פון זיינע ווערטלאך.

— אָבער ווייסטו וואָס פאר א חברה־מאן דאָס איז, וואָס פאר א שטיק ער פראוועט מיט פרויען, און גלאט איך לייד ניט זיינע פוסטע וויצען.

זי האָט איהם שארף ארייגעקוקט אין די אויגען.

— נו, רוף איהם ניט, אויב דיר איז דאָס אומאנגענעם, — האָט זי געזאָגט קאַלט און דערביי האָבען איהרע ליפען א לייכטען ציטער געטאָן.

— ער האָט מורא פאר איהם, — האָט זי מיט וועהטאָג גע־טראכט, קוקענדיג אויפ'ן שטיקעל פאפיר מיט די נעמען.

בערמאן האָט זי אָנגעקוקט מיט ברייט געעפענטע אויגען. ער האָט ניט געוואוסט ווי אָנצונעהמען איהר פלוצליבע קאלטקייט

און גלייכגילטיגקייט. קאָן דאָך זיין, אז זי בענקט גאָר נאָך קיינעם ניט, אז עס איז איהר אזוי אויך גוט? טאָ צו וואָס האָט ער גע־דאַרפט אויפטאָן די גאַנצע זאַך? נאָך וואָס זיך לעכערליך גע־מאַכט?

זינע האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר פריהערדיגען פלאַץ, און אונטערשפּאַרענדיג איהר קאָפּ אויף די הענט, האָט זי זיך ווידער אוועקגעטראָגען מיט איהרע געדאַנקען. איצט ווייסט זי שוין, אז איהר באַשלוס אונטערצוגעבען זיך דעם מזל שטיל און אָהן טענות, איז גאַריש. די פּאָר וואָכען אין דער רייכער הויז, אין דער אָנווע־זענהייט פון דעם פּיצעלע מענשעלע מיט דעם גרויסען הויקער, זיי־נען איהר אונערטרעגליך. עס דאַכט זיך איהר, אז זי האָט זיך אליין מיט די אייגענע הענט אויסגעגראָבען א קבר, אז קיין הילף איז נישטאָ, און אייביג וועט שוין זיין אזוי. אָהן פרייד, אָהן גליק.

אָך, זי האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָס הייסט אזוינס חתונה האָבען מיט א קריפּעל. מיט שוידער דערמאָנט זי זיך אָן דעם מאָ־מענט, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל צוגעטראָטען צו איהר. איהר האָט זיך דאַן געדאַכט, אז א שרץ האָט זיך צו איהר לייב צוגעריהרט. עס האָט זיך איהר געגלוסט אויסשרייען, זיך וואַרפען אויף דער ערד, איהם אוועקשטויסען פון זיך, פאַרניכטען, און דאָך איז זי געוועזען שטיל און נאָכגעביג. דער מוטער'ס ווערטער האָבען איהר שטענ־דיג געקלונגען אין די אויערען:

— זעה, מיין קינד, זיי געטריי צו איהם און טהו דיין פליכט, ווי אַן עהרליכע אידישע טאָכטער דאַרף טאָן.

זי פאַרשטעהט אליין ניט פון וואַנען עס האָט זיך צו איהר גענומען דער כח אריבערצוטראָגען דאָס אלץ. ס'דאַכט זיך איהר, אז אָהן איהר אייגענעם וויסען, האָט זי זיך אונטערגעוואָרפען זיין ווילען, דעם ווילען פון א מאַן. און כאָטש ער איז שוידערליך, קליין און נישטיג, דאָך האָט ער איבער איהר א שליטה.

און וואָס וועט איהר העלפען, אז יענע וועלען קומען? וועלען זיי דען לייכטער מאַכען? וועט זי דען ניט לעזען אין זייערע אויגען שפּאָט און פאַראכטונג צו זיך?

— מען דאַרף ניט, אין דער אמת'ן איז א שאָד צו שטערען די שטילקייט, — האָט זי שטיל ארויסגערעדט.

בערמאַנ׳ען האָט זיך געדאַכט, אַז די זון איז אויפגעגאַנגען.

— אמת, מען דאַרף זיי ניט, אונז איז דאָך אַזוי אויך גוט, — האָט ער אַרויסגערעדט רייבענדיג די הענט פאַר פרייד.

געוויס, איז מיר אַזוי אויך גוט, — האָט זינאַ צוגעשטימט.

— און דו וועסט מיך אַלע מאָל ליבען, מיין טייערע? — האָט זיך בערמאַן באַנוצט מיט דער געלעגענהייט נאָך אַ מאָל צו פרעגען די וויכטיגסטע שאלה.

— געוויס, ביזט דאָך מיין מאַן, — האָט זי פעסט געזאָגט.

## 3.

מיט אַ ווינקעל פון אויג האָט בערמאַן נאָכגעקוקט זינאַ׳ן און סירקינ׳ען, וואָס זיינען געזעסען נאָהענט איינער צום צווייטען און געפיהרט אַ שטילען געשפּרעך. ער האָט קוים געהערט וואָס מאַרגאָליס רעדט צו איהם. זיינע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט אַרום דער איין פראַגע: וואָס זאָגט זי איצט דעם וואולגאַרען בחור? און פאַרוואָס האָט זי דוקא איהם אויסגעקליבען צו שמועסען?

באַלד ווי די געסט זיינען אַנגעקומען, האָט זיך בערמאַן דער־פיהלט ניט גוט: עפּעס האָט איהם געדריקט און באַאומרוהיגט. נאָר ער האָט זיך געמאַטערט צו פאַריאָגען די דאָזיגע שטימונג און גענומען אַרומטאַנצען אַרום די געסט. ער איז צו יעדען צוגעקו־מען, געצויגען פאַר׳ן אַרבעל און מיט אַ זיסען שמייכעל זיך גע־בעטען:

— זיצט, פאַרוואָס זעצט איהר זיך ניט? האַלט זיך ווי אין דער היים.

ער האָט זיך אַזוי צולאָזט מיט פריינדליכקייטען, אַז זינאַ האָט געפונען פאַר נויטיג אויף איהם צו וואַרפען אַ פיל-דייטיגען בליק. דאָס האָט איהם צומישט. ער האָט די הענט אַראָפּגעלאָזט און זיך פאַרקליבען אין אַ ווינקעל. אויפ׳ן האַרצען איז איהם געוועזען שווער, און עס האָט זיך איהם שטאַרק געגלוסט, אַז אָט די אַלע זאָלען וואָס שנעלער אַוועק, און עס זאָל צוריק ווערען שטיל, רוהיג.

דאָס ערשטע מאָל פאַר די דריי חדשים זינט דער חתונה האָט בערמאַן דערשפּירט, אַז זינאַ האָט זיך אָפּגערוקט פון איהם, איז אַזוי ווי פרעמד געוואָרען. און דאָס האָט איהם געפּייניגט. ער האָט געמוזט האָבען איהר נאָהענטקייט יעדע מינוט. און דאָ האָט זי די גאַנצע צייט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. און ווי מאָדנע זי האַלט זיך; עפּעס לאַכט זי מיט אַ געצוואונגענעם געלעכטער, אַז עס איז חלשות. און צום סוף האָט זי זיך גאָר צורעדט אַזוי אינטים מיט סירקין'ען, מיט'ן גראָבען נפש.

ניין, ניט אויס מורא פאַר סירקינ'ען איז ער בייז אויף זינאַ'ן, נאָר פאַר איהר אומטאַקטישקייט. זי ווייסט, דאַכט זיך, אַז ער האָט סירקינ'ען פיינט, אַז ער האַלט איהם פאַר אַ נידריגען קערל. איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט צו ציהען דעם פרוי'ס בליק, געבען איהר צו פאַרשטעהן, אַז ער איז אונצופרידען. אָבער זי האָט אין זיין ווינקעל ניט געקוקט. מיט איהרע שוואַרצע, טיפע אויגען האָט זי זיך איינגעגעסען אין סירקין'ס פעטען פּנים, און דערביי האָבען איהרע פולע ליפען עפּעס מאָדנע געשמייכעלט; עס איז געווען אַ שמייכעל, וועלכען ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. אָט דאָס האָט איהם אַנגעצונדען דעם מאַרך. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט אַ פאַרשפּרעכען, אַ צוזאָג, אַז עס איז דאָ עפּעס אַן אָפּמאַך צווישען זיי. און דאָס האָט געצייגט סירקין'ס כיטרער, לאַבענדיגער בליק. עטוואָס הינטישעס, פאַלשעס איז געלעגען אין די ווינקלען פון זיין מויל. דאָס איז דאָך דער זעלבער אויסדרוק, וועלכען ער האָט ביי איהם געזעהן דאַן, ווען ער פלעגט זיך באַריהמען מיט זיין ערפאָלג ביי פרויען...

— גאָט מיינער, ווי עקעלט עס איהר ניט, ווי קאָן זי עס פאַרטראָגען? — האָט ער מיט רציחה געטראַכט. — וואָס פאַר אַ מיאוס'ער, זאַטער, צופרידענער פּרצוף! קיין סימן פון געדאַנק, פון אינטעליגענץ.

— וואָס איז מיט אייך, בערמאַן, זיינט איהר ניט מיט אַלעמען? — האָט איהם מאַרגאָלים איבערגעשלאָגען די געדאַנקען.

זינאַ האָט זיך אומגעווענדט צו איהם, האָט איהם אַנגעקוקט מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען און געפרעגט:

— פיהלסט ניט גוט, סאַלאָמאָן? ביזט בלייך.

ביי בערמאַנ'ען האָט דאָס פּנים אַ צוק געטאָן, אין האלז האָט איהם פאַרקוועטשט און ער האָט ניט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט.

זינא האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ לאַנגען, שווערען בליק. ער האָט זיך איהר נאָך קיינמאָל ניט אויסגעוויזען אזוי עקעל־האפט ווי איצט. קוקענדיג אין סירקין'ס פּנים, באטראַכטענדיג די געזונטע פאַרב, די קרעפטיגקייט זיינע, האָט זיך איהר געדאַכט אזוי, ווי זי וואָלט נאָך אַ לאַנגע צייט פאַרשפּאַרט זיין אין אַ פאַרשטיקטער לופט, פּלוצלינג דערשפּירט אַ דופטענדען ווינטעלע, אַ זיסען ריח, וואָס האָט זיך צוגאָסען אין אַלע איהרע גלידער. זי האָט קיין באַגעהר, קיין זינדיגע מחשבה ניט געהאַט. עס איז איהר גוט געווען, גוט און פרעהלאך... אָבער איהם, דעם עקעלהאפטען קאַליקע, פאַרדריסט דאָס. אָה, ער פאַרגינט איהר ניט קיין מינוט רוה. דאָס איז ער דערפאַר אזוי גרין און געל געוואָרען, וואָס זי רעדט מיט סירקינ'ען. אייביג פאַרשפּאַרט וואָלט ער זי געהאַלטען.

— וואָס איז דיר, סאַלאָמאָן, פיהלסט זיך ניט גוט? פאַר־וואָס שווייגסטו? — איהר קול האָט געקלונגען הארט און בייז.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פייערדיגען בליק. איהם האָט זיך געוואָלט איהר געבען צו פאַרשטעהן, אז ער ווייס אַלץ, וואָס זי טראַכט איצט.

— באַאומרוהיג זיך ניט, שרעק זיך ניט, עס איז גאָרניט...

די ווערטער האָט ער אויסגערעדט שטיל, אויסגעצויגען. זי האָט איהם פאַרשטאַנען. ער האָט געזעהן, אז זי ווייס, וואָס ער טראַכט איצט וועגען איהר, ווייל די ליפּען האָבען ביי איהר אַ ציטער געטאָן. זי האָט זיך אָפּגעקעהרט און ווייטער געפיהרט דעם געשפּרעך מיט סירקינ'ען

ער האָט אויף זיך דערשפּירט זעליג'ס בליק, וואָס איז געווען פול מיט רחמנות. עס איז קענטיג געווען, אז יענער פאַרשטעהט, וואָס דאָ קומט פאָר. דאָס האָט געטראָפען בערמאַנ'ען גלייך אין הארצען אריין.

— וואָס טהו איך דאָ, צווישען זיי? — איז איהם איינגע־פאלען א געדאנק. — צי דען זיינען זיי געקומען זעהען מיך. אינ־טערעסירען זיי זיך דען מיט מיר? צוליב איהר האָבען זיי זיך דאָ פארזאמעלט...

ער האָט געוואָרפען א בליק אויפ'ן פרעהליכען עולם, און ער האָט דערזעהן, אז ער איז דאָ אַן איבעריגער. זיי אַלע זיינען שטארק, הויך און קרעפטיג. זיי קענען לעבען, געניסען און פרעה־לאך זיין. אָבער ער, ווי קומט ער אהער? און זינא, וואָס פאר א געפיהל קאָן זי אין דער אמת'ן האָבען צו איהם? זינא, — איז זי דען ניט איינע פון זיי? אויך אזוי שטארק און פול מיט לעבען?...

א באַק האָט ביי איהם גענומען ברענען, און א לייכטער שווידער האָט זיך געטראָגען איבער'ן לייב. עס איז איהם געוואָרען שווער צו אטעמען. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער פאלט ערגעץ אין אן אָפגרונד...

— בערמאַן, וואָס איז געוואָרען מיט'ן פּלאַן צו באזעצען אי־דען אין אמעריקא, אין גאַלוועסטאָן? איהר לעזט דאָך עפּעס די צייטונגען, דערצעהלט, וואָס שרייבט מען, — האָט זיך צו איהם געווענדעט זעליג, מיט א זעהר ערנסטער מינע.

בערמאַן האָט זיך אויפגעכאפּט אזוי ווי פון שלאָף. ער האָט ניט פארשטאַנען, וואָס מען פרעגט איהם.

— וועגען וואָס פאר א פּלאַן?

— וועגען גאַלוועסטאָן. איהר געדענקט, אז איהר האָט עס אונז אליין פאַרגעלייגט אנומעלטען.

— וועגען גאַלוועסטאָן? אָך, יא, עס איז שטיל געוואָרען.

זעליג האָט פארשטאַנען בערמאַן'ס לאגע און האָט באשלאָ־סען אריינצוציהען איהם אין א געשפּרעך. פון ערפאהרונג האָט ער געוואוסט, אז דער בעסטער מיטעל איז נעהמען ריידען וועגען דער אידישער לאגע. בערמאַן איז געווען א הייסער נאציאָנאַ־ליסט, און ווי נאָר דער געשפּרעך איז געקומען וועגען אידישע ליידען און אידישע האָפנונגען, האָט ער אויפגעברויזט, איז ער לעבעדיג געוואָרען. דאָס האָט זעליג געפּרואווט אויסנוצען.

— פארוואָס איז גאָר ניט געוואָרען? ראכט זיך, אז דער פלאָן איז גאָר ניט אזא קרומער. אדרבה, לאָמיר הערען אייער מיינונג. איהר זייט דאָך עפּעס קלאָר אין די זאכען.

דער טאָן, מיט וועלכען זעליג האָט זיך צו איהם געווענדעט, איז געווען פול מיט רעספּעקט, אזוי ווי א תלמיד וואָלט זיך געווענדעט צום רבי'ן וועגען א זעהר וויכטיגער פראגע. ער האָט דאָס געמאכט אזוי נאַטירליך, אז קיינער האָט זיין מיין ניט פארשטאַנען.

אלע האָבען אויסגעדרעהט די קעפּ צו בערמאַן'ען און געקוקט אויף איהם מיט ערוואַרטונג. אויך זינא האָט זיך אומגעווענדעט צו איהם. שוין לאַנג, אז זי האָט געזעהן א שמייכעל אריבערשוועבען איבער זיין בלאַסען געזיכט. ווען ער האָט באַמערקט איהר קוק, איז איהם באלד גוט געוואָרען. ער האָט געזעהן, אז זי קעהרט זיך אום צוריק צו איהם...

ער האָט אָנגעהויבען רעדען, פריהער שטיל, געלאַסען, מיט זיין געוועהנליכען, הייזעריגען קול. אָבער וואָס ווייטער האָט זיך די שטימע זיינע געשטאַרקט, איז פעסטער געוואָרען. דער דארער, ביינערדיגער פּנים, די מאַטע אויגען האָבען זיך אָנגעגאָסען מיט לעבען. ער האָט מיט פרייד דערשפּירט, אז דאָס קליינליכע, נישטיגע אין איהם, פארשווינדט; אז ער וואַקסט אויס העכער פאַר די אלע, וואָס זיינען אַרום איהם, אז אין דער ווייַלע איז ער שטאַרקער פאַר זיי. און געלאַסטשעט פון דעם געפיהל, האָט ער זיך אלץ מעהר צעוואַרעמט, זיך באַגייסטערט, גערופען און געפּראָטעסטירט.

— ניין, מען דאַרף ניט טראַכטען וועגען אַנדערע לענדער. דאָ, וואו מיר זיינען, האָבען מיר א רעכט צו לעבען ווי מענשען. קיינער האָט קיין רעכט ניט זאָגען צו אונז, געהט! מיר זיינען דאָ איינגעזעסענע. יאָהרהונדערטער האָבען מיר דאָ רודכגעלעבט.

די יונגע פרוי האָט געוואָרפען א בליק אַרום זיך. אלע זיינען געזעסען מיט אָפענע מיילער, ווי פאַר'כשופ'טע. און ווי קליין זיי האָבען איהר אויסגעקוקט אנטקעגען איהם, אנטקעגען איהר בערמאַנ'ען; ווי נישטיגע חדר־אינגלאך, ווי פּשוט'ע, נאַרישע בחורים'לאך.

ווי נאַריש איהר האָט זיך איצט אויסגעוויזען דער פריהעריגער געפיהל צום מאַן. דאַרף זי דען ניט שטאָלץ זיין מיט איהם? ווי שעהן, ווי פּרעכטיג שעהן ער איז!

נאָר שפּעטער, אַז זיי האָבען דעם לעצטען גאַסט אַרויסבאַ־גלייט און געבליבען אַליין, האָט זיך דער צווייפעל איןביידען ווידער אויפגעוועקט און גענומען נאַגען. זיי זיינען געבליבען זיצען ביים טיש און געקוקט בלומרשט אין פאַרשיידענע זייטען, אָבער זיי האָבען זיך בגנבה נאָכגעשפּירט און זיך שאַרף באַטראַכט. אויף זינא׳ס פּנים, וואָס איז איצט געוועזען בלאַסער ווי שטענדיג, איז געלעגען אַ וועהטאָגדיגער אויסדרוק; ווי זי וואָלט עפּעס גוטעס פאַרלאָרען. אָט דעם אויסדרוק האָט בערמאַן דערזעהן און דאָס האָט איהם געמאַכט אויפציטערען. — זי בענקט נאָך זיי. סיר־קין, סירקין ליגט איהר איצט אין געדאַנק. — און ער האָט דערשפּירט אין זיך אַ האַס צו איהם, צום רויטען בחור, מיט די ווייסע, בלישצענדע ציינער, און צו דער דאָזיגער הויכער, פעסטער, שעהנער פרוי — ווי פאַלש, ווי פאַלש דאָס איז. פאַר זיי אין די אויגען האָט זי זיך געמאַכט צערטליך צו מיר און האָט געוואָרפען אויף מיר פריינדליכע בליקען. אָבער איצט? נאָר וואָס איצט, האָט ער ניט געקאָנט באַגרייפען. — און אפשר טראַכט זי נאָר וועגען מיר, און ניט וועגען קיין אַנדערען. אפשר נאָר וועגען מיר? — איז איהם פּלוצים איינגעפאַלען.

יאָ, זי האָט געטראַכט וועגען איהם אין דער ווייל. צוזאַ־מען מיט׳ן פאַרשוואונדענעם טומעל און לעבעדיגקייט איז אויך פאַרשוואונדען דאָס גוטע אין איהם. יענער לעבעדיגער מענש מיט די פינקלענדיגע אויגען און באַגייסטערטען פּנים איז אוועק צוזאַמען מיט די געסט. איבערגעבליבען איז זי מיט אַן קליינליכען נפש׳ל, מיט אַ נישטיגען וואָרעם. ווי גוט, ווי גוט עס וואָלט גע־ווען, אַז ער זאָל אויך אוועק, פאַרשווינדען. דער געדאַנק, אַז באַלד, אפשר אין דער רגע, וועט ער צו איהר צוקומען, און זיך נעהמען דריקען מיט׳ן ביינערדיגען לייב צו איהר, האָט זי געמאַכט שווידערען.

— וואָס ביזטו עפּעס אזוי אָפּגעלאָזט, זינא? אומעטיג, הא? — האָט ער איבערגעריסען איהרע געדאַנקען. אין זיין קול

האָט זיך געפיהלט סאַרקאַזם. זינא, וועלכע איז שוין געוואָהנט געוואָרען צו אַזעלכע טענער, האָט עס דורכגעלאָזט, און מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיגקייט געזאָגט:

— איך בין אַזוי מיד און שלעפעריג. נויטיג באַדאַרפט געסט! אַבי זיך פון די כחות אַרויסשלאָגען.

די לעצטע ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט אַזוי נאַטירליך, אַז בערמאַן האָט אַזש אַ ציטער געטאָן. — קאָן זיין, אַז זי מיינט עס ערנסט? — האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ.

— אַבי מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו בענקסט נאָך דעם. גלויב מיר, אַז איך וואָלט געקענט זיין אָהן זיי דעם גאַנצען לע־בען, — האָט ער הייס אַרויסגערעדט.

— נו, ווער נויט דיך דען, מיין טייערער? רוף זיי ניט, אַז דיר איז אומאַנגענעהם? — איהר קול האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ פאַרצווייפלונגס־געשריי.

— איך וועל ביי איהר קיין מאָל קיין טאָלק ניט דערגעהן — האָט בערמאַן ביי זיך געטראַכט.

— דער הויקער וועט זיך פון מיר קיינמאָל ניט אָפּטשעפּען. אייביג, אייביג וועט עס אַזוי זיין, — האָט זינא געטראַכט.

4.

מיט דער צייט איז דער צענטער פון דער שטאָדטישער אינ־טעליגענץ געוואָרען ביי די בערמאַנ׳ס. האָט זיך געטראָפען אַ וויכ־טיגע זאַך, איז אַרויפגעשוואומען אַ נייע געזעלשאַפטליכע פראַגע, איז מען געגאַנגען צו די בערמאַנס. דאָ האָט מען שטענדיג גע־פונען פאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצוגיסען. אין קאָרידאָר האָט מען שוין געהערט די קולות און געוואַלדען. אָבער העכער פאַר אַלעמען האָט געשריען דער בעל הבית אַליין, בערמאַן, דער הויקער.

אַ טבע האָט ער געהאַט בשעת׳ן רײדען אַרומצוּלױפען גע־שווינד הין און הער. דערביי האָט ער באַוועגט, געפאָכט מיט די הענט אין דער לופט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אָט הויבט ער זיך אויף און פליהט אַוועק — דערפאַר וואָס מען וויל איהם ניט פאַר־שטעהן.

און אויפ׳ן טיש האָט אימער געזשומשעט א גראָבבייכיגער סאמאָוואר, ארויסלאָזענדיג מיט א דינעם פייף א זיילכעלע פארע. און געדאכט האָט זיך ווי דער מיושב׳דיגער סאמאָוואר לאָזט וויסען, אז דאָס אלץ, וועגען וואָס מען רעדט און מען היצט זיך, איז ניט ווערט קיין שמעק טאבאק; אז ס׳וואָלט בעסער געווען זיך אוועקצוזעצען ביים טיש און אָנגיסען די אמת הייסע, שטאר־קע, גלעזער טעה, וואָס שמעקט אזוי מחיה׳דיג גוט.

אין דער צייט וואָס דער עולם פלעגט זיך היצען, איז זינא בערמאן געזעסען מיט פארלעגטע הענט אויפ׳ן הארצען און אויפמערקזאם זיך צוגעהערט. פארשטאנען האָט זי גאנץ ווייניג, און די פראגען אליין האָבען זי ווייניג וואָס אינטע־רעסירט. עס איז איהר אָבער געווען אָנגענעהם צו זעהן, ווי איהר מאן קאָכט זיך. זי האָט מיט פארגעניגען זיך צוגעהערט צו די ווערטער, וואָס זיינען פון זיין מויל ארויסגעקומען אזוי שארף, אזוי קלינגענדיג. דאָס הארץ האָט איהר געצאפעלט פאר פרייד, זעהענדיג, ווי אלע הערען זיך צו צו איהם מיט אזוי פיל אכ־טונג. אין אזעלכע מאָמענטען, האָט זי ערשט ריכטיג געקענט אָפ־שאצען זיין גרויסקייט, זיין גייסטיגע הויך. און זי האָט חרטה געהאט אויף די שלעכטע געפיהלען, וואָס זי טראָגט טיף ביי זיך אין הארצען....

דאָס וואָס זי רעדט ניט אין דער גאנצער צייט פון געשפרעך, האָט איהר ניט געאַרט. פון שטענדיג איז זי געוואוינט געווען צו אזא באציהונג. זי האָט אפילו געגלויבט, אז פאר איהר, אלס יונגער און שעהנער פרוי, איז ניט גאנץ אנשטענדיג צו מישען זיך אין די אלע זאכען, וואו מען איז אזוי ניט איידעל, וואו מען איז אויפגערעגט און בייז. עס איז איהר שטענדיג געווען אומאנגע־נעהם צו זעהן, ווי פרויען מישען זיך אין די פארוויקעלטע געזעל־שאפטליכע פראגען, ווי זיי קוויטשען און זיי ווערען רויט פאר אויפרעגונג. זי איז זיכער געווען, אז די מענער געפעלט עס אויך ניט, אז צווישען זיך לאכען זיי, שפאָטען פון אזעלכע ווייבער.

— מאדאם בערמאן, ביטע גיט מיר נאָך א גלעזעלע טיי, מיט איהם, מיט אייער מאנדעל, דורכשמועסען זיך, ווערט טרו־קען אין האלז.

אזוי פלעגט מען זיך צו איהר ווענדען מיט שפאס, שטיל צוטרויליך, ווי צו א קליין קינד. אָבער דאָס האָט איהר ניט גע־קימערט. פארקעהרט, טיף ביי זיך איז זי צופרידען געווען. זי האָט געוואוסט, אז זי איז שעהן און אנציהענד, אז זיי באטראכטען זי אָפט בגנבה און דאָס האָט זי געפרעהט.

אָבער מיט אמאָל פלעגט זיך דאָס גאנצע בילד בייטען. עמיצער גיט א זאָג:

— קומט זיך דורכגעהן אביסעל. זעהט ווי שעהן עס איז. מיר וועלען דאָך פארזעסען ווערען.

— ניט קיין שלעכטער פּלאן — כאפּט דער איבעריגער עולם אונטער. — וואָס זאָגט מאדאם בערמאן? — און אלעמענס אוי־גען שטעלען זיך אויף איהר אָפּ.

— איך ווייס? וואָס זאָגט בערמאן? — ענטפערט זי, קאָקעטיש אויסגלייכענדיג די גלידער, — וואָלסט זיך וועלען דורכגעהן?

דאָס קליין מענשעלע פארקלייבט זיך אין א ווינקעל און שווייגט. פאר דער גאס האָט ער געפיהלט א שוידער. ווי נאָר מען האָט גענומען ריידען וועגען א שפּאציר, האָט ער דערשפּירט א קעלט, דאָס הארץ האָט איהם א ציטער געטאָן. ניט געהן האָט ער אָבער ניט געקענט. מיט דעם אינסטינקט פון א הונט, וואָס האָט מורא אָפּצולאָזען דעם בעל־הבית, האָט ער מורא געהאַט אָפּצולאָזען פון זיך די יונגע פרוי זיינע. דער געדאנק אליין, אז זי וועט געהן אָהן איהם, לאכען, ריידען, דערצעהלען פאר אנדערע, האָט איהם געמאכט ציטערען דאָס לייב. און ער איז געגאנגען. מיט יסורים אין הארצען געגאנגען.

— קום, מיין טהייערער, מיר'ן זיך דורכגעהן א ביסעל — זאָגט זי צו איהם מיט אן אונשולדיגען פנים.

— אויב דו ווילסט, לאָמיר געהן, — ענטפערט ער, און דערביי זוכט ער אויסצומיידען איהר בליק.

ווי מען איז נאָר אין גאס ארויס האָט מען אָן איהם פאר־געסען. די לופט, דער רויש, די מחנות פארבייגעהער האָט זייער אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען. מען האָט געמאכט באמער־

קונגען, געשטיפט און הויך געלאכט. יעדער האט זיך געזוכט צוצו־שארען צו זינא׳ן. עס איז יעדען געווען אנגענעהם צו געהן נעבען איהר. זי איז געווען אזוי שעהן, אזוי לויטער, אז די פארבייגע־הער פלעגען זי אנקוקען מיט ענטציקונג. ווי הויך, ווי גראציעז זי איז געווען; ווי שטאלץ זי האט איהר פראכטפאלען קאפ געטרא־גען.

אין דער צייט האט זי אפילו קיין קוק ניט געטהאן אויפ׳ן מאן. זי האט זיך געמאטערט צו זיין פון איהם וואס ווייטער. דער געדאנק, אז די פארבייגעהער, וואס קוקען אויף איהר מיט אזוי פיל באוואונדערונג, קענען פארשטעהן, אז דאס קליין מענשעלע מיט׳ן בלאסען פנים און מיט דער קרומער פלייצע האט עפעס א שייכות צו איהר, האט זי געמאכט שווינדלען. איהר האט זיך אלץ געדאכט, אז ער איז צו נאהענט צו איהר. זי האט איהם געפיהלט הינטער זיך, און זי האט געמאכט גרויסע טריט, כדי צו זיין וואס ווייטער, ווייטער פון דער קליינער פיאווקע וואס האט זיך אין איהר איינגעגעסען און וויל ניט אפטרעטען. מיט אן אינטימען שמייכעלע האט זי ארייגעקוקט אין די אויגען פון דעם, וואס איז ביי איהר זייט געגאנגען. זי האט געמאכט אזוי, אז ס׳זאל איסזעהן וואס נעהנטער, נאטירליכער, קיינעם זאל ניט איינפאלען, אז איהר מאן איז ניט דער, נאר יענער פאר־זעהעניש. און דאס הארץ האט איהר געציטערט פאר פרייד, אז זי האט באמערקט, דאס עמיצער ווארפט א בליק אויף איהר און נאכדעם אויף דעם צו וועמען זי רעדט. זי איז זיכער געווען, אז מען דיינקט דאס דער איז איהר מאן און מען איז איהם מקנא, מען פארגינט איהם ניט. מען לאכט אבער ניט, מען מאכט ניט קיין חוזק הינטער איהר פלייצע. נאר זי האט זיך אלץ ניט גע־פיהלט פריי גענוג: צו נאהענט איז ער, דער קלייניקער, נעבען איהר. זי פיהלט זיינע טריט. ער קוקט געווים אויף איהר, און איהם קען נאך איינפאלען זי א רוף צו טאן. דערפאר האט זי זיך געשראקען. זי האט געצויגען דעם באגלייטער פאר׳ן ארבעל; זי האט זיך געאיילט, געפלאטערט, געציטערט, און דערביי גע־לאכט, געשמייכעלט מיט אזא פריידיגער מינע, עפעס אזוי ווי די גאנצע וועלט וואלט איהרע געווען.

בערמאַן, כאָטש ער האָט זיך געהיט ניט צו קוקען אויף איהר, האָט אַלעס געזעהן. ער האָט פאַרשטאַנען און געוואוסט וואָס זי טראכט. ער האָט זיך דערזעהן דערנידעריגט, אַראָפּגעפאַלען. ער האָט זיך געשראָקען פאַר איהר. זי האָט זיך איהם אויסגעוויזען פרעמד און ווייט. עפּעס האָט זיך איהם גאָר ניט געגלויבט, אַז דאָס איז די זעלבע, וואָס ער האָט אין אָרעמס געהאַלטען, צום האַרצען געדריקט. ניין, דאָס איז ניט די, ניט דער זעלבער מענש.

ווי אַ קליין, דערשראָקען הינטעל איז ער נאָכגעלאָפען דעם פרעהליכען עולם. דער פּנים איז איהם געווען אויסגעקרימט פאַר וועהטאָג. דער אָטהעם איז איהם געווען קורץ פון געהן צו גיך; ער איז געווען אָהן קרעפטען, און עס האָט זיך איהם געגלוסט אויסשרייען: קומט אהיים, איך קען מעהר ניט, גענוג פאַר מיר! ער האָט עס אָבער ניט געטהאָן. פאַרקעהרט, מען האָט נאָך געשריען אויף איהם:

— בערמאַן, וואָס איז מיט אייך, וואָס שטעהט איהר אָפּ? קומט שנעלער!

ער האָט געוואוסט אַז דאָס זאָגט מען פון יוצא וועגען. זיי אַלעמען איז פיל אנגענעהמער אָהן איהם; זיי שפּירען דאָך אַלע צו איהם דעם זעלבען עקעל; זיי שעהמען זיך מיט איהם. זיי זיינען עגאָאיסטען; געמיינע, פאַלשע, מענשעלעך. אָה, ווי ער האָט זיי געהאסט!

* * *

נאָך אַזאַ שפּאַציר פלעגט דאָס פּאָרעל ניט ריידען אַ פּאָר טעג. ביידען איז געווען שווער און אומאַנגענעהם צו באַגעגענען זיך מיט די בליקען. ביידע האָבען געפיהלט אַזוי ווי זיי וואָלטען אָפּגעטאָן אַ מיאוס'ע זאַך. מען איז געלעגען אין באַזונדערע ווינ־קעלעך, אָנגעצויגענע, ברוגז'ע. נאָר באַלד האָט דאָס גלעקעל אָנ־געפאַנגען הויך צו שרייען, אַ סימן אַז עס קומען געסט, עס האָט זיך פערוויקעלט אַ געשפּרעך, מען האָט זיך צושריען, געטומעלט, געליארעמט, און ווידער געגאַנגען שפּאַצירען...

אָט אַזוי האָט זיך געצויגען אָהן אַ סוף דאָס לעבען פאַר די צוויי אומגליקליכע מענשען.

# ער קומט

דער טאַטע איז אַהיים געקומען, אַריין צו זיך אין חדר און איז צוריק אַרויס.

מאַמע האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם מיט וואונדער: עס איז ערשט מאָנטאָג, אַזוי ווייט צו שבת, און דער פנים זיינער איז געווען באַלויכטען, די קנייטשען פאַרשוואונדען און די אויגען האָבען געשטראַהלט מיט שמחה.

— ווערסט זיך וואַשען? — האָט די מאַמע אַ פרעג געטאָן.

— ניין, איך אייל זיך! וואַרט ניט אויף מיר — האָט דער פאָטער געענטפערט און איז אַוועק.

אַ היבשע ווײַלע איז דער זעקס-יעהריגער אינגעל געשטאַנען אין מיטען שטוב, געקוקט אויף דער מוטער און געוואַרט זי זאָל איהם עפּעס דערצעהלען. אָבער זי איז געזעסען מיט דעם זאָק אין האַנט און ניט אויפגעהערט צו פּרעפּלען מיט די ליפּען. מאַמע האָט געפיהלט, אַז עפּעס קומט דאָ פאָר וואָס מען וויל איהם ניט זאָגען, און זיין האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט צום וויינען. איז צוגעקומען צו דער מוטער און באַהאַלטען זיין פנים ביי איהר אין שויס.

— וואָס איז דיר, מיין זוהנעלע? טוט דיר עפּעס וועה? — האָט ער דערהערט איהר קול.

— וואו איז דער טאַטע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ וויינענדיגען קול.

— ער איז אַוועק צום גבאי. דער משולח דאַרף קומען.

איצט איז איהם אַלץ קלאָר געוואָרען. עטליכע טעג, אַז מען האָט אָפּגערעדט וועגען חאַצקל'ען, און יעדעס מאָל וואָס מען האָט דעם נאָמען דערמאָנט, האָבען אַלע אַזוי גוט און פריינדליך געשמייכעלט. אָבער אַז חאַצקעל זאָל קומען צו זיי אין שטעדטעל

אין סאמע מיטען ווינטער, ווען מען קאָן העם נאָך ניט ארויס־שטעקען אין דרויסען, דאָס האָט מאָטקע ניט געוואוסט.

— ער עט דאָ עך זיין? — האָט ער געפרעגט קוקענדיג דער מאַמע'ן אין די אויגען.

— ניין, ער וועט איינשטעהן ביי ר' שמשון'ען. נו, געה שפּיל זיך. איך דאַרף שטריקען די זאָק.

נעהמען זיך פאַר די שפּילעכלאַך האָט מאָטקע ניט געקאָנט. וואָרים ער האָט באַמערקט, אַז אין שטוב, וואו עס איז געווען אַזאַ לאַנגע צייט טונקעל און אומעדיג, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ לוי־טערקייט. עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט פלוצלונג פון וואַנען ניט איז אַראָפּקומען אַ יום־טוב. די גאַנצע לופט איז פול געוואָרען מיט וואַרימקייט. און אַ פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ. ער האָט זיך ארויפגעקליבען אויפ'ן באַנק און גענומען ארויסקוקען אויפ'ן גאַס. די שויבען זיינען אָבער געווען באַדעקט מיט אַ דיקער הויט פון אייז, וואו עס זיינען געוועז אָנגעמאָלט בלומען, צווייגען פון בוימער און אַלערליי מענשעלאַך, מיט וועמען מאָטקע האָט אָפט גע־פיהרט געשפּרעכען. נאָר איצט האָבען זיי איהם פאַרשטעלט. ער האָט געוואָלט ארויסקוקען אויפ'ן גאַס, און האָט מיט די דינע פינגער גענומען קראַצען דאָס אייז, הויכען און שפּייען כדי זיך צו דערשלאָגען כאָטש אַ קליין פינטעלע פון וואַנען ער זאָל זעהן דעם דרויסען. דאָס האָט זיך איהם אָבער ניט איינגעגע־נעבען. און פאַר גרויס כעס האָט ער אָנגעהויבען אויסציהען די אונטערשטע ליפּ...

— מאַמע, איך וויל זעהן! — האָט ער אויסגעשריען מיט טרערהען אין קול.

— קיק! ווער לאָזט דיך ניט? — האָט די מוטער גלייכ־גילטיג געענטפערט.

— איך קאָן ניט! עס איז פאַרפראָרען.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן, מיין קינד, אַז נאָט שיקט־אָן אַזעלכע פרעסט? קום בעסער צו מיר, וועסטו זיך אָנוואַרימען.

— איך וויל זעהן! — האָט ער אויסגעשריען און אָנגע־פאַנגען וויינען.

די מוטער איז צוגעקומען מיט א מעסער, אפגעקראצט דאס אייז אזוי, אז עס האט זיך ארויסגעזעהן א שטיקעל שויב.

דאס האט מאטקע'ן שטארק דערפרעהט, און כאטש א טרעהר איז נאך געשטאנען אין מיטען פון דער לינקער באק, האט ער אבער אנגעהויבען פאטשען מיט די הענט. ער איז צוגעפאלען מיט'ן נאז צום קאלטען גלאז און ארויסגעקוקט אויף די בערג שנעע, אויף די ווייסע דעכער און אויף די בוימער וואס האבען זיך אריבער־געדעקט מיט א ווייסען פעלץ. די ווייסקייט האט איהם פאר־בלענדט, און עס איז געווען גוט. איצט האט ער געזעהן, אז די יום־טוב'דיגקייט איז ניט נאר אין הויז, נאר אז דער הימעל, אז די איינצעלנע אפגעריסענע ברעקלאך וואלקען, וואס זיינען גע־האנגען אין דער הויך, זיינען געווען פול מיט יום-טוב און לוס־טיגקייט.

— מאמע, ווי וויזט ער אוים? — האט ער פלוצלונג א פרעג געטאן.

— ווער?

— ער!

— וועמען מיינסטו?

— דער משולח. האסט איהם געזעהן?

— יע, מיין קינד. דעם ערשטען יאהר נאך אונזער חתונה איז ער געווען ביי אונז אין הויז. זאל איהם גאט געבען לאנגע יאהר. ער האט דאך אזוי האלט דיין טאטען!

עס האט אנגעהויבען טונקעל ווערען. דער פראסט האט זיך געשטארקט. פון צייט צו צייט האט זיך דערטראגען א קנאקען— א סימן, אז עפעס האט געפלאצט. דער הימעל אין מערב איז געווארען העל באלויכטען. דארט האט זיך גענומען אראפ־רוקען די זון. דער שנעע, די דעכער און די ווייסע שפיצען פון די בוימער האבען אנגעפאנגען גלאנצען און פינקלען.

צום וואלד האט זיך א לאז געטאן א סטאיע וואראנעס, וואס האט פארהילכט מיט איהרע קולות די פראסטיגע לופט. לייכט און זאכט האבען זיך די וואראנעס געטראגען, פאכענדיג מיט די

שווארצע פליגלען, און געדאכט האט זיך דעם קינד, אז דאס הערט ער אין זייער געשריי די בשורה: „ער קומט! ער קומט!"

דער מערב האט געברענט פון די לעצטע זונען־שטראהלען. די שטוב איז אנגעפילט געווארען מיט שאטענס, וואס האבען פארוויקעלט די מוטער אזוי, אז ער האט זי מעהר ניט געזעהן. דורך דער שטילער לופט האט זיך צו איהם דערטראגען בלויז איהר שעפטשען.

די זון איז איינגאנצען פארשוואונדען. דורך דעם קליינעם רעדעלע אין דעם אייז האט מאטקע געזעהן די ערשטע שפורען פון דער לבנה, וואס איז אזוי ווי בגנבה ארויסגעקראכען פון איהר באהעלטעניש. עס איז געוועזן מורא׳דיג שטיל, אזוי ווי מען וואלט איינגעהאלטען די אטעמס און געווארט אויף עפעס זעהר וויכטיגעס.

פלוצלונג האט זיך דערטראגען א הויכער פייפען.

— דאס קומט ער מיט׳ן פאיעזד — האט די מוטער געזאגט אפציהענדיג שטארק דעם אטעם.

דורך דעם פארצויגענעם פינטעלע האט מאטקע געזעהן, ווי די פענסטער פון דעם אלטען מנין זיינען געווארען שטארק ליכטיג, און א גרויסע ביז איצט אומבאוואוסטע פרייד האט דורכגעצוקט זיין לייב. די וואך איז פארשוואונדען, און עס איז פיל געווארען די לופט מיט יום־טוב און פרייד...

# פון פריהלינג ביז הערבסט

אונטער׳ן דינעם ווענטעל, וואָס האָט אָפּגעצאַמט מיין חדר׳ל פון אַ צווייטען, האָט זיך איינמאָל, צו מיין גרויס איבערראַשונג, דערהערט אַ שטילער געשפּרעך פון אַ מאַן מיט אַ פרוי. איך האָב אַזש אַ ציטער געטאָן פון איבערראַשונג.

פאַר דער צייט וואָס איך האָב אין דער דירה געוואוינט האָט זיך קיין מאָל פון יענעם צימער קיין שאָרך ניט געהערט. עס איז דאָרט אימער געווען שטיל, פאַרגליווערט רוהיג. די ערשטע צייט האָט עס מיך געדריקט. עס פלעגט מיר ווערען אונהיימליך אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען מיין חדר׳ל איז געווען האַלב באַלויכטען פון דעם שוואַכען, צאַנקענדיגען לעמפּעל אַזוי, אַז די גרעסטע טייל פון די ווענט און באַלקען זיינען פאַרבליבען אין האַלב דונקעלהייט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אימיצער שטעהט דאָרט הינטער די ברעטער און קוקט מיר נאָך מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. אָפט, גאַנץ אונערוואַרטעט, פלעג איך אויפשפּרינגען פון אָרט, צולויפען צום וואַנט און צולעגען דעם אויער — אפשר וועל איך אויפכאַפּען אימיצענס אָטעם... נאָר עס איז נעווען שטיל.

דאָס אַלץ איז גיך איבערגעגאַנגען. מיינע פאַרמאַטערטע נערוועען האָבען זיך אין דער שטילקייט אָבגערוהט. איך בין געוואוינט געוואָרען צו אַלץ, וואָס אַרום מיר, און האָב זיך פראַנק און פריי אָוועקגעטראָגען אין מיין אייגען וועלטעל... נאָר פּלוצלינג האָב איך אָט דאָס שטילע שעפּטשען דערהערט.

דאָס איז געווען אין אָנפאַנג פריהלינג. אַ גאַנצען טאָג האָב איך אַרומגעבלאָנקעט אין די גאַסען, זיך געריבען צווישען מענשען און זיך באַרוהיגען ניט געקענט. פאַר לאַנגע, לאַנגע וואָכען האָב איך אַזאַ זון ניט געזעהן, אַזאַ וואַרימען לאַשטשענדען ווינטעל ניט געפיהלט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ שווערע משא, וואָס איז

געלעגען אויף מיינע אקסלען, איז פלוצלינג אראבגעפאלען. עס האט זיך געוואלט לאכען און שטיפען. אט אזוי האב איך ארומ־געוואנדערט א גאנצען טאג ביז שפעט אין אבענד. עס האט זיך ניט געוואלט געהן אהין, אין די שטילע טונקעלע ווענט, וואו איך האב אזוי פיעל איינזאמע מינוטען אריבערגעלעבט.

און דא הער איך שטימען! איך בין ווי א פארגליווערטער געווארען. מיט ברייט געעפענטע אויגען האב איך זיך ארומגע־קוקט אויף אלע זייטען. מיר האט זיך גערואכט, אז איך זעה אן ענדערונג אין עפעס. אבער אלץ איז געלעגען אויפ'ן ארט. קיינער איז ביי מיר ניט געוועזען און ניט געקענט זיין. די טיר איז געוועזען פארשלאסען מיט א שטארקען שלאס. טא וואס האט דא אזוינס פאסירט?

א קליינע ווײלע איז דארט געוועזען שטיל. קענטיג, אז יענע דארט, האבען זיך דערשראקען פון מיין פלוצלינגען אריינקומען און האבען די אטעמס איינגעהאלטען. מיר האט זיך גערואכט, אז איך זעה, ווי זיי דארט, קוקען זיך איבער מיט וואונדער; די אונטערשטע ליפ איז ביי איהר פארביסען און דער שטער־רען איז איינגעקנייטשט. יע, דאס האב איך כמעט אזוי ווי גע־זעהן, און עס האט מיר פארדראסען. מיר האט זיך געוואלט א זאג טאן הויך:

— שעהמט זיך ניט, חברה, רעדט, לאכט וויפיעל אייער הארץ גלוסט. דאס איז ניט קיין בער. שרעקט זיך ניט.

געזאגט האב איך דאס ניט. נאר איך האב גענומען ארומ־שפאנען הין און צוריק און געברומט א שטילען ניגון. דער טאג, דאס געהן, די זון, דער הימעל — דאס אלץ האט מיך נאך בא־הערשט. א שטילע פרייד האט מיך ארומגענומען: עס געהט א זומער, זונען־שיין, ווארימקייט און בליהונג. אבער מעהר פון אלץ האט אויף מיר געווירקט די נאהנטע אנוועזענהייט פון לע־בעדיגע מענשען. אין יעדען ווינקעל, אין דער לופט, האט זיך געפילט זייער נאהנטקייט.

זיי האבען ווידער אנגעהויבען ריידען, שטיל, זעהר שטיל. איך האב אנגעשטרענגט מיין אויער אויפצוכאפען זייערע שטי־מען, צו דערקענען, אויב זיי זיינען נאך יונג. אבער דאס האט זיך

מיר ניט איינגעגעבען. ביידענס שעפטשען האט זיך צוזאמענגע־נאסען אין איינעם און געטראגען זיך אהן אויפהער, אבער עס איז געווען גוט. זעהר גוט. מיר האט זיך געדאכט אז איך הער ארום זיך דאס פליסטערען פון בלעטלאך, יונגע, גרינע, זאפטיגע בלעטלאך.

און אז איך בין שוין געווען אויף מיין הארטען איינזאמען געלעגער און איינגעזונקען אין א לייכטען דרעמעל, האב איך נאך אלץ געהערט דאס אונאויפהערליכע פליסטערען. און געדאכט האט זיך מיר, אז איך הער א שטילע, זאנפטע שטימע זאגען צו מיר:

— שלאף מיין קינד, שלאף רוהיג.

* * *

געזעהן האב איך זיי ניט. מיט די ערשטע שטראהלען פון דער זון פלעגען זיי ביידע פארשווינדען. עס איז ווייטער געווען שטיל, פארגליווערט, אומעטיג און דריקענד. דאס האט מיך אויפ־געזעגט. מיר האט זיך געדאכט, אז אימיצער האט מיך פארלאזען, צוגענומען עטוואס, וואס איז מיר טייער. מיט דער גרעסטער אונגעדולד האב איך געווארט אויף זייער צוריקקומען. ווי שווער די שטונדען האבען זיך עס געשלעפט, ווי לאנגזאם מיין זייגער האט עס זיין טיק־טאק געקלאפט.

אז איך פלעג זייער אנקומען דערהערען, פלעגט מיין הארץ אנהויבען טאנצען פאר פרייד. איך פלעג דעם בוך פון האנט ארויסלאזען און אנגעשטרענגט הערען זייער שטילען מורמלען.

וואס ווייטער איז מיין אויער אלץ שארפער געווארען. איצט האבען זיך דערטראגען שארפע קלאנגען. איך האב שוין דייטליך געקאנט אונטערשיידען צווישען זייערע שטימען און האב אנגעהויבען נעהמען אן אנטייל אין זייערע פלענער:

ליעבען וועלען זיי זיך אייביג, טריי, קיינמאל ניט זיין אין כעס, ניט זארגען וועגען דאס שטיקעל ברויט, אלץ צונעהמען פאר גוט און קיינמאל ניט מאכען קיין שריט איי־נער אהן דעם אנדערען.

און אבער און ווידער פלעג איך הערען איבער'חזר'ן די פראגע:

— האסטו מיך אין דער אמת'ן האלט?

— אהן א ברעג האלט.

— און שווערסטו אייביג מיך אזוי ליעב צו האבען?

— אייביג, מיין טייערע.

און דאן פלעגען זיך זייערע ליפען צוזאמענגיסען אין איין לאנגען קוש, א שטילען, פארזיכטיגען קוש. אבער איך האב געהערט, און מיין הארץ האט דעמאלט אזוי געצאפעלט, מיין בלוט איז אזוי האסטיג געלאפען דורך די אדערען.

אין יענער צייט איז שוין געווען רעכטער פריהלינג: די בוימער זיינען געווען באצויגען מיט ווייסען פוך, פון בייזען ווינטער איז אפילו קיין סימן ניט געבליבען, אלץ האט זיך געצויגען צו דער זון, צום לעבען, צו פרייד.

* * *

זומער־צייט, אין די רעכטע היצען, האבען זיך זייערע געשפרעכען שארף געענדערט:

— מיר איז שווער די ארבייט. איך וואלט זיך אזוי וועלען אפרוהען, פאהרען ערגעץ. — אין איהר שטימע האט זיך געהערט א וועהטאג.

— ווי קאנען מיר זיך עס ערלויבען? ווייסטו דען ניט, ווי ווענינג איך פארדין? — אין זיין שטימע האט געקלונגען הילפלאזיגקייט.

— אבער מיט וואס בין איך ערגער פאר אנדערע? אלע פאהרען.

מיר קאנען זיך צו זיי ניט גלייכען. זיי פארדינען גוט.

נאכדעם פלעגט מען שווייגען, ניט אויסריידען קיין ווארט. א פאר מאל האב איך געהערט איהר שטילען געוויין. אבער דאס איז פארט געווען זעלטען. מעהרסטענס האט זיך געטראגען דאס שטילע שעפטשען און די פארזיכטיגע קושען. ניט איין מאל האב איך איהם געהערט זאגען מיט צערטליכקייט:

— ווארט נאך א פאר יאהר, מיר וועלען צונויפזאמלען אביסעל געלד, דאן וועסטו שוין ניט דארפען ארבייטען.

— ניין, ניין, מיין טייערער. איך וועל ניט לאזען זאלסט אליין הארעווען. איך וועל דיר שטענדיג העלפען, — איז געווען איהר ענטפער.

אבער געקרינגט האבען זיי זיך אויך. און וואס ווייטער אלץ אפטער.

— פארוואס בין איך אזא געשטראפטע ? אפילו קיין רעכט קליידעל האב איך ניט. הארעווע איך דען ניט ?

— עה, דיר דאכט זיך נאר אזוי. געהסט ניט ערגער פאר אנדערע. גלאט אויסגעבען געלד אויף גארנישט...

— נא, זעה, איז דאס א קלייד אויף ארויסצוגעהן צווישען מענשען ?

— זעה מיינע שיך, ווי צוריסען זיי זיינען. האב איך דען ניט באדארפט קיין נייע קויפען ?

אט די קליינליכע געשפרעכען זייערע האבען מיין לעבען פאר׳-סם׳ט. איך האב ניט געקאנט אריבערטראגען זייער פאלשקייט. אקארשט ערשט האבען זיי זיך געשווארען אייביגע ליבע, און שוין קלינגען זייערע שטימען אזוי הארט און אזוי בייז.

זייער כעס האט לאנג ניט אנגעהאלטען, — און ווידער פלעגט זיך זעהר שטילער שעפטשען אנהויבען ציהען און מורמלען, ווי א ריין, קלאר וואסער׳ל...

* * *

נאכדעם איז געקומען דער הערבסט, רעגענדיגע טעג און נעכט און אן אייביג פארוואלקענטער הימעל איז געהאנגען איבער׳ן קאפ און געדריקט דעם מארך. די גאנצע לופט איז פול געווען מיט רעגען־טראפענס, וואס האבען דורכגענומען די ביינער און געמאכט ציטערען דאס לייב. גאנצע טעג בין איך געלעגען אין הויז אויף מיין הארטען געלעגער. א בלייענע מידקייט האט מיך געדריקט און פארטריבען יעדען געדאנק פון מח. מיין קליין צימער׳ל איז, דאכט זיך, נאך קיינמאל אזוי חושך׳דיג, אזוי אומעטיג ניט געווען. און אפט אזוי ליגענדיג מיט פארמאכטע אויגען, מיט׳ן פנים ארויף, פלעגט זיך מיר דאכטען, אז איך בין טויט און דאס ליג איך אין מיין ענגען קבר.

נאר אין א ווינקעלע פון מיין מארך האט א גאנצען טאג גע־בוירעט איין געדאנק :

— זאלען זיי שוין קומען, גיכער קומען.

אבער פרייד האבען זיי מיר שוין איצט זעלטען געבראכט. שטונדען נאכאנאנד האט זיך איהר שעפטשען געהערט. שנעל, גיך האבען זיך איהרע ווערטער געשאטען, באגלייט מיט א שטי־

לען שיפען. און גערעכט האָט זיך מיר, אַז דאָס הער איך נאָך אַלץ דעם קלאַנג פון די רעגען־טראָפּענס אויף די שויבען.

— וואָס קימערט עס דיך, אַז איך וועל זיך פאַרקיהלען און אוועקשטאַרבען. ווערסט דען קיין אַנדערע ניט קריגען ?

— הער אויף, איך בעט דיך, הער אויף.

— פאַרוואָס זאָל איך אויפהערען ? וואָס שרעקסטו מיך ? פאַרדיין איך דען ניט פאַר זיך ?

— פאַרדין ניט, ווער בעט דיך.

— וואָס דען, דו ווערסט עס אַלץ אין הויז אַריינבריינגען ?

לאַנג, אָהן אַ ברעג, האָבען זיך איהרע ווערטער געשאָטען. אין מיר פלעגט אויפפלאַקערען אַ העלישער כעס. מיר האָט אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט און ס׳האָט זיך געוואָלט אַ געשריי טאָן :

— שווייג, אום גאָטעס ווילען ! שווייג, לאָז זיך אָפּרוהען איין מינוט !

אַמאָל, ניט קענענדיג זיך באַהערשען, פלעג איך אָנהויבען ברומען, זיך ווארפען. איך האָב געפיהלט, ווי דער מאַרך ברענט מיר. אָבער זי האָט מיר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשאָנקען. איהר שעפּטשען האָט ניט אויפגעהערט. עס האָט זיך געצויגען אָהן אַ סוף.

און דאָך האָב איך אויף זיי אַ גאַנצען טאָג געוואַרט מיט אונגעדולד. איך האָב זיך ניט געקענט העלפען : אויפ׳ן גאַס איז געווען הערבסט און אין שטוב אַזוי דריקענד, אומעדיג.

# מאַקסי׳ס אַ פריהמאָרגען שפּאַציר

(אַ בילד פון קינדערשען לעבען)

אין דעם שטילען, דונקעלען און אין שלאָף־פאַרזונקענעם צימער האָט זיך אַ זון־שטראַהל אריינגע׳גנב׳עט, האָט זיך אויסגע־צויגען אויפ׳ן דיל און איז געקראָכען ווייטער, ביז עס איז צוגע־קומען צו מאַקסי׳ס בעטעל. עס האָט מיט ליבשאַפט זיך אַוועק־געלעגט אויפ׳ן פרישינקען פנימ׳על פון דעם אַכצעהן־חדשים׳דיגען בחור׳ל, האָט באַפארבט דאָס ראָזעווע לייב מיט אַ גאָלד־קאָליר און גענומען וואַרימען, לאַשטשען יעדען גליד זיינעם.

מאַקסי האָט פון שלאָף געפיהלט, אַז עפּעס גלעט איהם און אַז אין די אויגען שימערט וואָס ניט איז. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז די מאַמע, וואָס שטעהט איבערגעבויגען איבער זיין בעטעל, און דאָס פיהלט ער די וואַרימקייט פון איהר ברוסט. ער האָט צופרידען אַ לאַך געטאָן. אָבער באַלד האָט זיך אַ פאַר־דאַכט גענומען אריינקלייבען אין זיין פאַרשלאָפענעם מוח׳ל: ער האָט געעפענט די אויגען און דערזעהן, אַז זי האָט איהם ווידער אָפּגענאַרט: שטילינקערהייד האָט זי זיך פון איהם אָפּ־גע׳גנב׳עט. ער האָט ארויסגעלאָזט אַ הילכיגען געשריי:

— מאַמע, מאַ־אַ־אַ־מע!

אַ גאַנצע נאַכט אין שלאָף האָט ער געשפירט איהר נאָהענט־קייט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער פיהלט די וואַרימקייט פון איהר קערפּער אויף זיך. ער געדענקט, ווי זי איז געזעסען נעבען זיין בעטעל, איהם געוויגט, געזונגען אַ לידעל און זיך געבעטען: „שלאָף שוין אַמאָל, מאַקסי, שלאָף״.

עס האָט איהם אָבער ניט געלאָזט איינליגען. עס איז איהם באַפאַלען אַ חשק זיך צו קייקלען, ייאַרפען און מאַכען קונצען. ער איז אַלע ווילע אויפגעשפּרונגען אויף זיינע גאָך ניט גאַנץ

שטאַרקע פּיס. זי איז איהם אָבער בייגעקומען, די מאַמע. זי האָט איהם אַוועקגעלעגט, איינגעדעקט און זיך אַריבערגעבויגען איבער איהם, צוגעטוליעט איהר וואַרימע ברוסט צו זיין פּנים. דאָס האָט איהם גאָר פאַר'שיכור'ט. ער איז פּלוצים איינגע־שלאָפען, און אָט האָט זי איהם אָפּגענאַרט.

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער געברומט מיט אַן אויסגע־צויגענעם קול, און דערביי רחמנות'דיג געקרימט דאָס פּנים און קאַלופּעט מיט אַ פינגער די פּלאַטשיגע נאָז.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופען. פּאַפּאַ איז געלעגען מיט דער אָפענער שטאַרק־באַוואַקסענער ברוסט, איין האַנד פאַרוואָרפען אונטער'ן נאַקען און די אַנדערע אויפ'ן האַרצען; דאָס מויל איז ביי איהם געווען האַלב־אָפען. ער האָט זיך פון אָרט ניט גע־ריהרט. די מאַמע האָט זיך גאָר ניט אָנגעזעהן: זי איז איינגאַנ־צען פאַרשוואונדען אונטער דער דיקער קאָלדרע; פון וואַנען עס האָט זיך נאָר אָנגעזעהן אַ קיילעכדיגער בערגעל. מאַקסי וואָלט ניט זיכער געווען, אַז דאָס איז זי, ווען ניט די מאַסע פעך־שוואַרצע האָר וואָס זיינען צושאָטען געווען איבער'ן קישען. ער האָט זיי דערקאַנט — דאָס איז באַשטימט דער מאַמע'ס האָר.

מאַקסי'ן האָט שטאַרק פאַרדראָסען, וואָס זיי רופען זיך ניט אָפּ. ער וויים, אַז דאָס מאַכען זיי זיך. אַלע מאָל טוען זיי איהם אָפּ דעמזעלבען שפּיצעל: ליגען מיט פאַרמאַכטע אויגען און ווילען איהם צו זיך ניט נעהמען. ער האָט ווייטער געצויגען מיט אַ רחמנות'דיגען קול:

— מאַ־מאַ, מאַ־מאַ.

צום סוף האָט דאָס איהם דערעסען. ער האָט מורא געהאַט, דער פּאַפּאַ זאָל זיך אָקאָרשט ניט צושרייען. דערפאַר האָט ער זיך שטאַרק געשראָקען. ער געדענקט גאַנץ גוט די שמיץ אין הינטער־חלק... ער איז אַזאַ מאָדנער פּאַפּאַ: זעלטען איז ער אין דער היים, און אַז ער קומט אין די אָוועגדען, כאַפּט ער איהם אַרויף אויף די הענד, הויבט איהם הויך, הויך, אַז עס שווינדעלט אַזש אין די אויגען. ער קושט איהם אין די באַקען, ער שליידערט איהם הין און הער און לאַכט אַזוי פרעהליך. אַן אַנדערש מאָל ווערט ער פּלוצים בייז, טופּעט מיט די פיס, דאָס פּנים ווערט איהם

רויט, די אויגען גרויס, און ער שרייט מיט רציחה. מאקסי דער־מאַנט זיך דאָס אַלץ און וואַרפט אַ קרומען קוק אויפ׳ן פּאַפּאַ.

ער קוקט מיט בענקשאַפט אויפ׳ן קיילעכדיגען קנויל. איהם ציהט די וואַרימקייט פון איהר קערפּער. עס גלוסט זיך איהם שטאַרק צוטוליען צו איהר. אָבער עס איז ווייט צו איהר. זיין בעטעל שטעהט אָפּגערוקט פון איהרער. דערצו איז עס אַרומגע־צאַמט מיט אייזערנע דראָטען, און ער פיהלט זיך ווי אַ געפאַנגענע חיה׳לע.

אָבער זיצען לאַנג אויף איין אָרט קען ער ניט. עפּעס הויבט איהם אין דער לופטען, עס ווילט זיך איהם באַוועגען, טאַנצען. די אויפגעוואַכטע בלוט זידט און קאָכט; יעדעס גליד, יעדער נערוו ריהרט זיך, צאַפּעלט זיך. ער שטעלט זיך אויף, נעהמט אָן מיט ביידע הענט די ווענטלאַך פון בעטעל און הויבט זיי אָן טרייס־לען מיט אַזא קראַפט, אַז עס סקריפּעט אַזש. דאָס בעטעל שאָקעלט זיך הין און הער און רוקט זיך אַלץ נעהנטער צו דער מאַמע׳ס בעט. ער זעהט עס דייטליך, און ער וואַרפט זיך נאָך שטאַרקער, העפטיגער. די דורכגעפלאָכטענע אייזענס שרייען „געוואַלד“, אָבער אַלץ נעהנטער, נעהנטער קומט ער צו דער מאַמען. אויפ׳ן פאַרפלאַטטען פּנים׳על ליגט אויסגעגאָסען דרייסטקייט, מוט. די אויגען שיינען, און ער אָטעמט שווער. צום סוף קלאַפּען זיך אָן די בעטען. איצט איז שוין אַ קלייניגקייט — גאָר לייכט. ער דאַרף זיך גאָר אַריבערבויגען איבער׳ן ווענטעל און זיך אַראָפּ־וואַרפען. דאַן איז ער נעבען דער מאַמען.

אמת, אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך צושלאָגען רוק און לענד. אָנשטאָט אַריינצופאַלען צו דער מאַמען, האָט ער זיך ווי אַ קנויל אַראָפּגעקייקעלט אויפ׳ן האַרטען דיל און עס האָט איהם שטאַרק וועה געטאָן. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל, קוים וואָס ער געדענקט עס.

אַריבערבויגענדיג זיך, לאָזט ער אָפּ די הענד, ער גיט אַ שוועב אין דער לופטען, ער דרעהט זיך איבער און — ער איז שוין נעבען דער מאַמען.

מיט אַ לאַכענדיגען פּנים, מיט שיינענדע אויגען קוקט ער

זיך ארום אויף פּאַפּאַ און מאַמאַ. ער איז זיכער, אַז זיי געפעלט זיין קונץ, אַז זיי קוועלען גאָר אָן. אָבער זיי מאַכען זיך אַלץ אַז זיי זעהען און הערען קיין זאַך ניט. זיי גיבען זיך אפילו קיין ריהר ניט. געפעלט איהם די זאַך נאָך מעהר — דאָס איז אַ פיינע שפּיל. באַלד וועט ער ארויפקריכען אויף דער מאַמען, אָפּ־דעקען איהר פּנים, און דאַן וועט זי ערשט זיך צולאַכען אויפ'ן קול.

עס הויבט זיך אָבער גאָר ניט אָן. זי גיט זיך אפילו קיין ריהר ניט. זי עפענט ניט די אויגען, נאָר נאָך טיפער גראָבט זי איין דעם קאָפּ אין קישען. דאָס איז שוין גאָר אַ „פיינע צאַצע". ער נעהמט זי ארום מיט ביידע הענט ארום האַלז, לעגט צו די באַק צו איהרע האָר, און לאָזט ארויס אַ פארשטיקטען געלעכטער:

— גי־גי־גי, מאַמאַ, גי־גי־גי.

— וואָס ווילסטו פון מיין לעבען, קליפּע איינע! — דער־טראָגט זיך אַ פארשלאָפען קול.

ער לאָזט ארויס אַ צופרידענעם קוויטש. אהא, ער האָט אָבער די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז זי מאַכט זיך. ער איז איבער־גליקליך. פאַר גרויס צופרידענקייט מאַטערט ער זיך צו שטעלען אויפ'ן קאָפּ, טאַקע אָט דאָ אויף דער מאַמען.

— געה שלאָפען, זאָג איך דיר! פארטאָג לאָזט ער שוין ניט רוהען... געה אין בעטעל, דו ווילדע בריאה, — שרייט די מאַמע מיט כעס. איהר פּנים איז צוקנייטשט, רויט; די אויגען פארשלאָפען און די האָר צושאָטען איבער די פּלייצעס, אויפ'ן שטערען. און איידער מאַקסי האָט נאָך צייט אַ פּינטעל צו טאָן מיט אַן אויג, ליגט ער שוין צוריק אין זיין בעטעל, אונטער דער דיקער, וואַרימער קאָלדרע.

ער פּרואווט זיך אפילו שליידערן, וואַרפען און שרייען. עס איז אָבער ארויסגעוואָרפענע ארבייט. די מאַמע ליגט שוין ווידער אונטער דער דעקע, צונויפגעדרעהט אין אַ קנויל, און גיט זיך אפילו קיין ריהר ניט מיט קיין גליד.

אַ ביטרער געדאַנק בליצט דורך מאַקסי'ס מאַרך: ער בלייבט שטיל, ליגט אַ ווײַלע רוהיג, ער פארמאַכט אפילו די אויגען. ער וואַרט נאָר, אַז זי זאָל אָן איהם פארגעסען. דאַן שטעלט ער זיך ווידער אויף, בויגט זיך אריבער און מעסט אָפּ מיט'ן אויג די ווייט־

קיט צווישען די בעטען. ער איז צופרידען: זי האָט פארגעסען אין גרויס האסט איהם אָפּצורוקען.

באלד איז ער ווידער אין דער מאמע'ס בעט, נאָר איצט ליגט ער א קליינינקע ווײלע שטיל, ווי א קעצעלע. ער וויל ניט, זי זאָל הערען אז ער איז דאָ. ער דארף זיך נאָר ארויס'גנב'ענען פון צימער אהין, דאָרט וואו „אָנקי אבא" איז. דאָרט וועט איהם שוין זיין פרעהליך און גוט.

פון דער מאמע'ס בעט אראָפּגעהן איז א קלייניגקייט. ער דארף זיך נאָר הינטערווײלעכס אראָפּשארען, און ער איז אויפ'ן קאלטען דיל. דאָ איז ער פריי ווי א פויגעל. מען דארף נאָר געהן פּאווּאָלינקע, ניט פארטשעפּען זיך אָן עפּעס, ניט געבען קיין קלאַפּ, דער פּאפּא זאָל ניט דערהערען. ער ווערט אזוי בייז, פּאפּא, ווען ער כאַפּט איהם אין דער פריה לויפענדיג צו „אָנקי אבא".

פארזיכטיג עפענט ער די טיר פון דונקעלען שלאָפצימער. א גאנצע כוואליע ליכט גיט איהם א שפּאר אין די אויגען. ער פארזשמורעט זיך אזש און ניסט זיך אויס א פּאָר מאָל, און ווען ער עפענט די אויגען ווידער, דערזעהט ער „אָנקי אבא", וואָס ליגט מיט זיין שווארצער שטעכיגער מאָרדע פארריסען, די אויגען פארמאכט, די הענט אונטער'ן קאָפּ פארוואָרפען און איין פוס אָפּגעדעקט. מאקסי'ס הארץ טאנצט פאר פרייד. „אָנקי אבא" איז א גוטער. ער מאכט מיט איהם אלערליי קונצען.

מיט אויסגעשפּרייטע הענט, א האלב נאקעטער, מיט א שיינענדען, לייכטענדען פּנים, לויפט ער צום „אָנקי". אָבער אויך ער מאכט זיך ניט זעהענדיג: ער האלט די אויגען פעסט צוגעשלאָסען און גיט אפילו ניט קיין פינטעל. אָבער אז דאָס מאכט ער זיך, אין דעם איז מאקסי זיכער, ווארים צו וואָס בלאָזט ער אזוי מאָדנע מיט'ן מויל? פארוואָס לאָזט ער ארויס אזעלכע מאָדנע קולות: — היך־כו־כע־כע־כאך־כי?

מאקסי קנייטשט זיך אזש פאר פרייד. דאָס געפעלט איהם אזוי, אז ער נעהמט זיך איהם נאָכמאכען:

— עך־כע־עך...

אָבער דער „אַנקי" עפענט נאָך אַלץ ניט די אויגען. ער מאַכט זיך גאָר ניט וויסענדיג. דאָס פאַרדריסט שוין מאַקסי'ן: ער נעהמט אָן זיין האנד, ציהט זי און שרייט:

— אַנקי אבא, אַנקי אבא.

אָבער אזוי ווי דער „אַנקי" ריהרט זיך נאָך אַלץ ניט, ווערט עס איהם טשיקאַווע: וואָס איז דאָס אזוינס, וואָס אַלע ליגען זיי מיט פאַרמאַכטע אויגען, ריהרען זיך ניט פון אָרט? פאַר וואָס פאַרשטעלען זיי זיך?

ער נעהמט „אַנקי'ס" נאָז און ציהט צו זיך. גיט זיך יענער א טרייסעל, ווי א בייזע פליג וואָלט איהם איינגעביסען. נעהמט ער זיך פאַר דעם פאַרמאַכטען אויג און רייסט מיט אַלע קרעפ־טען די ברעמען. עס באַווייזט זיך דער ווייסעל. ער ריהרט זיך אָבער ניט און זעהט גאָרנישט ניט. ווערט מאַקסי אין כעס און לאָזט אריין זיינע שאַרפע, שפּיציגע נעגעל אין דעם „אַנקי'ס" נאָז. דאָס ווירקט. ער גיט זיך א צאַפּעל, עפענט די אויגען און קוקט אויף איהם מיט רציחה.

— טריפה'נער ביין! ביזט שוין ווידער דאָ? אָט צוברעך איך דיר א ריפּ, בורלאַק איינער!

אזוי שרייט „אַנקי" מיט באַנומענע קולות, זיך אויפזעצענדיג אויפ'ן געלעגער.

— גי־גי, גי־גי, — לאַכט און פרעהט זיך מאַקסי. צום סוף האָט זיך איהם דאָך איינגעגעבען: איינער האָט זיך דאָך אָפּגערופען.

— וואָס גיגעסטו, משומד? ער פרעהט זיך נאָך. גראַ־בעלט און לאַכט! קום נאָר אַהער, דו קאַץ, צו מיר. איך וועל דיר געבען.

וואָס „אַנקי" רעדט פאַרשטעהט מאַקסי ניט. ער זעהט אָבער אין זיינע אויגען, אַז ער איז ניט בייז, אַז דאָס שפּילט ער זיך אזוי, און עס טאַנצט אין איהם דאָס האַרץ פאַר פרייד. ער זעצט זיך אויף זיין האַרצען רייטענדיג. ביידע לאַכען, קווי־טשען און שרייען ווי די ווילדע.

פון שלאָפצימער דערטראָגט זיך דעם פּאַפּאַ'ס קול:

— מאקסי, וואו ביזטו? שוין ווידער אויפגעוועקט מר. ראזינ׳ען פון שלאף? אט געה איך דיר דערלאנגען!

מאקסי באהאלט זיך אונטער „אנקי׳ס" קאלדרע, נורעט איין דעם פנים אין קישען און מאכט זיך, אז ער שלאפט. „אנקי אבא" לאכט און שרייט אין דער הויך:

— עס הויבט זיך גאר ניט אן. ער איז גאר ניטא ביי מיר. דאס האט זיך נאר אייך געדאכט, מיסטער שאפירא.

נאך פעסטער טוליעט זיך דאס קינד צו איהם. ער איז א גוטער, דער „אנקי אבא".

# ניטאָ קיין מזל

פינף הונגעריגע ארבייטסלאָזע זיינען זיי געווען, אלץ וואָס עס איז געווען אין זייערע קרעפטען האָבען זיי געטאָן צו ראטעווען זיך פון א הונגער־טויט. זיי פלעגען אויפשטעהן פינף אזייגער פארטאָג, קריכען ווי שאָטענס אין דער פינסטערער נאכט, פון איין פאבריק אין דער צווייטער; נאָר אין יעדען אָרט האָבען זיי שוין געפונען א גאנצע רייהע אויך אזעלכע ווי זיי: בלאסע, אָפּגע־צעהרטע, ציטערענדע פון קעלט, וואָס זיינען געקומען פריהער און פארכאפּט די בעסטע פּלעצער. זעהענדיג אז סיי ווי סיי װעלען זיי זיך ניט דערשלאָגען צום פערוואלטער, וואָס דארף באלד ערשיינען אין דער שמאָלער פּאָרטקע פון טויער, פלעגען זיי אוועק זוכען אן אנדער אָרט; אָבער אומעטום זיינען געשטאַנען הונ־געריגע אין דער רייהע, איינער הינטער דעם אנדערען'ס פּלייצע, איינגעגנורעטע, אָפּגעלאָזטע, האלב טויטע. און אז דער גראָהער ווינטער־טאָג האָט זיך גענומען בלייכען, ארײנדרינגען אין דער פינסטערער טונקעלהייט, זיינען די פינף צוריקגעגאנגען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, שטיל ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט ווייל זיי האָבען געוואוסט אויף זיכער, אז א גאנצען טאָג װעלען זיי זיך דארפען וואלגערען אין די גאסען אָהן א ביסען ברויט. אין כאָטש דאָס איז קיין נייעס ניט געווען, ווייל גאנצע דריי חדשים האָבען זיי אזוי געלעבט אין שטענדיגען הונגער, דאָך האָט דאָס אָנקומענדע געשראָקען און געמאַכט פריהערען די נשמות. אזוי האָט זיך געצויגען די צייט, א שווערע, האָפנונגסלאָזע, ווי די פינסטערע נאכט.

נאָר איינמאָל האָט צו זי דאָס מזל א שמייכעל געטאָן: אין דער לאָזשיר הויז, וואו זיי זיינען געשלאָפען אויף הארטע בעט־לאך צוזאמען מיט נאָך אזעלכע היימלאָזע, ווי זיי, איז ארײנגעקו־מען א הויכער דיקער מאן און האָט זיי גענומען וועקען:

— העי, חברה, שטעהט אויף, ווער פון אייך וויל געהן שנעע ראמען ?

איבערראשטע פון פרייד זיינען זיי אויפגעשפרונגען און ארומ־גערינגעלט דעם מאן מיט דעם רויטען פנים.

— איך געה, איך געה — האט זיך געטראגען פון אלע זייטען.

און מיט אמאל האט אויפגעוואכט די איינגעדרעמעלטע ענער־גיע ; די אפגעלאזטע, פאר'חלש'טע מוסקולען האבען זיך אנגע־צויגען, אויפגעלעבט, און די לאנגע, האלב־טונקעלע הויז איז אנגע־פילט געווארען מיט לעבענס־לוסט.

קומט מיט מיר אלע, ווער עס וויל נאר ארבייטען — האט געזאגט דער דיקער מאן.

— מיר געהען, מיר ווילען ארבייטען — האט געשריען די מענגע.

מען האט זיך ארויסגעשאטען אין דער פינסטערער נאכט. די ווינטער־לופט האט געמאכט קלאפען די ציינער ביי די אלע וואס זיינען אקארשט אראפגעקראכען פון דעם אנגעווארימטען געלעגער. נאר קיינער האט ניט געפיהלט די קעלט, איין זאך האט נאר גע־קלאפט אין די מוחות : ארבייט, שנעלער ארבייט.

און אלע מיט אמאל האבען אויפגעהויבען די געזיכטער צום שווארצען, פארוואלקענטען הימעל און זיך צוגעהערט. עטוואס איז געפאלען. לייכטע, גרינגע פעדעמלאך האבען זיך געצויגען פון דער הויך און געלעגט זיך אויף די באקען, אויפ'ן נאז און שטערען. „א שנעעלע איז דאס", האט איינער דעם אנדערען געשושקעט אויפ'ן אויער און שטיל געשמייכעלט. אויך אונטער די פיס האט ער זיך געפיהלט, דער ווייכער, אקארשט אנגעפאלענער שנעע.

מען איז ארוים אויף דער ברייטער גאס, דארט וואו די טראמוויי־ען לויפען. דער דיקער מאן האט אויסגעקליבען צו צעהן־וייז און צו־שטעלט אין פארשידענע ווינקלען. דא זיינען שוין געווען אנגעגרייט אייזערנע שאוולען, העק און לאמען ; יעדער האט זיך א נעהם געטאן פאר די געצייג, עס אויפגעהויבען צום פנים, מיט ליב־שאפט ארומגעטאפט, צוריק אראפגעלאזט און זיך אויף דעם אנגעשפארט.

עס איז געווען שטיל ; קיינער האט ניט אויסגערעדט קיין

וואָרט; מען האָט אָנגעשטרענגט די אויערן אויף צו כאַפּן אַ באַפעהל, אָבער יענער מאַן, דער דיקער, האָט געשוויגען. מיט די הענד אין די קעשענעס האָט ער אומגעשפּאַצירט פון איין גאַס אין דער צווייטער, געהויבען דעם פּנים ארויף און אויף עפּעס גע־וואַרט.

ליכט און זאַכט איז געפאַלען דער שנעע; ער האָט די גאַנצע וועלט איינגעהילט, האָט פאַרשטעלט די ליכט פון די גרויסע, שיי־נענדע לאַמפּען, דאָס אָנזעהן פון די גרויסע טונקעלע שאָו־פענס־טער. וואָס פון מינוט איז אַלץ ארום מעהר איינגעוויקעלט געוואָרען אין דעם ווייסען פּוך.

די צייט האָט זיך געצויגען לאַנג און שווער. ביי די מחנות שווייגענדע מענשען זיינען די גלידער פאַרגליווערט געוואָרען; עס האָט זיך דערטראָגען דאָ פון דאַנען, דאָ פון דאָרט, אַ טופּען מיט די פיס, אַ הויכען אין הויפענס.

און יענער, דער דיקער, האָט אַלץ ארומגעשפּאַצירט מיט די הענד אין די קעשענעס אַ פאַרטראַכטער; יעדע מינוט האָט ער אַלץ געהויבען דעם פּנים צום הימעל און אויף וואָס געוואַרט.

מיט אַמאָל האָט עס אַ שטאַרקען בלאָז געטאָן; אַ ווינד איז אָנגעקומען, אַ שטאַרקער שטורעם, וואָס האָט געמאַכט קלאַפּען די שילדען אויף די סטאָרס און סקריפּען די טעלעפאָן דראָטען. עס איז געוואָרען שרעקליך קאַלט, אָבער דער שנעע האָט אויפ־געהערט.

— עך, חברה, ניטאָ קיין מזל. עס וועט ניט זיין היינט קיין ארבייט; אַבי מיך אויפגעריסען אין מיטען שלאָף — האָט דער דיקער מאַן מיט פאַרדרוס געזאָגט.

אין די קופּקעס האָט זיך דערהערט אַן אומצופרידענער מור־מלען. איינער האָט אפילו ניט דרייסט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס הייסט ניטאָ קיין ארבייט, און דעם שנעע אוועק־ראַמען?

— מ׳דאַרף שוין ניט, עס איז ניטאָ קיין צוויי אינטשעס שנעע.

— וואָס הייסט דאָס, וואָס פאַר אינטשעס?

— איך זאָג דאָך אייך, עס איז ניט אַנגעפאַלען קיין צוויי אינטשעס שנעע און מען דאַרף ניט ראַמען.

— און באַצאָהלען וועט מען אונז ?

— כע, כע, פאַרוואָס ? איהר האָט דאָך ניט געאַרבייט, — איז געקומען אַ סאַרקאַסטישער געלעכטער.

* * *

קוים מיט צרות האָבען זיך די פינף חברים אויפגעוכט. טרייסלענדיג זיך פאַר קעלט, האָבען זיי זיך צוגעטולעט איינער צום צווייטען און זיך געלאָזט געהן אַרויף מיט דער ברייטער, העל באַלויכטענער גאַס. זיי האָבען לאַנג געשוויגען, ביז איינער האָט מיט כעס אַרויסגעברומט :

— פאַרשאָלטען, ניטאָ קיין מזל.

— ניטאָ קיין מזל — האָבען די פיער אומעדיג צוגעשטימט.

# אן אומגעריכטע צרה

זיצענדיג איין מאָל ביי דער כלה אין שטוב, האָט זיך ברוך אויסגערעדט, אז ער קלייבט זיך קויפען א נייעם אָנצוג אויף יום טוב, און ער האָט זיך באקלאָגט, אז ער האָט קיינעם ניט, וואָס זאָל מיט איהם געהן אויסקלייבען.

— איך וועל מיט דיר געהן — האָט די כלה געזאָגט מיט א פריינדליכען שמייכעל, — ווייסט דאָך, אז איך בין א מבין אויף אזעלכע זאכען.

אז זי איז א מבין איז ברוך זיכער געווען, ווייל זי האָט גע־ארבייט ביי קלאָוקס (פרויען מאנטלען). אָבער עפּעס איז איהם געווען די זאך פּריקרע. א יונגע מיידעל וועט דארפען שטעהן דערביי ווי ער טוט זיך איבער דאָ אין דעם ראָק, דאָ אין אנדערען. ער האָט געפיהלט דאָס ער וועט זיך שעהמען פאר איהר און האָט זיך געפּרופט ארויסדרעהען:

— איך וועל שוין בעסער בעטען וועמען ניט איז פון די באַ־קאנטע.

— גאָר א נייעס! צו וואָס דארפסטו פרעמדע זאָלען געהן מיט דיר. איך געה.

איהר איינגעשפּארטקייט איז איהם געווען אָנגענעהם. איי־גענטליך איז ביי זיי דער שידוך נאָך ניט געווען אזוי פעסט און זיכער. די באציהונגען צווישען זיי זיינען נאָך געווען אָפיציעלע, קאַלטע אוןביידע האָבען זיי געוואַרט אויף דער מינוט, וואָס וועט זיי נעהנטער מאכען איינס צום צווייטען. און אָט די עטליכע ווערטער איהרע „וואָס דארפסטו, פרעמדע זאָלען געהן", האָבען איהם אָנגעפילט דאָס הארץ מיט פרייד.

אין דער גרויסער ליכטיגער קראָם האָט זיי איבערגענומען א יונגער בחור מיט קלוגע לאַכעדיגע אויגען. ער האָט זיך געווענ־דעט צו דער מיידעל מיט א העפליכען שמייכעל:

— וואָס ווינשען זיי, פריילין?

— אַ סוט פאַר דעם מאַן, — האָט זי אָנגעוויזען אויף ברוך'ן, וועלכער איז געשטאַנען אין מיטען קראָם און געקוקט אין אַלע זייטען.

דער סיילסמאַן האָט באטראכט ברוך'ן, איהם אָפּגעמאָסטען מיט אַ געניט אויג און געזאָגט:

— איך האָב פאַר אייך אַ וואווילען סוט, מיסטער. פון וועלכען פרייז ווילט איהר?

— איך ווייס? אָט אין מיטעלע געלט, — האָט ברוך ארויסגעמורמעלט, קוקענדיג אויף דער כלה שטאַרק פארשעהמט.

— לאָזט נאָר זעהן. וועגען פרייז וועלען מיר נאָכדעם רעדען —האָט זי געזאָגט.

דער בחור איז פארשוואונדען הינטער'ן קאנטאר און איז באלד ווידער ערשינען מיט אַ סוט אין די הענט, נאָר אָנשטאָט ברוך'ן האָט ער דעם סוט צוגעטראָגען צו דער מיידעל.

— באטראכט נאָר, פריילין. זעהט וואָס פאר אַ וואַרע. אדרבה, גיט נאָר אַ טאַפּ ווי דיק דאָס איז, — האָט דער העפליכער בחור געשמאַטען אויף גיך.

— ניין, ניט דאָס ווילען מיר. גיט עפּעס בעסערס — האָט זי געזאָגט מיט אַ מינע פון אַ מבין.

ברוך האָט אויף איהר געוואָרפען אַ ווארימען בליק. עס איז איהם שטארק געפעלען איהר דרייסטקייט, און דער עיקר, וואָס זי ווייס ווי מען דארף ריידען צו דער חברה און ווי ערנסט שטרענג איהר יונג פּנים איז.

— גיט אַ קוק אויף דער וואַרע! וואָס וועט איהר וועגען דעם זאָגען? באטראכט עס גוט פריילין, — האָט דער בחור אויסגע־שריען מיט פרייד, ווי ער וואָלט אין דער אמת'ן שטארק הנאה געהאט פון דעם וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צו געפינען אזא אנטיקעל.

נאָר עס איז איהר אויך דער סוט ניט געפעלען. און אַ צוויי־טער, אַ דריטער אויך ניט. קאַלט, שטרענג האָט זי אַלץ פארבראַ־קירט. און דער בחור איז געלאָפען הין און צוריק, געקראָכען אויפ'ן לייטער, געשפּרונגען ארויף און אראָפּ, און זיין פּנים איז נאָך לע־

בעדיגער, נאָך שיינענדער געוואָרען, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו שיטען מיט רייד.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעפאַנגען א סדרה מיט'ן מעסטען די לענג און די ברייט. ברוך איז געשטאַנען אָהן דעם ראָק, דער פנים איז איהם געוואָרען פארגליווערט און עס האָט זיך איהם שטאַרק גע־גלוסט א גענעץ טהאָן, נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטען מיט אַלע קרעפטען. דער סיילסמען האָט איהם אָהן רחמנות גערדרעהט אין אַלע זייטען, געבויגען אהין און אהער. און געדאַכט האָט זיך איהם, אז עס וועט גאָר קיין סוף ניט נעהמען צו דעם אָנטאָן און אויס־טאָן.

— נו, וואָס זאָגט איהר צו דעם סוט? — הערט ער ווי דורכ'ן שלאָף דעם סיילסמען'ס קול. — ווי אויסגעגאָסען! ווי צו אָרדער! — און ער דרעהט ברוך'ן אויף אַלע זייטען.

— און וואָס איז דאָס? איהר זעהט ווי עס ציהט אָט דאָ? א בארג א גאַנצער! — האָט די כלה גע'טענה'ט, גלעטענדיג ברוך'ס פלייצע.

— א בארג, זאָגט איהר?! וואו זעהט איהר א בארג? גאָר א נייעס..... דאָס איז דאָך א ביין. ביי איהם איז אזא פלייצע. אדרבה, גיט א דריק אָט דאָ, ווייזט אייער האַנט. נו, וואָס?

— און ווער האָט ניט קיין ביינער? אַלע האָבען ביינער. ניין, גיט זייט מוחל און אַנדערען.

ברוך'ן האָט דאָס האַרץ א ציטער געטאָן. א ביין גאָר! וואָס מיינט ער דערמיט? ער האָט דאַכט זיך עס קיין מאָל ניט געפיהלט. קיינער האָט איהם וועגען דעם פריהער ניט געזאָגט. ער האָט גע־וואָלט גוט אויסזידלען דעם בלאָפער, נאָר יענער האָט ניט אויפ־געהערט צו רעדען.

— ווייסט איהר גאָר וואָס, פריילין, אָט וועט איהר זיך אליין איבערצייגען, — און ווענדענדיג זיך מיט א בעפעהלענדען טאָן צו ברוך'ן, האָט ער א זאָג געטהאָן — זיינט אזוי גוט, מיסטער, און טהוט אויס אויף א מינוטקעלע.

— איך וויל דעם סוט, איך נעהם איהם. — האָט ברוך ארויס־געדעדט מיט היץ, אומווענדענדיג זיך מיט'ן פנים צום סיילסמען.

— וואָס דען? מיט אזא פלייצע וועט איהר קיין בעסערען סוט

ניט צופאסען. איהר מעגט זיך פארלאזען אויף מיין ווארט — האט יענער געזאגט פריי אפאטעמענדיג.

ברוך האט געווארפען א בליק אויף דער כלה. זי איז געווען בלייך און די ליפען האבען איהר געציטערט.

* * *

געהענדיג מיט'ן פעקעל אונטער'ן ארעם, האט ברוך מורא געהאט א קוק צו טהאן אויף דער מיידעל, אבער ער האט געפיהלט, אז ער טאר אזוי ניט לאזען, אז עפעס מוז ער זאגען שוין אין דער מינוט.

— ער האט מיר דעם קאפ פארדולט! וואס ער האט צורעדט אביסעל! און ווי געפעלט דיר, ער האט גאר אין מיר א היקער ענט־דעקט, כע־כע, — אבער דער געלעכטער איז ארויסגעקומען פאלש, און דאס האט איהם גאר אפגעשלאגען דעם מוט. ער האט איהר מיט געבעטע אין די אויגען אריינגעקוקט און צוגענעבען:

— ער האט דיך אויך גוט אויסגעמאטערט, הא? נו, האסטו באדארפט דעם גאנצען עסק?

זי האט איהם גארנישט געענטפערט. איהר פנים איז געווען בלייך און אין די אויגען איז געווען אן אויסדרוק פון ליידען.

אז זיי זיינען צום סטיישאן צוגעקומען, האט זי זיך פלוצלים אבגעשטעלט, אבגעקעהרט דעם קאפ אן א זייט און שטיל געזאגט:

— איך פאהר איצט ניט אהיים. איך דארף דא ערגעץ אריינ־געהן — און איז מיט שנעלע טריט אוועק, פארשווינדענדיג צווי־שען געדיכטען עולם.

אין אבענד איז ער אהן אן אטעם געלאפען צו איהר. ער האט פעסט באשלאסען דורכצורעדען זיך, און אלץ איהר ערקלערען. אבער באגעגענט האט איהם די מיסעס, אן עלטערע פרוי מיט שוואכע טרעהרענדיגע אויגען:

— מיס ראסקין פיהלט זיך עפעס ניט מיט אלעמען. זי שלאפט שוין.

— זי איז ניט געזונט? וואס איז איהר? — האט ער צושראקען געפרעגט.

— איך וויים ניט. זי האט מיר גארנישט געזאגט.

אן אומעטיגער, א צובראכענער, האט ער זיך ארומגעשלעפט

אין די גאַסען. ער האָט געפיהלט, אַז עפּעס נאַרישעס, אומגע־לומפּערטעס צוברעכט זיין לעבען, אַז דאָס גליק, וואָס האָט די לעצטע חדשים אויסגעוויזען אַזוי נאָהענט, ווערט פאַרשוואונדען, און אַז ווידער קומט איינזאַמקייט און טרויער.

און אַז ער איז דעם צווייטען אָבענד ווידער געקומען, האָט איהם די מיסעס באַגעגענט קאַלט און פיינדליך. זי האָט איהם אַפילו איבער'ן שוועל ניט אריבערגעלאָזט:

— מיס ראַסקין איז אין דער היים ניטאָ, — האָט זי טרוקען געזאָגט.

— איז זי שוין געזונט? — האָט ער ניט זיכער געפרעגט.

— זי איז געזונט, אָבער זי איז אַוועק, און איך ווייס ניט ווען זי וועט קומען.

ער האָט קלאָר דערקאָנט, אַז די אַלטע זאָגט ליגען, אַז די כלה זיינע איז דאָ, און מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ איז ער פון די שטיגען אַראָפּ.

# די גנב׳טע

(פון א טאָגע־בוך)

ד י נ ס ט א ג .

א באָרדערקע האָבען זיי אריינגענומען אין הויז.

— מיסטער שאַפּירא, איצט וועט איהר זיך שוין ניט פיהלען אזוי איינזאם, — האָט מיר די מיסעס אָנגעזאָגט די בשורה.

און זי האָט זיך צולאַכט קוקענדיג אויף מיר מיט איהרע איינגעזשמורעטע, שווארצע אויגעלאך.

די בשורה וועגען דער נייער שכנה, דער געלעכטער פון דער מיסעס אין איהר קוק האָט דאָס לעצטע ביסעל שלאָף פון מיר פארטריבען. איך האָב זיך אויך צולאַכט און אויספייפענדיג עפּעס פרעהלאכס בין איך פון די טרעפּ געלאָפען.

---

ד אָ נ ע ר ש ט א ג .

ענדליך האָב איך זי געזעהן, מיין שכנה. זי זעהט אויס צו זיין א וואויל מיידעל. זי האָט זעהר שעהנע ווייכע אויגען און דאָס פּנים׳על איז אויך א גוטס, א חנ׳עוודיגס, אָבער זי איז ניט קיין גאנץ גוטע. זי איז קענטיג אויסגעמאַטערט פון דער ארבייט. די הויט פון געזיכט איז מאַט. מיר האָט א צופּ געטאָן אין הארצען. עס איז א רחמנות צו זעהן ווי אַ פרוי׳ דארף אויפשטעהן גאנץ פריה, ווען די נאכט־שאָטענס זיינען נאָך ניט אין גאנצען פארשוואונדען פון הויז. ווען פון אלע ווינקעלאך ציהט זיך נאָך דער זיסער איבערגעריסענער שלאָף. קוקענדיג אויף דעם מיידעלשען קערפּער טראכסטו זיך, אז עס וואָלט גיכער געפּאַסט, אז דאָס זאָל איצט ליגען איינגעטוליעט אונטער א ווארימער דעק, א פארוויעגטע פון טרוימען, אין דאָס זאָל זיך ציהען און לאשטשען ווי א קעצעל. . .

ש ב ת.

מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל צורעדט. די מיסעס מיינע האָט עס אונז צוזאמענגעפיהרט.

— עפּעס בלאָזט איהר זיך איינע אויף די אנדערע אזוי, ווי איהר וואָלט געפיהרט א ברוגז, — האָט זי געזאָגט און גנב'יש א שמייכעל געטאָן.

ווען זי האָט עס געזאָגט, האָבען מיר, איך און דאָס מיידעל, אראָפּגעלאָזט די קעפּ. איך האָב געפיהלט, אז די פארב טרעט ארויס אויף מיין פּנים. און זי איז אויך רויט געוואָרען. אָבער פון אונטער'ן שטערען האָט זי געוואָרפען אויף מיר א גנב'ישען קוק. זי האָט קענטיג אין זיך געלאַכט פון מיין שעהמעוודיגקייט. זי האָט געווים געטראַכט ביי זיך: אַט אַ בחור אַ נאַר! און געדאַכט האָט זיך מיר, אז אין איהרע אויגען האָט א גלאַנץ געטאָן א הונגעריג פייערעל. די מיסעס האָט מן הסתם מיט איהר גערעדט וועגען מיר און האָט מיך געווים פארלויבט.

באַלד האָבען מיר זיך צורעדט און מיר האָבען אלע צוזאמען הויך געלאַכט. וועגען וואָס מיר האָבען גערעדט, געדענק איך ניט. דאַכט זיך וועגען ביכער און וועגען דער היים. עס איז מיר געוועזן אנגענעהם. דער צונג האָט זיך צובונדען און איך האָב געשאָטען חכמות אויף וואָס די וועלט שטעהט. עס האָט זיך מיר געוואָלט, אז דאָס פרעמדע מיידעל, מיט'ן שעהנעם מאַטען געזיכט, זאָל א ווייליע פרעהלאַך זיין. איהר פּנים האט אזוי אויפגעלויכטען, ווען זי האָט געלאַכט. א קליין גריבעלע האָט זיך באַוויזען אין דער רעכטער באַק, און געדאַכט האָט זיך מיר, ווי די זון וואָלט זיך פון אונטער א וואָלקען ארויסגערוקט און א וואַרימען, לאַשטשענדען שיין געטאָן.

איך מוז זיך מודה זיין, אז שוין א לאַנגע צייט האָב איך אזוי ניט הנאה געהאַט פון דער היים ווי יענעם אָוונד. אפילו מיין צימערעל מיט די טונקעל־גרינע ווענט האָט א יום־טוב'דיגען אויסזעהן באַקומען. פאַרוואָס דאָס איז ווייס איך ניט. דאָס מיידעל זאָל דאָס זיין? עט, ווענינ באַקאַנטע מיידלאַך האָב איך?

נאָר שאַ... פון הינטער'ן ווענטעל הערט זיך דער לייכטער שאָרך פון איהרע קליידער, איך הער פלינקע באַוועגונגען. דאָס

טוט זי זיך אוים צום שלאָפען. פון מיין שפיגעלע ארוים קוקט אויף מיר א שמייכלענדע פיזיאָנאָמיע. דאָס הארץ קלאָפּט אזוי שטארק, שטארק. מאָדנע!

מיטוואָך.

היינט האָבען די מיסעס און די שכנה מיינע מיך גע'מוסר'ט, פארוואָס איך קום אזוי שפּעט אהיים, פארוואָס איך שלעפּ זיך ארום גאָט ווייס וואו. זיי האָבען מיך ביידע פארזיכערט, אז איך זעה אוים ווי א מת, אז אויב איך וועל ווייטער פיהרען אזא לעבען, וועל איך קראנק ווערען. מילא, די מיסעס האָט מיך ניט אזוי געארט. זי האָט שוין א טבע צו מוסר'ן. אָבער דער מיידעל'ס רייד האָבען מיך אָנגעריהרט און געוואָרעמט. עס איז אזוי אנגענעהם, אז עמיצער זאָרגט זיך וועגען דיר, אז דו פאר־נעהמסט ביי עמיצען אין הארצען א שטיקעל פּלאַץ. אָבער ווידער אמאָל האָב איך באמערקט אין איהרע אויגען א הונגעריג פייערעל. איהר בליק האָט א פּאָר מאָל מאָדנע אריבערגעוואָנדערט איבער מיר. דאָס האָט מיך דערשראָקען און אָפּגעשטויסען. עס איז ארויסגעקומען ניט גאַנץ צנועה'דיג...

א שעהנער שפּאָס, איך רייד וועגען צניעות! פונדעסט־וועגען וואָלט איך קיינמאָל ניט געקאָנט נאָהענט ווערען מיט א מיידעל וואָס זאָל זיך האַלטען פרעך, ארויסרופענד...

דינסטאָג.

מיר איז היינט אומעדיג געוועון. דעם גאַנצען אָוועגד האָב איך געפיהלט איינזאַם און שווער. איך בין געקומען פריה אהיים. די רוהיגקייט, ווארימקייט און פריידליכקייט פון דער היימישער לופט האָט מיך געצויגען. איך האָב פארלאָזט די פרעהליכע קאָמ־פּאַניע, די קאָרטען און בין מיט נחת'דיגען געפיהל אריין אין „על". מיר האָט זיך געדאכט אזוי ווי איך וואָלט דאָס גע־שוואומען צו א ווארימען ברעג. דער מיידעל'ס שעהנע אויגען האָבען אויף מיר געקוקט און פריינדליך צו מיר געוואונקען.

אָבער איך האָב קיינעם אין הויז ניט געפונען.

מיר איז אויסגעקומען ווי מען וואָלט מיך אָפּגענאַרט, ווי

מען וואָלט פון מיר צוגענומען א גוטע זאַך און נאָך דערביי אויס־געפּאַטשט. די פינסטערניש האָט מיך געשראָקען. עס האָט זיך געוואָלט פאַרקירעווען צוריק און אָפּזיצען דאָרט, אויף צו להכעיס, מיט וועמען ניט איז, ביז טאָג. נאָר איך האָב קיין כח ניט געהאַט דאָס צו טאָן. מיט א פּלאָטערענדער האַרץ בין איך אין מיין צימער אַריין און גענומען לעזען. אָבער מיר איז עס אין קאָפּ ניט געקראָכען. די געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט און געדרעהט. מיט מיין גאַנצען כח האָב איך זיך אָנגעשטרענגט אויפצוכאַפּען דעם מינדסטען גערויש אויף די טרעפּ. איך האָב געציטערט פאַר אומגעדולד. יעדער נערוו אין מיר איז געשפּרונגען. דאָס איז געווען א מאָדנער געפיהל. אייגענטליך האָב איך אויף קיין באַשטימטער זאַך ניט געהאָפט און ניט געוואַרט. דאָס מיידעל איז מיר געווען פרעמד און וויים. אָבער איך בין פאָרט געווען אָפּגענאַרט אין געקרענקט, טיעף געקרענקט...

אַרום צוועלף, ווען איך בין געווען פאַרזונקען אין א לייכטען דרעמעל, האָב איך דערהערט טריט, זיי זיינען אָנגעקומען פרעה־ליכע, לאַכענדע, דאָס זיינען זיי געקומען פון טעאַטער און האָבען זיך דאָס איצט געטיילט מיט די איינדרוקע. איבערהויפּט איז מיין מיסעס געווען גוט אויפגעלעגט. זי איז זיך אַזש פאַרגאַנגען פאַר געלעכטער, נאָכקרימענדיג עפּעס אַן אַקטיאָר. פּלוצים האָט א טאַנץ געטאָן דאָס האַרץ אין מיין ברוסט. איך האָב דערהערט דייטליך ווי דאָס מיידעל האָט שטיל געזאָגט:

— שאַ, מיסטער שאַפּיראָ איז אין דער היים, ער שלאָפט שוין מסתמא.

אָט די עטליכע ווערטער, אַרויסגעזאָגט שעפּטשענדיג, האָבען דורכגעציקט מיין קערפּער ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. עס איז מיר פרעהליך געוואָרען און עס האָט זיך געוואָלט אויסשרייען הויך: „ניין, איך שלאָף נאָך ניט, מים בערמאַן! איך בין נאָך וואַך!"

איך האָב אָבער געשוויגען, האָב אפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן.

---

זונטאַג.

זי איז א וואויל מיידעל. ניט קיין מורא'דיגע חכמה, ניט קיין שרעקליכע שעהנהייט, אָבער זעהר אַן אַנגענעהמע, א ליבליכע,

א צוטרויליכע. איך האָב היינט מיט איהר שפּאַצירט. עס איז גע־
ווען א זעלטען גוטער וועטער אָהן דעם מינדסטען ווינטעל, נאָר
א לייכט פרעסטעל האָט געצופּט די נאָז. זי האָט
נאָר אויפגעפלאַמט. די אימער בלייכע, גרויליכע באַקען האָבען
זיך צורויטעלט. זי האָט פיעל גערעדט, דערצעהלט וועגען דער
ארבייט, וועגען די פריינדינען. איך האָב אָבער ווייניג געהערט
פון דעם אַלעם. מיר איז געווען גוט. אין דער לופט האָט זיך גע־
פיהלט דער יום טוב, די רוה. אלע זאָרגען און דאגות זיינען פאַר־
שוואונדען. עס איז געווען אנגענעהם צו הערען איהר פולע,
זאַפטיגע שטימע. עס האָט מיך געוואַרימט איהר לויטערער בליק
און עס האָט זיך וועגען קיין זאַך ניט געוואָלט טראַכטען. עס
האָט נאָר געצויגען געהן, געהן, אָהן א ברעג, אָהן א סוף.

---

מ אָ נ ט א ג.

— איהר ווייסט, מיסטער שאַפּירא, די באַרדערקע קען זיך
גאָר ניט אָפּלויבען פון אייך. זי וואָלט קיין זאַק ציבעלעס פאַר
אייך ניט גענומען.

אזוי האָט מיר געזאָגט מיין מיסעס מיט א פיעל־דייטינגען
שמייכעל, א צופּ טוענדיג מיך פאַר אַן אויער.

מיר איז אָבער געוואָרען פון דעם אומאַנגענעהם. איך זעה, אַז
הינטער מיין פּלייצע ריידען זיי צווישען זיך און מאַכען וועגען
מיר אלערליי פּלענער. א מאָדנע פאָלק די ווייבער! זיי קאָנען
ניט פאַרשטעהן גלאַט אַזוי פריינדשאַפט, ריינע, עהרליכע פריינד־
שאַפט צווישען א בחור און א מיידעל. גלייך טראַכט מען וועגען
א שידוך. מען מוז זיין פאָרזיכטיג. נאָך אַלעמען האַלט א ך
גאָר ניט ביים חתונה האָבען, מיר ליגט עס אפילו ניט אין דער
לינקער פּאה, און אז איך וואָלט יע טראַכטען, וואָל איך אַזא
מיידעל ניט גענומען. זי איז עפּעס ניט אזא ווי איך האָב
זיך אימער פאָרגעשטעלט אלס מיין כלה, מיין פרוי. אמת, זי
איז א וואוילע און גאַנץ גוטע. אָבער, יא מען דאַרף פאָרזיכטיג
זיין.

---

ד י נ ס ט א ג.

וואָס האָט דאָס געזאָלט זיין, א צופאַל אָדער א צוגעטראַכטע

זאך ? עס איז אזוי געווען : איך בין געקומען אהיים שפעט, ווען אלע זיינען שוין געשלאפען. איך גיב א קוק : מיין בוך איז ניטא, דאס בוך, וואס איך האלט אין לעזען, איז פארשוואונדען ווי אין דר'ערד אריין. דאס האט מיך שטארק פארוואונדערט, ווייל קיינמאל האט קיינער פון צימער גארנישט גענומען, און דערצו נאך א בוך. איך ווייס, אז מיינע בעלי־בתים זיינען ניט קיין בעלנים אויף אזא זאך. טא ווער האט עס גענומען ? דאס מיידעל ? קאן דאס זיין ? דאס איז מיר געווארען טשי־קאווע. איך האב געוואלט באלד אויפ'ן ארט זיך איבערצייגען אין דעם. אבער וואס טוט מען, ווי געהט מען אריין צו א מיידעל אין צימער ? זי וועט דאך טראכטען וועגען מיר גאט ווייס וואס, זי קאן נאך נעהמען שרייען פאר שרעק. אבער דער פאר־לאנג צו געהן זעהן אויב דאס בוך איז דארט, איז געווען שטארק, שרעקליך שטארק. איך בין געשטאנען אין מיטען צימער מיט א געזונקענעם קאפ און געפרופט אין זיך אונטערדריקען דעם דא־זיגען פארלאנג. אבער עס איז געווען אומזיסט.

איהר טהיר איז געווען ניט אין גאנצען צוגעמאכט. עס איז געווען א קליין ביסעלע אפען. איך האב צוגעלעגט דעם אויער אויפצוכאפען וואס דארט טוט זיך. איך האב מיט אן איינגעהאל־טענעם אטעם געהערט. עס איז דארט געווען שטיל, שרעקליך שטיל, אזוי ווי עמיצער וואלט אויך דארט דעם אטעם איינגע־האלטען. איך האב א לייכטען שטויס געטאן די טהיר און זי האט א סקריפ געטאן. דאס האט מיך איבערגעשראקען. איך בין זיכער געווען, אז את וועט א הילך טאן איהר שטימע פול מיט פחד. אבער איך בין נישט אוועק. מיר האט געצויגען אהין אינעוועניג אין דער טיפער טונקעלהייט און איך בין אריין. איך האב דעם בוך ניט געקאנט זעהן, ווייל מיך האט באגעגעגט א זיסער אראָ־מאט, עס האט זיך געטראגען אין דער לופט א צויבערליכע ווארים־קייט. איך האב געציטערט. אבער מיר איז געווען גוט, פיינ־ליך גוט...

---

מ י ט ו ו א ך.

אין דער פריה האב איך זיך מיט איהר געטראפען. זי איז

עפעס רויט געוואָרען. זי האָט אויסגעמידען מיין בליק. זי האָט זיך געאיילט אוועקצוגעהן. קאָן דאָס זיין, אַז זי האָט געהערט עפּעס? אַז זי פאַרדעכטיגט וואָס ניט איז? זאָל זי כאָטש דער מיסעס ניט דערצעהלען.

---

ד אָ נ ע ר ש ט א ג .

זי האָט מיר פון איהר קינדהייט דערצעהלט. מיט איהרע שעהנע אויגען האָט זי געקוקט פאַר זיך אין דער לופט. אויף איהר פנים איז געלעגען אַ בענקענדער אויסדרוק.

זי איז פיעל אויסגעשטאַנען. די מוטער איז געשטאָרבען, ווען זי איז איז אַלט געווען צעהן יאָהר. צו צוועלף האָט זי גענומען אַרבייטען. קיין איין רוהיגען טאָג האָט זי ניט געהאַט. אייביג אין יאָך, אין פּראַצע.

אין דעם טאָן איהרען איז געווען אַ מין ווידוי, אַ מין אויס־גיסען דאָס הארץ. איהר ווייך, זאַפטיג קול האָט מיך אַרומגע־כאַפּט און צוגעצווינגען צו זיך. עס איז מיר געווען אַ רחמנות אויף איהר. איך זעה, אַז זי ליידט פון איינזאַמקייט, זי בייִנקט נאָך אַ לאַסקע, נאָך אַ וואַרים וואָרט. עס ווילט זיך איהר אַ קליין ביסעלע גליק. איך וואָלט פאַר איהר געוויס אַלעס געטאָן. אָבער איין נאָט איז מיין עדות, אַז איך קאָן ניט.

---

פ ר י י ט אָ ג .

דאָס האָט מיר שוין פאַרדראָסען. אַז איך בין געקומען צו זיך אין צימער האָב איך דערזעהן, אַז מיין בייִנקעל איז נימאָ. מען האָט איהם צוגענומען און צוריק ניט געבראַכט. איך בין זיכער געווען, אַז די מיסעס האָט עס פאַרשלעפּט צו זיך, כאָטש זי איז זעהר אַ פאַרזיכטיגע און קריכט פון הויט, אַבי איך זאָל צופרידען זיין.

איך בין אַריין אין פראָנט רום און גענומען אין דער פינסטער זוכען מיין בייִנקעל. עס איז אָבער דאָרט ניט געווען. האָט עס דאָס מיידעל גענומען? איך מוז עס באַלד וויסען. איך בין ניט מחויב צו לייגען זיך שלאָפען פריהער ווי איך וויל. אויסער דעם, וואו וועל איך לייגען מיינע זאַכען...

שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, בין איך אריין צו איהר אין צימער. אַ פּאַס ליכט האָט זיך פון ערגעץ אריינגעגנב'עט אהין אין באַלויכטען דאָס בעט. איך האָב דייטליך געזעהן: זי איז געלעגען מיט'ן פּנים ארויף, איין אָרעם איז געווען פאַרוואָר־פען אונטער'ן נאַקען, אַ רונדער, פולער אָרעם, די ליפּען זיינען געווען פעסט צוזאַמענגעדריקט, זי האָט שווער געאָטעמט. איך האָב אויך שווער געאָטעמט. איהר געזיכט האָט זיך מיר אין דער טונקעלהייט אויסגעוויזען צויבערליך שעהן, די האָר זיינען געווען צושאָטען אויף דעם ווייסען קישען און די ברוסט איהרע האָט זיך הויך באַוועגט דורך איהר שווערען אָטעמען.

איך האָב דערפיהלט, אַז זי איז מיר טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט, און איך קאָן זיך מיט איהר ניט שיידען...

---

ז ו נ ט אָ ג.

קיין גליקליכערע פּאָר מיין באַלעבאָסטע האָב איך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געזעהן. זי האָט מיר שיער די אויערען אָפּגעריסען, ווען איך האָב איהר אָנגעזאָגט, אַז איך און מיס בערמאַן דיינקען וועגען חתונה האָבען.

# דער בעל־תאוה.

דער ארטיסט ש. האָט עס דערצעהלט :

איך האָב זיך שרעקליך געאיילט, וואָרים איך האָב געוואוסט, אז דאָרט, אין טעאטער, זיינען שוין אַלע פארזאמעלט ; אז דער דירעקטאָר שפּרינגט פון הויט, און אז מען קאָן די פּראָבע ניט אָנפאנגען אָהן מיר. איך בין אָבער געגאנגען שלאָפען צו־שפּעט, דער קאָפּ איז מיר געווען שווער ווי בליי, און איך האָב זיך פאר־שפּעטיגט. נאָר איך האָב באשלאָסען ניט צו פאָהרען אויפ'ן ניכטערען הארצען אין טעאטער ; מילא, וועט ער זיך נאָך אבי־סעל קאָכען, מיין דיקער דירעקטאָר ; און איך בין אריין אין דעם נאָהענטען פרוכט־געשעפט עפּעס איבערצובייסען.

איך מיט'ן איינגענטימער פון געשעפט זיינען שוין געווען, ווי מען זאָגט, שטיקלאַך גוטע פריינד. ער האָט מיך גלייך דער־קאָנט. זאָגט ער צו מיר איין מאָל, אז איך בין ניט קיין „פּראָ־סטאַק". א וואויל אידעל, דער דאָזיגער איציק, כאָטש ער קוקט אויס גיכער עהנליך צו א מאַלפּע, ווי צו א מענשען. דאָס איז א קליין, דאַר נפש'ל, מיט א שיטער, גראָה בערדעל, מיט א דאַרען, צעקנייטשטען, שווארצען פּנים און מיט קינסטליכע אויסערגעוועהנ־ליך־ווייסע צייהן, וואָס בלאַנקען און שיינען פאר א מייל. ער איז אָבער א פריינדליכער, א צוגעלאָזטער, און איז ניט אזוי להוט נאָך געלט, ווי די מעהרסטע אידען, זאָל ניט אויסגערעדט זיין, פון יענע מקומות.

אריינגעקומען צו איציק'ן אין פרוכט־געשעפט, האָב איך זיך גענומען ארומקוקען, וואָס צו נעהמען ; און די סטאָר איז געווען פול מיט כל־טוב : עפּעל, בארנעס, אפּעלסינען, פּיינעפּעל, וויינטרויבען, און וואָס ניט, כאָטש באָד זיך אין פרוכט ; אָבער איך האָב באשלאָסען אָנצופאנגען פון די אפּעלסינען, ווייל דאָס פרישט אייך אָפּ, מונטערט אייך אויף און שארפט אָן דעם אפּע־

מיט; און ווען איך האָב שוין געהאַט אויסגעצויגען די האַנט צו נעהמען אַ פּרוכט, איז מיין בליק געפאַלען אויף נאָך אַ נפש, וואָס איז געשטאַנען ארום די עפּעל, און מיט גרויס חשק געקיים.

דאָס איז געווען אַ קורצער מענשעל, אָבער אַ דיקער, מיט אַ קיילעכדיגען פּנים, פריש און רויט, טאַקע גאָר ווי אַ רויטער, פרישער עפּעל. וואָס מיר האָט צוגעצויגען, איז געווען דער אופן, ווי ער האָט געגעסען; עפּעס האָט ער אזוי מאָדנע צוגעקנאַקט מיט'ן צונג און אזוי נחת'דיג זיך אָפּגעזיפצט. די אויגען זיינען ביי איהם געווען בשעת מעשה פאַרצויגען, פאַרטראָגען, ווי ביי אַ מענשען, וואָס לעבט־איבער דעם גרעסטען תענוג. ער האָט גע־האַלטען אין האַנט אַ טאַשען־מעסערעל און דערמיט געשניטען פּאַסיקלאַך, עס ארויפגעשטאָכען אויפ'ן שפּיץ מעסער און פאַר־וואַרפענדיג דעם קאָפּ עטוואָס אויף הינטען, האָט ער עס מיט די ליפּען אראָפּגעכאַפּט. ער האָט עס געטאָן, ווי אַ מענש, וואָס האָט צייט, און ווייסט דעם אמת'ען ווערט פון אכילה.

איך האָב געקייט מיין פרוכט און ניט אראָפּגעלאָזט די אויגען פון דעם דאָזיגען מענשען. איך האָב דערשפּירט, אז פאר מיר שטעהט אַ טיפּ, און האָב פאַרשטאַנען, אז די האַנדלונג וועט זיך אנטוויקלען, ווי מען זאָגט עס אויף אונזער אקטיאָרישען לשון. אויף מיין דירעקטאָר האָב איך אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט: אַ נייעס ביי איהם זיך צו זידלען... דער איד האָט דער־וויילע פאַרענדיגט מיט'ן עפּעל, עטליכע מאָל צוגעקנאַקט מיט'ן צונג און זיך אָפּגעזיפצט, דאַן האָב איך געהערט, ווי ער האָט אָנ־געפאַנגען צו רעדען:

— נ־נ־אַ, זאָל שוין אויף היינט זיין גענוג; אַ פיינער עפּעל געווען, אַזאַ וויינינגער, איז ממש צעגאַנגען אין מויל. יאָ, אַ פיינער עפּעל. הע, הע, הע, די באַרען קוקען אויך אויס צו זיין ניט שלעכט. פיינע באַרען, מסתמא קאַליפאָרניער. נאָר זאָל שוין זיין אויף היינט גענוג. וואָס פאַר אַ גרויסע וויינטרויבען, פּש־ש־ש! שוין לאַנג אַזעלכע ניט געזעהן. מסתמא אקאָרשט אָנגעקומען. מ'דאַרף אויף טשיקאַוועסטש אַ פרעג טאָן וויפיל דאָס קאָסט.

איציק, רב איציק! וואו זענט איהר ד'ארט? נאט דעם מע־מער אייערען.

איציק איז צוגעקומען און שווייגענד צוגענומען דאס מע־סער. דער פרעמדער האט אויף איהם געקוקט מיט א שמייכעלע, עפעס אזוי ווי ער וואלט איהם געכאפט טאן א נארישקייט.

— וואס זיינען דאס פאר א טרויבען, הא? זעהט אוים צו זיין עפעס גאר גוטע.

— פארוואס זאלען זיי זיין שלעכט, — האט איציק געענט־פערט און א בליאסק געטאן מיט די ווייסע צייהן.

— הם... זעהט אוים צו זיין גוטע וויינטרויבען. וויפיל קאסט א האלב פונט? א גאנצער פונט, דענק איך, איז צופיל.

— צעהן סענט א האלב פונט.

— צעהן סענט! ווא, ווא! וואס פאר א יקרות! איך גע־דענק דאך נאך, אז עס האט געקאסט... נאר לאמיר זעהן; א נו, ווענט אפ א האלב פונטעל.

ער האט זיך גענומען פאר די טרויבען מיט'ן זעלבען חשק, ווי צו די עפעל: האט יעדע איינציגע באטראכט א ווייל, גע־פרובט אריינקוקען אינווייניג, עס אריינגענומען אין מויל און צעקוועטשט מיט'ן צונג, אבער אזוי לאנגזאם, רוהיג, ניט געאיילט, פונקט ווי ער זאל וועלען פארלענגערען דעם נחת וואס יעדער איינ־צעלנער וויינטרויב קאן געבען; און כאטש דאס איז געווען אויפ'ן חשבון פון מיין דירעקטאר, האב איך זיך אויך ניט געאיילט און געווארט אויף דאס וויטערדיגע. ער האט מיך אזוי ווי פאר־כשופ'ט מיט'ן גלאנץ פון זיינע פאר'חלומ'טע אויגען, מיט'ן לייד־דענשאפטליכען אויסדרוק פון זיינע דיקע, פייכטע ליפען. דאס איז ניט נאר געווען א „זולל־וסובא", נאך מן־הסתם אויך א קראנקער, אין דעם זין פון אכילה. אה, עס זיינען דא אזעלכע, וואס האבען א קראנקע ליידענשאפט פאר'ן עסען. פאר זיי איז דאס ניט קיין פראגע פון שטילען דעם הונגער. עס איז פיל מעהר. און אין דעם איהעל האב איך דערזעהן איין עקזעמפלאר פון דעם דאזיגען מין.

— וואוילע טרויבען, עפעס גאר אן אנטיקעל. א נארישקיים

געוועזן, געדארפט נעהמען פאר איין גאנג אַ גאַנצען פונט, — האָט ער צו זיך געזאָגט, אזוי ווי פארזונקען אין מחשבות, און דער־בײַ האָט זיין קול געקלונגען מיט אזוי פיל צער. נאָר אָט איז זיין בליק געפאַלען אויף די בארען. ער האָט אַ שמייכעל געטאָן, אזוי ווי ער וואָלט דערזעהן גאַנץ אומגעריכט אַ גאָהענטען פריינד.

— גאָרניט געוואוסט, אז ער האָט אזעלכע בארען. מאָדנע, ווי האָב איך דאָס געהאט פארזעהן! נאָר גענוג, מען טאָר היינט מעהר ניט, — און ער האָט אזוי ווי אין גרויס פארצווייפלונג אַ מאַך געטאָן מיט דער האנט. — נ־נאָ, עס וועט זיין גענוג אויף היינט. איציק, רב איציק! וואו זענט איהר דאָרט?

— וואָס איז?! — האָט איציק צוגעשריגען פון דער אנדער־רער זייט, ציינענדיג זיינע בלענדענדע צייהן.

— וויפיל קומט אייך?

— וואָס האָט איהר געהאט?

— צוויי אַפעלסינען, אַ באַנאַנע, דריי פּיטשעס, צוויי עפּעל און אַ האַלב פונט וויינטרויבען.

— פערציג סענט.

ער האָט באַצאָהלט און זיך געלאָזט געהן צו דער טיר. פלוצ־לונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אזוי ווי ער וואָלט דערזעהן אַן אוצר.

— טע, טע, טע, גאָר פארזעהן! אַ פאַינעפּעל! אָט אַ שאָד, ניט גענעסען קיין פאַינעפּעל. נאָר גענוג אויף היינט, גע־נוג, מעהר ניט.

כאָטש ער האָט עס געזאָגט גאַנץ פעסט, אָבער ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. מיט אַ וועהטאָגדיגען שמייכעלע האָט ער געקוקט אויפ'ן הויפען פאַינעפּעל און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איך האָב געזעהן, אז ער קאָן זיך פון דעם ממש ניט שיידען. דאַן האָט ער אויסגעקליבען איינעם, איהם געדרעהט אין די הענט, געוואויגען, געשמאָכטען, און אזוי זיך, ווי געגען דעם איינענעם ווילען, האָט זיך ביי איהם ארויסגעכאַפּט:

— איציק, רב איציק, וויפיל קאָסט אָט דער פאַינעפּעל?

— דער פאינעפעל קאסט פופצעהן סענט, — האט איציק קאלטבלוטיג געענטפערט.

— פופצעהן סענט! — האט דער איד אויסגעשריגען, אזוי ווי ער וואלט דערהערט די שרעקליכסטע בשורה, — פופצעהן סענט! ניין, איך נעהם קיין פאינעפעל היינט; סיי ווי קאן מען עס אזוי ניט עסען; דאס איז נאר גוט, ווען עס איז פונ׳ם אייז און באשאטען מיט צוקער.

דאס האט ער ניט גערעדט צו איציק׳ן, נאר צו זיך אליין, אדער אפשר גאר צום פאינעפעל, וואס ער האט ניט ארויסגעלאזט פון די הענט.

— ווער עסט דאס אזוי פאינעפעל? דאס מוז מען אראפּ־נעהמען פונ׳ם אייז און באשיטען מיט צוקער, — האט ער איבער־גע׳חזר׳ט.

דאס איז, קאנטיג, געווען א מין דיפלאמאטיע פון זיין זייט. דאס האט ער געוואלט איינשטילען דעם יצר־הרע, אבער עס האט ניט געווירקט: די האנט האט פעסט געהאלטען די פרוכט און זי ניט געוואלט ארויסלאזען.

— נו, טאקע, וואס פאר א טעם האט א ווארימער פאינעפעל? דאס מוז זיין פונ׳ם אייז און באשאטען מיט צוקער; אנדערש קאן מען עס ניט עסען, — האט ער צו זיך אליין געשמועסט.

ער האט זיך ארומגעקוקט מיט א בלאנדזשענדען בליק און מיך צום ערשטען מאל דערזעהן. ער האט מיך באטראכט מיט א לאנ־גען, פארשענדען בליק און געפרעגט:

— איא, מיסטער לעבען, מען קאן ניט עסען קיין פאינ־עפעל אט גלאט אזוי, דאס מוז זיין פונ׳ם אייז און באשאטען מיט צוקער?

— פארוואס? איך עס דאס אלע מאל אט אזוי, עס שאדעט ניט; פארקעהרט, אמאל איז דאס נאך בעסער, — האב איך גאנץ אומשולדיג געענטפערט.

ער האט זיך מאדנע דערפרעהט. זיין פנים האט אויפגע־שטראהלט. ער האט אויף מיר געקוקט מיט ווארימער פריינד־שאפט.

— יאָ, אָבער פופצעהן סענט ? — האָט ער גענומען שטאַמ־לען.

— דאָס איז זיך א גאַנץ אַנדער זאַך. נאָר איך פאַרזיכער אייך, אַז מען קאָן דאָס עסען אָהן אייז און אָהן צוקער ; פאַרקעהרט, מיר געפעלט עס...

— טאַקע ? און איך האָב געמיינט, אַז מען מוז עס האַלטען פריהער אויף אייז, באַשיטען מיט צוקער און נאָכדעם...

— גאָר ! עס הויבט זיך אפילו ניט אָן ! אַנו, פּרובט נאָר, — האָב איך א וואונק געטאָן אויף דער פרי, וואָס איז גע־לעגען אין זיינע הענט.

— איך ווייס, אפשר איז עס טאַקע צופיל, פופצעהן סענט, אַזא יקרות ! — האָט ער זיך געבעטען.

— שאַ, ווייסט איהר גאָר וואָס ? לאָמיר מאַכען שותפות. איך גיב אַכט און איהר זיבען סענט. געהט עס ? — האָב איך לוסטיג ארויסגעשריגען.

— שותפות ? גוט, פאַרוואָס ניט ; אָבער פאַרוואָס עפּעס איהר אַכט און איך זיבען ? — האָט ער פאַרדעכטיג געפרעגט, קוקענדיג מיר אין די אויגען.

— עהע, רב איד, — האָב איך זיך גענומען בייזערען, — וועמעס פּלאַן איז דאָס געוועזן : מיינער אָדער אייערער ? אָט אַזוי מוז עס זיין : איך אַכט און איהר זיבען. אַנו, הויבט אָן.

— אָבער איך ווייס ניט, צי עס איז גוט אַזוי, אָהן אייז און אָהן צוקער.

— ווי איהר ווילט, — האָב איך מיט רוגזה געזאָגט, און געמאַכט א טריט פון איהם.

— נו, נו, זאָל זיין אַזוי ; אָבער געדענקט, שותפות ! — האָט ער געזאָגט און פאַרמאַכט איין אויג.

— געוויס שותפות, — האָב איך איהם פאַרזיכערט.

— אָבער איהר זענט זיכער, אַז עס איז גוט אָהן אייז און אָהן...

— זיכער ; פאַנגט שוין אמאָל אָן ! — האָב איך מיט כעס אויסגעשריגען.

— איציק, רב איציק, וואו זענט איהר דאָרט ? גיט מיר אקאָרשט אייער מעסער, — האָט ער מיט א הילכיגער, פריידיגער שטימע אויסגערופען.

ער האָט געעבענט דאָס מעסער און זיך גענומען מיט א גע־ניטער האַנט ארומשיילען די שטעכיגע הויט פון דעם פאַינעפּעל. איצט איז ער שוין ווידער געוואָרען לוסטיג ; די אויגען האָבען זיך ווידער באַצויגען מיט א פייכטקייט.

— אַך, ווען עס איז פונ׳ם אייז און מיט צוקער ! — האָט ער געזאָגט מיט באַדויערען, דערלאַנגענדיג מיר א פּאַס ווייסען, זאַפטיגען פאַינעפּעל.

נאָר מעהר האָב איך זיך ניט געקאָנט באַהערשען. דער גע־לעכטער, וואָס האָט זיך ביי מיר געזאַמעלט, און וועלכען איך האָב מיט אַלע קרעפטען אונטערדריקט, האָט זיך איצט דורכגע־ריסען מיט דער גאַנצער קראַפט. איך בין זיך פארגאַנגען און דעם אָטעם ניט געקאָנט כאַפּען.

דער איד איז געוואָרען בלאַס, ווי דער טויט. מיט גרויסע, ארויסגעסטאַרטשטע אויגען האָט ער אויף מיר געקוקט, ווי ער וואָלט דאָ דערזעהן פּלוצלונג א ווילדע, שווידערליכע באַשע־פעניש.

— איהר האָט חרטה ? — האָט ער ארויסגעזייהט פון צווי־שען די ציינער.

— ניין, — האָב איך קוים ארויסגעקייכט.

— אהא, דאָס איז חוזק ? — האָט ער א ברום געטאָן. און די אייגען זיינען איהם פארלאָפען מיט בלוט. ער האָט געהאַלטען נעגען מיר זיין מעסער.

— ניין ! — האָב איך אויסגעשריגען אין טויט־שרעק.

— וואָס דען לאַכט איהר ? — האָט ער געפרעגט מיט א פאַר־קרימטען פּנים.

— פון דעם, וואָס איהר האָט געמיינט, אַז מען קאָן דאָס ניט עסען אָט אזוי, אָהן אייז און אָהן צוקער.

ער האָט זיך בארוהיגט. דער כעס זיינער איז פּלוצלונג פארשוואונדען ; און ווידער איז פאַר מיר געשטאַנען דער זעל־

בער נפש, וואס האט מיט א ווילדען חשק געקייט און געטשמאַ־
טשקעט, געשעפטשעט און זיך באלעקט. דערצו האב איך באַ־
מערקט, אז ער איז בטבע עהרליך, ווייל ער האט געזעהן, אז אויף
מיין חלק זאל אויסקומען ניט ווייניגער, אז ער זאל מיר, חלילה,
ניט אָפּנארען; און עס איז שיער ארויסגעקומען ביי אונז א
געשלעג, ווען איך האב זיך איינגעשפּארט, אז איך וויל באצאָהלען
די גאַנצע פּופּצעהן מענט.

— שותפות איז שותפות! — האט ער געשריגען, — א
מענש דארף האלטען זיין ווארט!

* * *

מיר האָבען געזאָלט צוזאמען ארויסגעהן פון געשעפט, נאָר
ביים סאמע מיר האָט ער באמערקט טייטלען, און מיר איז אויס־
געקומען איהם איבערצולאָזען...

# צו שפּעט

מאַטעל איז זיך געלעגען גאַנץ באַקוועם אויסגעצויגען אויפ'ן טשער אין באַרבער שאָפּ און האָט האַלב געדרעמעלט. ער האָט כמעט ניט געפּיהלט וואָס דער קורצער, דיקליכער באַרבער טוט מיט איהם. זיינע געדאַנקען זיינען געווען ווייט פון דאַנען... נאָך איין שעה, און אַלץ וועט ווערען אַנדערש.

מיט א שטונדע פריהער, קומענדיג פון דער אַרבייט, האָט ער ביי זיך אויפ'ן טיש געפונען איהר בריוועל.

„איך וועל אין דער באַשטימטער צייט זיין אויפ'ן פּלאַץ, און איך האָף, אז קיין ערנסטעס האָט חלילה מיט אייך ניט פּאַסירט".

דאָס איז געווען דער ענטפער אויף זיינעם א בריף, אין וועלכען ער האָט איהר געשריבען, אז ער מוז זי זעהן צוליב אַן ערנסטער זאַך, זאָל זי אין אָווענט באַשטימט קומען אין פּאַרק; דאָרט וועט ער איהר אַלעס ערקלערען. און ביי דיזען וואָרט אין זיין בריף האָט ער אוועקגעשטעלט א גאַנצע שורה מיט פּינטעלאַך.

„גאָט ווייסט, וואָס זי האָט דאָרט איבערגעטראַכט! א קלייניגקייט אזוי פיל פּינטעלאַך.... ניט קיין שלעכטער איינפאַל", האָט ער צו זיך אין געדאַנק געשמייכעלט. ער האָט זיך שנעל איבערגעטאָן אין די יום-טוב'דיגע קליידער, זיך גוט באַטראַכט אין שפּיגעל, אַרומגעטאַפּט די באַקען, און באַשלאָסען צוליב דעם וויכטיגען מאָמענט אריינגעהן נעמען א שייוו: מען מוז היינט אויסזעהן א ביסעל לייטישער. עס איז איהם געוואָרען מאָדנע פריהלאַך. איצט, אז עס האָט זיך שוין אזוי געמאַכט, וועט עס נעמען אַן ענדע צו אַלע זיינע ספקות און בענקעניש. ער וועט איהר זאָגען קורץ און שאַרף: „ליזע, איך האָב אייך ליב; איך קען אָהן אייך ניט לעבען; איך וויל, אז איהר זאָלט ווערען מיין פרוי". זי וועט זיך געוויס דערשרעקען, וועט זיך א צאַפּעל טאָן און נעמען וויינען.

אָבער זי וועט זיך באַלד באַרוהיגען, און ער וועט זי צודריקען צום הארצען שטארק, שטארק...

— סעי, ליגט רוהיג! איהר ווילט, איך זאָל אייך אָפּשניידען א האַלבע באַק? — האָט דער בארבער געזאָגט כּלומרשט בייז.

ער האָט פון דאָס ניי פארמאכט די אויגען און גענומען טראכטען פון דער באגעגעניש. ער וועט זיך בכיון זעצען אויף אן אנדער באַנק; זי וועט אָנקומען און זיך ארומקוקען צושראָקען, וועט דרעהען דעם קאָפּ אין אלע זייטען און זוכען. פּלוצים וועט ער זיך אזוי פון הינטען־ארום זיך צו'גנב'ענען שטילינקערהייט און איהר פארמאכען די אויגען. און ווי איהר שטייגער, וועט זי, אָנכאַפּענדיג זיינע הענט, זאָגען: „מאַקס, דאָס זיינט איהר?" ער וועט שווייגען ביז זי וועט זיך צולאכען מיט איהר הויכען, קלינגענדען געלעכטער, וועלכען ער האָט אזוי ליב, אז ס'דאכט זיך איהם, דאָס עס וואָלט איהם קיינמאָל ניט מיאוס געוואָרען איהם צו הערען.

א שטיפערקע א מיידעל, נאָך גאָר א יונגע ציגעלע, צוואַנציג יאָהר אינגאנצען, און דערצו איז זי אזוי קליין געוואקען, אז זי ווייזט אוים פיל אינגער, נאָך גאָר א קינדעלע.

ער דערמאָנט זיך, אז ווען זיי זיינען געוואָרען גוט־פריינד און גענומען ארומגעהן, האָט ער איהר אין שפּאַס אמאָל א זאָג געטאָן:

— איהר ווייסט: מענשען, וואָס קענען אונז ניט, וועלען דענקען, אז דאָס איז א טאטע מיט א טאָכטער.

— איך האָב שוין דאָס אויך געטראכט, — האָט זי געענטפערט. — איהר זיינט אזא הויכער, אז איך רעד צו אייך, מוז איך קוקען ארויף־צו.

— דאָס איז אייער שולד. פארוואָס זיינט איהר געבליבען אזא קורצינקע?

— אויך מיר א דאגה, זאָל זיין א טאטע מיט א טאָכטער.

דער געשפּרעך איז איהם אפילו געווען ניט גאנץ אנגענעהם. ערגעץ וואו אין דער נשמה האָט איהם א רופּע געטאָן: א טאטע גאָר! נאָר ער האָט זיך הכנעה'דיג אונטערגעגעבען, ווייל אין דער

אמת'ן איז דאָך דאָס אזוי נאטירליך: ער, א מאַן פון נײַן און דרייסיג, מיט קנייטשען אין די ווינקלען פון שטערען און מויל, א הויכער, דיקער מאנספּארזאָן; און זי, א צארטע, א קליינינקע, א פרישע ווי א בליהענדע רויז, מיט חן־גריבעלאך אין די באקען. וואָס דען, א חבר איז ער איהר? און אזוי איז דאָס טאקע געבליבען. אין מאָמענטען פון צערטלעכקייט פלעגט ער זי גלעטען איבער די האָר און רופען „טאָכטערקע". און געזעהן האָט ער, אַז דאָס איז איהר זעהר אנגענעהם; אין אזוינע מאָמענטען פלעגט זי זיך צו איהם צוטוליען, מיט איהר גאנצען יונגען קערפּער און איינגראָבען איהר פּנים ביי איהם אויפ'ן ברוסט.

ער האָט דערפיהלט, אז די מיידעל איז איהם צו טייער, אז זי פארנעמט א גרויסען אָרט אין זיין הארצען, אז עס איז איהם שווער צו לעבען אָהן איהר. ער האָט איהר געפּרופט געבען צו פארשטעהן דורך פארשידענע מיטלען, אז ער פיהלט צו איהר מעהר ווי צו א טאָכטער. אָבער זי האָט עס ענטוועדער ניט פארשטאַ־נען, אָדער זיך געמאכט ניט פארשטעהן.

— א הער־טאָניק? — האָט איהם איבערגעריסען די גע־דאנקען דער בארבער, וועלכער האָט עס געפרעגט גלאַט אזוי זיך, פון יוצא וועגען, וואָרים ער האָט געוואוסט, אז מאָטעל איז ניט קיין בעלן אויף אַזעלכע זאכען. דאָס מאָל אָבער, צו זיין איבער־ראשונג, האָט מאָטעל איינגעשטימט צו נעמען א טאָניק.

— איהר קלייבט זיך ערגעץ געהן היינט?

— אַ אזוי זיך. איך דארף ערגעץ אריינגעהן צו באקאנטע — און דערביי האָט ער א צופרידענעם שמייכעל געטאָן.

— א כלה אָנקוקען? כע כע... — האָט דער בארבער גוט־מוטיג געלאכט.

— וואָס איך קען איינפאלען. אין מיטען דערינען א כלה נאָר?...

— וואָס מיינט איהר, מיסטער שווארץ? אויף מיין וואָרט עס וואָלט שוין צייט געווען. וויפיל איז דער שיעור צו ווארטען?..

— וואָס וועל איך דאָ פארזאמען, די גליקען, די גרויסע?...

מאָטלען האָט זיך פארגלוסט אייגראמען א סוד דעם בארבער.

„אי וואָלט ער עס איבערראשט געוואָרען", האָט מאָטעל א טראכט געטאָן, נאָר ווארפענדיג א קוק ארום זיך אויף די פרעמדע, פאר־גליווערטע געזיכטער, האָט ער זיך איינגעהאלטען און געשוויגען.

— איהר ווייסט, מיסטער שווארץ, איהר ווערט גראָה, — האָט א זאָג געטאָן דער בארבער.

— וואָס, איך ווער גראָה? וואו האָט איהר געזעהן? א נייער נייעס...

— אז איך זאָג גראָה, איז גראָה, — האָט דער בארבער גע'טענה'ט דאָס זייניגע, גוט איינקוקענדיג זיך אין מאָטעל'ס האָר.

מאָטלען איז געוואָרען מיט אמאָל שווער און אומעטיג אויפ'ן הארצען. איהם האָט זיך געדאכט, אזוי ווי מען וואָלט איהם געכאפט ביי א גנבה. מיט א געמאכטער רוהיגקייט האָט ער גע־ענטפערט:

— טאָמער האָט ער דערזעהן א פאָר גראָהע האָר, הייסט שוין ביי איהם גראָה געוואָרען.

— א מאָדנער מענש! ער וויל זיך איינרעדען! גאנצע פאסען האָר זיינען ביי איהם ווייס ווי מילך, און ער וויל ניט גלויבען.

— וואָס מיינט איהר, עס איז א נאטור אזא, — האָט זיך ארייננגעמישט אן עלטערער איד. — אָט בין איך נאָך קיין גאנצע פופציג ניט, א.ז.ו. זעהט...

אלע האָבען אומגעוועגדעט זייערע אויגען אויפ'ן אידען: אין דער אמת'ן איז זיין שיטער בערדעל געווען אינגאנצען ווייס.

— גוט שבת, ער גלייכט זיך אויך צו א מענשען, — האָט זיך אָפּגערופען יענעמ'ס א שכן, אויך אן עלטערער מענש.—וואָס, דיר איז אויך ניט צייט גראָה צו זיין?

מאָטעל האָט ארויסגענומען דעם זייגער: אינגאנצען איז נאָך פארבליבען צוואנציג מינוט. ער האָט געמ'זט צואיילען. עס איז איהם געווען שווער און אומרוהיג: זיין פרעהליכע שטימונג איז פלוצלונג ווי א רויך צושוואומען.

— בעסער וואָלט ער זיך דעם צונג אָפּגעביסען, דער נאַ־רישער באלבעטון, — האָט ער בייז געטראכט, — ווער האָט איהם

געבעטען דערצעהלען גראָה, ניט־גראָה; וואָס איז דאָס זיין עסק! טו דיין ארבייט און שווייג. איז נאָר דאָס דרעהט מיט'ן צונג, דער שוטה. מיין פום וועט דאָרט מעהר ניט אריינטרעטען.

ער האָט זיך געלאָזט געהן אין דער ריכטונג פון פארק, אָבער איהם האָט זיך פארגלוסט, אז פון דער באגעגענים זאָל זיך גאָר־ניט אויסלאָזען. ער האָט געפיהלט, אז ער וועט איצט ניט זיין בכח ארויסצורעדען די ווערטער וואָס ער האָט געהאט פריהער צוגעגרייט. ווען עס וואָלט איצט אָנגעהויבען פּלוצלינג גיסען א רעגען, אָדער א שטורעם וואָלט אָנגעקומען, וואָלט ער דאכט זיך, גאָט געדאַנקט. עס איז אָבער געווען שטיל און וואַרעם; דער הימעל א לויטערער, א טונקלע־בלויער, אָפּגעפּיקעוועט מיט מיליאָנען פינקלענדע שטערענדלאך, איז געהאנגען איבער'ן שטאָדט, און דער שפּאצירענדער עולם האָט אזוי פרעהלאך לוסטיג גערוישט.

ער האָט זיך דערשפּירט איינזאם און עלענד. אין הארצען האָט איהם מאָדנע געדריקט און דער קאָפּ איז געוואָרען אָנגעגאָסען ווי מיט בליי.

— פוי, מיאוס! א מענש מיט א פּליך, א גרויער, געהט זיך טרעפען מיט א יונגע קינד... איך בין א בהמה... — האָט ער זיך אליין אויסגעזידעלט — ווער האָט מיר געטריבען שרייבען אזא בריף און נאָך מיט פינטעלאך ווי א קליינער אינגעל... פוי, א שאנדע! ...

ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי ער זאָגט איהר די אויסגע'חזר'טע ווערטער: „איך האָב אייך ליב, איך קען אָהן אייך ניט לעבען. איך וויל, איהר זאָלט זיין מיין פרוי.” און זי, א קליינינקע, אונשולדיגע קינד, ציטערט פאר שרעק און אויפרעגונג. זי האָט זיך אין גאנצען פארלוירען און ווייס ניט וואָס צו ענטפערען.

ער האָט דערפיהלט ווי דאָס פּנים פלאמט איהם פאר שאנדע.

די בעסטע זאך וואָלט איצט געווען, זיך אומקעהרען און געהן אהיים. אָבער וואָס וועט זי טראכטען? זי וועט זיך דאך פיהלען געקרענקט און באליידיגט. און וואָס וועט זיין שפּעטער?

קיין מאָל מעהר זי ניט זעהן, ניט פיהלען איהר נאָהענ־קייט, ניט הערען איהר פרעהליכען געלעכטער, קיין מאָל ניט. און די אויגען זיינען איהם פארלאָפען מיט טרערען. . .

„אָבער וואָס וועל איך איהר זאָגען ? צו וואָס האָב איך זי גערופען. זי וועט דאָך פארשטעהן, אז דאָ האָט עפּעס פּאסירט. זי קען זיך נאָך אָנשטויסען, און דאן איז אַלעס פארלאָרען", איז איהם דורכגעלאָפען אַ געדאנק, און ער האָט אַ שוידער געטאָן.

„געהן אָדער ניט ?" האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן אין גע־דאנק. ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און אָנגעקוקט דעם ווייי־טען טונקעלען פאס ביים עק גאס — דעם פארק. ער האָט א ציטער געטאָן. פון דאָרט האָט צו איהם ארויסגעקוקט א בייזע אויג, וואָס האָט געוואונקען צו איהם מיט כעס : „אוועק, דו אלטער בחור ! אהיים געה !"...

ער האָט צוריק אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. א היבשע ווייַלע איז ער געשטאנען ווי א פארגליווערטער אויף איין אָרט. צוויי גרויסע טרערען האָבען זיך איהם אראָפּגעקייקעלט איבער די באַקען. ער האָט א מאך געטאָן מיט'ן האנד און זיך פארקירעוועט אין דער ריכטונג פון זיין איינזאמער היים.

# די פּרינצעסין שבת

דאָס איז געווען שבת אבענד נאָך א וואָך שווערער ארבייט. איך בין געקומען אהיים פאר פריה און זיך צוגעשפּארט אויף דער הארטער סאָפע. עס איז געווען פארנאכט, זומער. אין דער קליינער קאָנטרי־שטעדטעל, וואו די פעקטאָרי איז, אין וועלכער איך האָב געארבייט, זיינען די אווענדען גאנץ אנדער׳ע, ווי אין די גרויסע שטעדט. דאָ זעהט מען בחוש דאָס זאכטע אָנקומען פון דער נאכט, ווי די רויטע קיילעכדיגע זון־ראָד נעהמט זיך אראָפּגליטשען שטיל, פּאמעלאך אויפ׳ן ראנד פון הימעל, איבערלאָזענדיג א בלוט־רויטען קאָליר אויף אלץ ארום. אונטער דעם איינדרוק פון די אָוונד־שאָטענס שווימען ארויס אלטע, לאנג־פארגעסענע בילדער. על ווערט ווארים און טרויעריג אויפ׳ן הארצען.

דעם אמת גערעדט, בין איך געווען יענעם אווענד ראָמאַנטיש געשטימט. מאָרגען, דאָס הייסט זונטאָג, איז מיר פאָרגעשטאַנען א באַגעגעניש. א בלאָנדע מיידעל, מיט בלאָהע גרויסע פאר׳חלום׳טע אויגען האָט מיר באַדארפט געבען איהר ענטפער „יאָ” אָדער „ניט”.

א וואונדער שעהנע מיידעל איז עס געווען, און איהר ענטפער איז געווען פארבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. זי האָט געהאַט פרומע קאַטוילישע עלטערען, וואָס וואָלטען זיך בעסער געלאָזט אָפּהאַקען די קעפּ, איידער אָפּצוגעבען זייער יוליא פאר א „זשיד”. אָט די שוועריגקייטען האָבען געמאַכט, אז אונזער ליעבע זאָל ווערען שטאַרקער, ברענענדער. זי האָט זיך אָפּגעהאַלטען פון צו געבען א באַשטימטען ענטפער. זי ווייס ניט, זי וועט זיך באַטראַכטען, און זי האָט מיך געהאַלטען אין איין טרייסטען:

— נאַרעלע, וואָס אַרט דיר, שטער איך דיר דען? קושט

מיך ווייניג? לאשטשעסטו מיך דען ניט גענוג? האָב געדולד, וואַרט, איך מוז זיך איבערלייגען.

מאָרגען האָב איך אָבער באַדאַרפט באַקומען אַן ענטשידענעם ענטפער און דאָס האָט מיך געמאַכט נערוועז. איך האָב קוים מיט צרות דעם שבת׳דיגען טאָג אריבערגעשטופּט. יעדע מינוט האָט זיך מיר געצויגען ווי פון פעך. מיר האָט זיך אַלץ געדאכט, אַז דער זייגער איז שטעהן געבליבען; קוים וואָס איך האָב דערלעבט צו הערען דעם פרעהלאכען הילכענדען פייף פון דעם אומגעהייער הויכען פאַבריק־קוימען. און אָט בין איך עס געלעגען אין מיין קליין חדר׳ל און ארויסגעקוקט אויף דעם רויטען פּאַס, וואָס די פארגעהענדע זון האָט נאָך זיך געלאָזט אויפ׳ן ראַנד פון הימעל.

---

איך האָב איינגעדרעמעלט, און באלד האָט זיך מיר עפּעס אָנגעהויבען צו וועבען אין מאַרך. מיר האָט זיך געדאכט, אַז איך געה אין אַן איינזאַמען אָרט. אַ פּוסט פעלד, קיין בלום, קיין גרעזעלע איז ניט צו זעהן. אַלץ איז אָפּגעשטאָרבען און טויט. קיין סימן פון אַ לעבעדיגען וועזען. איך קוק אויף אַלע זייטען, איך זוך וועמען ניט איז צו פרעגען דעם וועג אין שטאָדט, אָבער קיינער איז ניטאָ. ווייט און ברייט ליגט אויסגעשפּרייט פאַר מיר דאָס פּוסטע פעלד. עס ווערט מיר אומעטיג אויפ׳ן הארצען, איך הויב אויף די אויגען צום הימעל; ער איז פארצויגען מיט אַ דיקען גראָהען וואָלקען. קיין שיין, קיין שטראַהל, אַלץ איז גראָה און מאַט, טויט־פארגליווערט.

אַ לאַנגע צייט שטעה איך אויף אַן אָרט, דעם קאָפּ געזונקען צו דער ערד. עס איז מיר שווער און דריקענד, אָבער פּלוצלונג הער איך לייכטע טריט, אַ שאָרך פון אַ זיידען קלייד. איך הויב אויף די אויגען און זעה אנטקעגען מיר אָנקומען אַ יונגע פרוי אין ווייסען געקליידט. מיט אַ לייכטען שלייער איז איהר פּנים באַדעקט; אָבער דורך דעם טול שיינט מיר ארויס אַ לויכטענד געזיכט, זונען־שטראַהלען האָבען זיך פון דעם אָפּגעשלאָגען. אָט זעה איך די דינע, עטוואָס געבויגענע נאָז, די בלאַסע, צאַרט־

ווייסע באַקען און די שווארצע פינקעלדיגע אויגען ; זיי קוקען אויף מיר, די אויגען, גלייך אין פנים אריין.

איך דערקאָן אָן איהר, אַז דאָס איז אַ אידישע פרוי. זי איז מיר באַקאנט. איך וויים, אַז איך האָב זי ערגעץ באגעגענט, זיך מיט איהר אמאָל געקאָנט און גוטע פריינד געוועזן. איך קאָן זיך אָבער ניט דערמאָנען וואו און ווען. זי קוקט אויף מיר מיט איהר ברענענדען בליק און אויף די פולע ליפען איז פארגליווערט א שמייכעל, א ביטערער שפּאָט.

— דערקאָנסט מיך ניט, פארגעסען, האַ? — זאָגט זי מיט וועהמאָג און טרערען הערען זיך אין איהר שטימע.

— זאָג ווער ביזטו? — בעט איך זיך מיט א ציטעריגען קול. ווער איך בין? — געדענקסט ניט דיין בעסטען פריינד?

— ווי איז דיין נאָמען?

מיין נאָמען איז שבת, די פרינצעסין שבת!

— שבת — שריי איך אוים פארוואונדערט — שבת? וואו האָבען מיר זיך דען געטראָפען? איך האָב אַלעס פארגעסען.

— וואו? דאָרטען אין דעם ווייטען שטעדטעל אין קליין הייזעלע, וואָס איז מיט שטרוי באדעקט. געדענקסטו, ווי דו פלעגסט נאָך מיר בענקען, אויף מיר זיך נאָכפרעגען, און אַז איך פלעג אָנקומען, פלעגען די אויגעלאך ביי דיר אויפשיינען מיט קינדערשער פרייד, האָט דיין קינדיש הארץ געציטערט פאר נחת? ווייסטו, אַז דיך האָב איך ליבער געהאַט פאר אלע אנדערע אינגלאך; איך האָב דיך מעהר ווי אלעמען געלאַשטשעט, געקושט, ווייל דו האָסט מיך אויך שטארק האָלד געהאַט, און איין מאָל האָב איך ביי זיך געשוואָרען דיך קיין מאָל ניט צו פארלאָזען: — דו ביזט דער אויסדערוועהלטער פון מיין הארצען געוואָרען.

דאָס איז געוועזן לאַנג צוריק. דו ביזט נאָך אזוי קליין, אזוי יונג און שוואך געוועזן, אַז דער מינדסטער ווינטעל האָט דיך אומגעוואָרפען. איין מאָל, אין א פינסטערער נאכט, ביזטו געלעגען ביי דער זייט פון דיין אלטען פרומען זיידען. דו האָסט געשמאק געשלאָפען, אָבער פלוצלינג האָסטו ערוואכט און אָנגע־הויבען רופען, וועקען דעם זיידען:

— זיידע, זיידע!

— וואָס איז, מיין קינד? — האָט ער דיך געפרעגט מיט אַ פארשלאָפענעם קול.

— זיידע, היינט איז שבת?

— ניין, מיין קינד, היינט איז דינסטאָג; שלאָף רוהיג, האָט ער געענטפערט.

דו ביזט אָבער ניט געשלאָפען. ביזט לאַנג געלעגען מיט אָפענע אויגען און געקוקט אין דער פינסטערנים... דיר האָט זיך געוואָלט וויינען, פאר וואָס עס איז ניט שבת. דו האָסט נאָך מיר געבענקט מיט דיין ריינער, לויטערער נשמה. גראָד איז דאַן געווען האַלבע נאכט, ווען אין הימעל טראָגען זיך ארויף די תפילות פון יענע, וואָס וויינען אויפ'ן אידישען גלות, ווען גאָט זיצט אויף זיין שטוהל אַן אומעטיגער, אַ פארטראַכטער. אָט צווישען די אַלע תפילות איז דיין בענקשאַפט צו מיר אויך גע־ ווען, און ווען זי איז אָנגעקומען, האָט עס אויפגעשיינט ווי אַ פינקלענדער שטערנדעל; די מלאכים האָבען זיך דערפרעהט, האָבען הויך און קלינגענד געלאַכט. גאָט אַליין האָט אויך אויפ־ געהויבען זיין געזיכט און האָט דיין בענקשאַפט דערזעהן; ער האָט אַ שמייכעל געטאָן און מיך צוגערופען:

— טאָכטער מיינע, אָט די בענקשאַפט פון אַ ריינעם, אומ־ שולדיגען קינד גיב איך דיר אוועק אלס מתנה. היט איהם, יע־ נעם אידישען אינגעלע, ווי דאָס אויג פון קאָפ. דאָס איז מיין ווילען. אזוי זאָל געשעהן.

און פון דעמאָלט אָן האָב איך פון דיר קיין אויג ניט אראָפּ־ גענומען. איך האָב דיך באשיצט און באשירעמט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אין אַלע שווערע מאָמענטען פון דיין לעבען פלע־ איך ליכט, טרייסט אריינגיסען. איך האָב דיך פאַלען ניט גע־ לאָזט, און איצט, ווען איז מיר, וואָס איך האָב דערלעבט — דו שעלסט מיך, פלוכסט מיך.

— איך שעלט דיך? — האָב איך פארוואונדערט געפרעגט.

— יע, דו שעלסט מיך. איך האָב היינט געהערט, ווען דו ביזט געשטאַנען ביי דיין מאשין, האָסטו געזאָגט „פארפלוכטער טאָג, ווי ער שלעפּט זיך עס".

איך האָב ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען אויף דעם. דאָס איז געווען דער ריינער אמת. און איך בין געבליבען מיט א געזונקע־נעם קאָפּ שטעהן פאר איהר. זי האָט פון מיר איהרע לויכטענדע אויגען ניט אראָפּגענומען, גרויסע טרערען זיינען אין זיי געשטאַנען.

— האָסט מיך געשאָלטען, און איך ווייס צוליב וועמען. דיינע געדאנקען, דיינע פאַרלאַנגען און די נשמה דיינע געהערען איצט ניט צו דיר. האָסט עס א פרעמדער אוועקגעגעבען.

זי איז געבליבען שטיל, האָט אויף מיר געקוקט מיט אויגען, פול צער און וועהטאָג, און אין מיר האָט עפּעס אויפגעוואכט, מיך צוטרייסעלט ביז דעם מארך פון די ביינער. א שווערע, דריי־קענדע שאנד האָט מיך ארומגעכאַפּט. פּלוצלינג אָבער האָט זי מיך מיט איהר שנעע־ווייסער האנט באריהרט און מיט א ווייכען, בעטענדען קול ארויסגעזאָגט: אנטלויף וואָס שנעלער.

— אָבער אז איך קאָן אָהן איהר ניט לעבען? זי איז מיין איינציגע טרייסט און האָפנונג?

— שווייג, שווייג! — האָט זי אויסגעשריען מיט צאָרן, — דו לעסטערסט גאָט מיט אזעלכע רייד; דיין גליק, דיין האָפ־נונג וועסטו צווישען דיינע באקומען. גיב מיר דיין וואָרט, אז דו וועסט פון דאַנען אוועק גיכער. גיב דיין וואָרט, עס איז שוין שפּעט, און איך מוז צוריק פליהען אין מיין רוה אריין.

א היבשע ווײַלע בין איך געשטאַנען מיט א געזונקענעם קאָפּ; אין מיר האָט עס געיאָמערט, אָבער געזאָגט האָב איך:

— איך גיב מיין וואָרט.

זי האָט זיך צוגעבויגען צו מיר און מיט איהרע רויטע, זאפ־טיגע ליפּען מיין שטערען באריהרט. עס האָט מיך א בריה גע־טאָן און איך האָב די אויגען געעפענט.

---

איבער מיר איז זי, מיין לויכטענדע, בלאָנדע מיידעל גע־שטאַנען און צערטליך מיין שטערען געקושט. מיט קינדערשער פרייד האָט זי מיר אָנגעזאָגט:

— איך האָב דיר מיין ענטפער געבראכט, „יאָ", איך האָב דיך ליב און וועל דיינע זיין, דיינע אויף אייביג, גאָר טו מיר די

געפעליגקייט, נעהם אָן אונזער גלויבען, טו דאָס פאַר מיר. אנדערש ווילען זיי ניט; זיי ווילען אונז דער׳הרג׳ענען...

* * *

אין אויפ׳ן דריטען טאָג בין איך צוריק אין דער אייביג־קאָכענ־דער, אימער שטורעמדיגער אידישער ניו־יאָרק געווען.

## געגעסען חזיר.

די דרייסיג ארבייטער פון דער דרוקעריי האָבען זיך צור־טיילט אויף צוויי טייל, אויף יונגע און אלטע, און געפיהרט איינע געגען די אנדערע א הארטען, איינגעשפארטען קאמף. קיין צד האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען אויף א האָר, ווייל יעדער איז געווען איבערצייגט, אז ער איז גערעכט. מיר, די יונגע, האָבען גע־האלטען יענע פאר פינסטערע פאנאטיקער, און זיי אונז — פאר יונגע שקצים, פאר ווייסע־חברה׳ניקעס. מיר האָבען זיך איינע די אנדערע אָנגעטאָן אלערליי צרות, מיר האָבען איינע די צווייטע פארפאָלגט אויף יעדען שריט.

— איהר וועט זעהן, געדענקט מיין וואָרט, זיי וועלען זיך נאָך שמד׳ן... וואָס דען קען ארויסקומען פון אזא חברה, וואָס האָבען אויף זיך קיין שום יאָך ניט; ווילען ניט וויסען פון קיין זאך, ריידען על אדני ועל משיחו?... פארברענט זאָלען זיי ניט ווערען!

אזוי פלעגט זיך צולאָזען אויף זיין דינעם קול׳כעל רב שלמה, דער עלטסטער זעצער, א קליינטשינקער, א דארער, מיט א שיטע־רער שווארצער בערדעל, וואָס איז ווי א בעזימעל אראָפגעהאנגען אויף זיין פלאכער, איינגעפאלענער ברוסט. און זיינע שארפע אויגען פלעגען אויף אונז קוקען מיט כעס.

אז מיר פלעגען איהם ברענגען א באווייז פון א בוך, אז מיר זיינען גערעכט, פלעגט ער ארייגפאלען אין א רציחה:

— ביכער! וועגען ביכער געהען זיי מיט מיר ריידען! וואָס אָט די הענט האָבען שוין אויף זייער לעבען דורכגעלאָזט, וועט איהר, איהר זאָלט אפילו לעבען הונדערט יאָהר, ניט קענען דורכ־לעזען. מיט מ י ר ריידען זיי וועגען ביכער!...

דערביי פלעגט ער אויסשטרעקען זיינע מאָגערע אויסגע־שמירטע הענט מיט די דינע, לאנגע פינגער, און מיר האָבען ניט

ווילענדיג געמוזט גלויבען, אז ביכער האָט ער זעהר פיל דורכ־געלאָזט דורך זיינע הענט.

— אָבער ביכער צו ביכער זיינען דאָך ניט גלייך. אָט, למשל, זיינען גמרות אויך ביכער; אָבער וואָס קומט ארויס פון זיי? — רופט זיך אָפּ מאָטעל דער אויפלעגער, א הויכער, דארער בחור'ל, מיט גרויסע שווארצע אויגען.

— וואָס עס קומט ארויס פון זיי, דארפסטו בעסער וויסען; האָסט דאָך געלערענט אין דער ישיבה. זאָג, אדרבא, לאָמיך אויך הערען.

אלע ציהען אויס די העלזער, שטעלען אָן די אויגען אויף מאָטלען און ווארטען. ער איז דער געבילדעטסטער, דער קליג־סטער פון אלע, און איז אונזער אָנפיהרער. דער גרעסטער אפיקורס איז ער. מיר ווארטען מיט א פארכאַפּטען אָטעם; עס קלאַפּט אין הארצען, עס שרעקט עפּעס, טאָמער רעדט ער זיך ארויס א נארישקייט, וועלען מיר שוין האָבען צו זינגען און צו זאָגען. די אלטע קוקען אָבער זיכער און שמייכלען; זיי ווייסען, אז רב שלמה וועט שוין מיט איהם פארטיג ווערען.

— וואָס עס קומט ארויס פון די לערנער, וועל איך אייך זאָגען, נאָר איהר זאָלט קיין פאראיבעל ניט האָבען: לא יוצלח'ס, קראנקע, שוואכע מלמדים, פּוסט־און־פּאסניקעס, וואָס קענען גאָר ניט און זיצען אויף יענעמ'ס קארק.. אָט וואָס עס קומט ארויס פון די גמרות אייערע!

מיר קוקען אויף מאָטלען, און ס'ווילט זיך כאַפּען איהם קושען. ווי שארף און ווי זיכער ער רעדט! און ווי שעהן עס שיינען זיינע גרויסע, שווארצע אויגען און דאָס טונקעלע חנ'עוור־דיגע געזיכט רייטעלט זיך.

— איצט פארשטעה איך פאר וואָס דו ביזט אזא שלימזל־ניק, וואָס קען א קאַץ אָן עק ניט פארבינדען. דאָס איז מסתמא, ווייל דו האָסט געלערענט גמרא, — שיסט ארויס רב שלמה.

די אלטע שיסען אויס א געלעכטער; זיי האלטען זיך ביי די זייטען. רב שלמה שטעהט זיך מיט א פארריסענעם קאָפּ,

א שטאָלצער, א צופרידענער, די אויגען שיינען, און אויף די ליפּען זיינע שוועבט א שמייכעלע.

* * *

— פונדעסטוועגען, אז עס וועט קומען צום טאָן, זיינט איהר גאָר ניט אזעלכע ווי איהר מאכט זיך; דאָס איז דאָך אַלץ נאָר מיט׳ן מויל.

אזוי רעדט צו מיר איצע דער דרעהער, א בלאַסער איד מיט געלע האָר און א שפּיציג געל בערדעל. זיינע בלויע וואסערדיגע אויגען לויפען ארום ווי צושראָקען הין און הער, גלייך ווי ער וואָלט זיך וועלען אויסהיטען פון א סכנה. ער איז א שטילער און א גוטער, א פּראָסטער מענש. ער מישט זיך קיינמאָל ניט אריין אין אונזערע מחלוקות וועגען גאָט, משיח׳ן און יענער וועלט. ער הערט זיך צו פון וויטען און עס פארדריסט איהם א שרעק, אז ער הערט ווי מיר ריידען אזוי חוצפּה׳דיג. עס לעגען זיך איהם אוים טיפע קנייטשען אויף זיין הויכען שטערען און פון די אויגען קוקען ארוים יסורים.

— אָבער אמת, אז דאָס רעדט איהר נאָר אזוי אויף שפּאַס, איהר ווילט זיך רייצען מיט אונז. נאָר עס מאכט ניט אוים: גאָט וועט אייך מוחל זיין; ער זעהט דאָך, אז איהר זיינט נאָך יונגע קינדער. ער איז דאָך א גוטער, א בארמהערציגער.

אזוי טענה׳ט ער צו מיר, שטעהענדיג אין א ווינקעלע צווי־שען די הויכע בערג פּאַפּיר. ער גלעט מיר די האָר און דריקט מיר די הענט אזוי פעסט און אזוי פריינדליך. דאָס וויל ער מיך איינגעהמען. ער מאטערט זיך מיר אוועקצורייסען פון דער שלעכטער חברה, און איך פיהל, ווי ער ווירקט אויף מיר, ווי ער פאר׳כישופ׳ט מיך מיט זיין גוטסקייט. און דאָס פאַר־דריסט מיר. איך בין בייז אויף זיך פאַר מיין שוואכקייט.

— וואו זעהט איהר, ר׳ איצע, גאָט׳ס גוטסקייט? וואָס טוט ער פאַר אייך? ער לאָזט אייך זיין א דרעהער ביי דער ראָד פאַר דריי רובעל א וואָך; ער לאָזט הונגערען פינף קליינע קינדער?

— מ׳טאָר אזוי ניט ריידען. דאָס איז א זינד. וואָס וויסען מיר; ווי קענען מיר פארשטעהן זיינע דרכים? עס קען זיין, אז

דאָס איז גוט. ווארים וואָס וואָלט איך געטאָן, אז איך וואָלט דאָס אויך ניט געהאט?

— פאר וואָס זאָגט עס ניט אונזער פאבריקאנט? ער פאר־לאָזט זיך ניט אויף גאָט; ער רייסט פון טויטע און פון לעבע־דיגע, אבי צו האָבען וואָס מעהרער. ער לאכט זיך אויס פון גאָט. איהר האָט דאָך מיר אליין דערצעהלט, אז ביי זיי איז א טריפה קיך.

— מסתמא וויל גאָט אזוי. וואָס קענען מיר וויסען?!...

איך פארשטעה, אז ער רעדט נארישקייטען, אָבער איך שעהם זיך איהם דאָס צו זאָגען; איך וויים, אז דאָס וועט איהם פארדריסען, שווייג איך. איז ער צופרידען; ער שמייכעלט, גלעט מיר די האנט און קוקט מיר אין די אויגען אריין, און עס ווערט מיר ווארעם אין הארצען.

* * *

נאָך גרויסע צרות זיינען מיר אויסגעשטאנען פון דעם קריסט, א פוילישער שייגעץ, א יונגער און א פרומער. ער האָט געטראָ־גען אויפ׳ן האלז א צלם. ער פלעגט זיך אָפט איבער„צלמ׳ען“; צום עסען פלעגט ער צונויפלעגען פרום די הענט און זאָגען א תפילה. ער האָט געקענט אידיש ווי א איד און האָט געוואוסט אלע לשון קודש׳דיגע ווערטער, וואָס ווערען געברויכט אין אידיש. אז די אלטע פלעגען אויף אונז אָנפאלען אין אונז זידלען, פלעגט ער זיי מיטהעלפען און שיסען אויף אונז פייער:

— א מענש, וואָס האלט ניט פון רעליגיאָן, איז ווי א הונט, — פלעגט ער זאָגען, און דערביי פלעגט רב שלמה אונז אָנקוקען מיט נצחון און האָס.

— א חלול השם! אַן ערל גלויבט אין גאָט, און זיי, אידישע קינדער, זיינען אפיקורסים. אז אָך און אז וועה איז צו אונז!

אונז איז די זאך אויסגעקומען פריקרע. מילא, אז מיר קריגען זיך צווישען זיך, איז גאָר ניט, זיינען מיר אידען. אָבער וואָס וויל ער? וואָס רוקט ער דעם נאָז?

— איהר זיינט נאָר העלדען מיט׳ן מויל; מיר׳ן שוין גע־

זעהן אזעלכע כוואטעס. אָבער אַ שטיקעלע חזיר וועט איהר אפילו פאר קיין הונדערטער ניט עסען, — פלעגט ער זיך מיט אונז רייצען.

— וואָס דען, מיינסט אין דער אמת'ען, אז זיי זיינען עס אזעלכע אויסגעלאָסענע? דאָס באריהמען זיי זיך נאָר, — גיט צו רב שלמה מיט אַ זיסען שמייכעל און ווארפט אין אונזער זייט בייזע בליקען. הפנים ער איז ניט שטארק זיכער געוועזן אין אונזער פרומקייט.

איינמאָל צו מיטאָג איז דער קריסט געזעסען אויבען אָן אויפ'ן מאַשין און געגעסען זיין מאָלצייט — אַ גרויסען שטיק געבראָטענעם חזיר. איך האָב זיך פארטראכט און פארקוקט ווי ער עסט: מיט וואָס פאר אַן אַפעטיט ער שלינגט עס, און ווי די מאָרדע זיינע גלאנצט, פינקעלט פון די פעטקייט.

פלוצלונג גיט ער מיר אַ פרעג:

— ווילסט אַ שטיקעל?

אלע האָבען אויסגעדרעהט די קעפּ אין מיין זייט און גע־ווארט, וואָס איך וועל ענטפערען.

דרייסיג מענשען האָבען מיט אמאָל אויסגעשטעלט זייערע אויגען אויף מיר מיט דער גרעסטער שפּאנונג. איך האָב דער־פיהלט, אז דאָס פּנים פלאמט מיר און דאָס הארץ קלאַפּט אזוי ווי מיט האמערס.

דער קריסט האָט ווידער אַ פרעג געטאָן:

— ווילסט אַ שטיקעל? עס איז געשמאַק.

— וואָס מיינסטו, איך האָב מורא? — האָב איך ארויס־גערעדט מיט אַ ציטעריג קול.

— געוויס האָסטו מורא. ביזט אַ טרוס...

איך האָב אַ קוק געטאָן ארום זיך און דערזעהן, אז די יונגע קוקען אויף מיר מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם: די פּנים'ער זיינען ביי זיי בלאַס און די אויגען ברענען. איך גיב אַ קוק אויף די אַלטע: זיי קוקען אויף מיר מיט אַ נצחון־שמייכעלע. דאָס האָט מיר אונטערגעצונדען און איך האָב אַ געשריי געטאָן:

— גיב אַ שטיקעל!

ער האָט אָפּגעשניטען אַ שטיקעל ברוינעם חזיר און עס מיר צוגעטראָגען אויפ'ן שפּיץ גאָפּעל. עס איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרען, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז אפילו די מאַשינען און אַלץ ארום האָבען מיט אַמאָל די אָטעמס פארהאַלטען, און איך אַליין האָב קיין זאַך ניט געטראַכט. אַלע געדאַנקען זיינען מיר פון קאָפּ ארויסגעפלויגען, נאָר דאָס גאַנצע לייב האָט מיר געציטערט ווי אין אַ קדחת.

— נו, וואָס טראַכסטו? וואָס ביזטו אַזוי בלייך געוואָרען, העלד מיינער? — זאָגט צו מיר דער פּאָליאַק, און קוקט אויף מיר מיט אַ בייז שמייכעלע.

— גיב.

איך האָב דעם גאָפּעל פון זיין האַנט ארויסגענומען. לאַנגזאַם, מיט אַ ציטעריגער האַנט, האָב איך עס צו מיינע ליפּען צוגעטראָגען, אַ קליינע וויילינקע האָב איך עס געהאַלטען פאַר זיך, און עס דאַן אין מויל אריינגענומען.

— אוי, וואָס האָסטו געטאָן! — האָט זיך מיט אַמאָל ארויסגעריסען אַ געשריי פון אַלעמענס הערצער.

אַ פאַרשעהמטער, מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ, בין איך געבליבען שטעהן. איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב אָפּגעטאָן אַ שרעקליכע זאַך, אַז מיט אַמאָל בין איך עפּעס אַן אַנדערער געוואָרען. אין הארצען האָט עפּעס געקלאָגט.

איציק, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל, האָט באַהאַלטען דעם פּנים אין די הענט און זיך צואויינט אויפ'ן קול.

## שבת בין השמשות.

ווי נאָר בערע דער שניט־קרעמער שטעלט זיך צום עמוד און הויבט אָן, מיט זיין הייזעריגען קול, זאָגען „אשרי יושבי", ווערט אומעטיג אויפ'ן הארצען.

איך בין שטענדיג בייז אויף בערען, וואָס ער איילט זיך. עס איז נאָך אזוי פריה; דער שבת, א ליכטיגער, א לויטערער, ליגט נאָך אויסגעשפרייט איבער'ן שטעדטעל, פעלדער און גערידב־מען סאָסנע־וואלד. אלעס רוהט אין נחת און ליבשאפט, — פאָהרט ער אריין מיט זיין וואָכעדיגען „אשרי" און פיהרט אלעס איבער.

די וואָך האָט קענטיג אויף דעם געוואָרט. ווי נאָר דער עולם כאַפּט אונטער דעם „אשרי", נעהמען זיך פון אלע זייטען אָנרוקען שאָטענס, דינע, לייכטע, ווי א רויך; שטיל, פאמעליך, בגנבה רינגלען זיי ארום דעם אלטען מנין, שפּארען זיך דורך די גרויסע קיילעכדיגע פענסטער, און דער שבת נעהמט ציטערען, שוואך ווערען און צאנקט ווי א ליכט.

* * *

אין מארק. דאָרט איז נאָך פרעהליך און ליכטיג. חברות מיידלאך שפּאצירען אויסגעפּוצטע. די האָר שעהן פארקאמט, די לאנגע צעפּ צולעגט אויף די פּלייצעס, און שעהנע קליידער טראָ־גען זיי, לאנגע, מיט א סך קנייטשעלאך, שבת'דיגע קליידער. זיי לאָ־בען פרעהליך. הויך קלינגען זייערע שטימען אין דער שבת'דיגער לופט אריין. זיי ווארפען אויגעלאך אויף די בחורים, אין די קורצע רעק־לאך מיט גלאנציגע, אויסגעפּוצטע שטיוועל. מען ווארפט זיך איבער מיט ווערטלאך, אזוי זיך, גלאט אין דער וועלט אריין, און זיי פארנעהמען זיך אָן א זייט אין דער מיהל־גאס. זיי באמער־קען גאָר ניט ווי די וואָך, א הארטע און א בייזע, קריכט זיי נאָך

הינטער׳ן פּלייצע, און זיי פיהלען גאָר ניט, אז באלד וועלען זיי מוזען אויסטאָן די שעהנע בגדים און אָנטאָן די וואָכעדיגע, די אלטע, די מיאוס׳ע.

און די זון רוקט זיך וואס ווייטער אלץ מעהר אוועק. זי איז שוין פארקראָכען אויף יענער זייט וואלד; קוים וואס מען זעהט זי דורך די צווייגען פון די בוימער. וואס פון מינוט, ווערט עס אלץ טונקעלער, וואָכעדיגער. נאָר דאָרט, אין דער הויך, אויף די שפּיצען פון די בוימער, אויף די קוימענס און אויפ׳ן טורעם פון אלטען, הויכען קלויסטער, איז רויט באַפארבט פון די לעצטע זונען־שטראהלען.

אויפ׳ן אנדערען ברעג הימעל, פון מזרח זייט, באווייזען זיך רויטע פּאסען וואָלקען. זיי טראָגען זיך לאנגזאם, שטיל. עס גיט א צופּ אין הארצען. דאס קעהרען זיך אום די נשמות צוריק אין גיהנום אריין. א גאנצען שבת, ווי נאָר מען האָט ליכט אָנגעצונ־דען, און די מאמעס האבען מיט זייערע בלאסע הענד די פּנימ׳ער פארשטעלט און האבען די ברכה פון ליכט בענשען געזאָגט, האָט מען זיי, די נשמות, אָפּגעלאָזט. זיי האבען זיך פארקליבען אין די הויכע בערג מיט שנעע, און זיך געקיהלט, אויסגערוהט זיך פון דער גאנצער וואָך יסורים און פּיין. איצט קעהרען זיי זיך אום צוריק אין די זודיגע קעסלען מיט פעך, און ווידער וועט זיך אָנ־הויבען א לאנגע וואָך פון מאטערניש. מיט שרעק קעהר איך זיך אָפּ פון פענסטער; איך האָב מורא צו קוקען.

אין מנין איז שוין רעכט פינסטער. עס איז שווער א פּנים צו דערקענען; עפּעס מישען זיך אוים אלע צוזאמען. זיי שטעהען אין קופּקעס, מען שמועסט, מען דערצעהלט זיך מעשיות וועגען מלחמות, גבורים און וועגען ווייטע, פרעמדע לענדער.

איך זעה דעם טאטענ׳ס פּנים. ווי פארענדערט ער איז גע־וואָרען! פריהער, אז מיר זיינען אהער געגאנגען, איז ער געוועזען א לויטערער, מיט א שעהנעם פּנים, און גוטע פרעהליכע אויגען. איצט זעה איך ווי די קנייטשען, וואס ליגען ביי איהם א גאנצע וואָך אויפ׳ן שטערען, האבען זיך ווידער בא־

וויזען, און דער שטענדיגער אומעט פון די אויגען קוקט שוין ווי־דער ארויס.

אויך דער רב, וואס האט אזוי געשיינט אין זיין לאנגער, גלאנציגער, אטלעסנער זשופיצע, און וואס האט אזוי פרעהליך, אזוי שעהן געזונגען אין דער פריה ביים דאווענען, איז איצט מיט אמאל שטיל, טרויעריג געווארען, און די זשופיצע האט איהר גאנצען חן פארלארען.

ביים לאנגען טיש זעצט זיך אוים דער פראסטער עולם. מען פארלעגט די הענט אין די ארבעל, און שאקלענדיג זיך, ווי בוימער אין א שטורם, נעהמט מען זיך פאר'ן תהילים. מיט אן איסגעצויגענעם ניגון, א דורכגעוויקטער מיט אומעט און בענק־שאפט, נעהמט מען זאגען א פסוק איבער א פסוק. דאס באַ־וויינט מען דעם שבת, וואס פארשווינדט אזוי גיך, ווי א זיסער חלום, און די וואך, א הארטע און א שווערע, וואס קומט אן.

* * *

ביים מזרח־וואנט שטעהט א רעדעל ארום שלמה זעליג'ס, א הויכער, דארער בחור, א בלאסער, מיט א לאנגען דינעם האלז, און מיט גרויסע, שווארצע אויגען. מיט א הייזעריגען קול, שטיל, פאמעליך, מיט ווירדע, דערצעהלט ער פון די וואונדער־ליכע זאכען, וואס פאסירען דארט ביי איהם „זאל לעבען“. און דער עולם ארום שטעהט ווי פאר'כשופ'ט, מיט איינגעהאל־טענע אטעמס.

— און ער איז געקומען צו איהם, א חולה מסוכן. די דאָק־טוירים האבען איהם אפגעזאגט דאס לעבען. און וואס פאר א מחלה דאס איז האט קיינער ניט געוואוסט. אפילו די פראפע־סארען אין אויסלאנד האבען ניט געטראפען. איז ווי נאר ער האט אויף איהם א קוק געטאן, ביים שלום־עליכם געבען, האט ער גלייך געזאגט: פאהר אהיים, און גאט וועט דיר העלפען. — אבער, רבי, איך קאן דאך אויף מיינע פיס ניט שטעהן, — האט דער חולה גע'טענה'ט. — נישקשה, גאט וועט העלפען; האב בטחון — האט דער רבי צו איהם געזאגט. — און, וואס מיינט איהר, אויף סכנות איז דער זעלביגער איד געקומען א געזונטער,

א שטארקער, גאָר ניט צו דערקאָנען. אָבער ער, זאָל לעבען, האָט איהם גלייך דערקאָנט. — וואָס מאכסטו עפּעס? — און דאָס פּנים האָט ביי איהם געלויכטען ווי די זון.

דער עולם זיפצט זיך אָפּ. א טיפע בענקשאפט דערפיהלט יעדער ביי זיך אין הארצען. ווי מיט צוואנגען ציהט עס אהין, אין דעם ווייטען שטעדטעל, וואָס איז פון לאנגע דורות איינגע־וויקעלט אין קדושה, און עס ווילט זיך, כאָטש איין מאָל אין לע־בען, א קוק טאָן אויף איהם; מיט די אייגענע אויערען הערען פון זיין מויל תורה. די שטעדטעל שטעהט פאר די אויגען; רופט און ווינקט; און יעדער ביי זיך באשליסט, אז ווען גאָט וועט נאָר געבען געזונט און פּרנסה, דארף מען זיך אוועקלאָזען אהין אויף א יום־טוב.

* * *

אמאָל אין די אלטע צייטען, פלעגט טרעפען, אז פון א שטעדטעל זאָל זיך ווער ניט איז אוועקלאָזען צו־פוס עולה לרגל זיין. עס האָט ניט געשראָקען די צרות און מאטערניש, וואָס מען איז אויסגעשטאנען אין וועג. מען האָט געוואנדערט דורך מדבריות, דורך וועלדער און פעלדער; פארשמאכט פון הונגער און אויסגע־מאטערטקייט, פלעגען זיך ציהען אידען פון אלע וועגען און שטע־גען צו איין פונקט. און וואָס נעהענטער מען איז געקומען, אלץ גרעסערע מחנות פלעגען זיי זיך צוזאמענקלייבען. ווילד פרעמדע, פלעגט מען באלד ווי ברידער ווערען, נאָהנטע און מיט ליבשאפט דורכגענומען, אזוי ווי איין מאמע וואָלט זיי געהאט. און צוזא־מען געהענדיג פלעגט מען זינגען די ניגונים פון רבי'ן; מיט א פייער, מיט א ברען פלעגט מען זינגען. און די פויערים פלעגען זיך פארזאמלען ביים ראנד פון וועג, קוקען מיט וואונדער און יראת הכבוד אויף די פרעמדע וואנדערער, פלעגען אראָפּנעהמען די היט־לען און זיך צלמ'ען. אנטקעגען פלעגען ארויס די ישוב'ניקעס, איינלאַדען צו זיך די אידען. אונטער'ן פרייען הימעל פלעגט מען גרייטען טישען און מכבד זיין מיט דער פולער האנט. און משקה פלעגט זיך גיסען. און א שמחה האָט אלעמען ארומגענומען: א

ליבשאפט פון איינעם צום אנדערען, א ליבשאפט צו כל ישראל, א ליבשאפט צו גאָט און צו אלע זיינע ברואים.

און וואָס פאר א פרייד פלעגט עס ארומכאפּען, אז מען האָט פון דער ווייטען, פון הויכען בערגעל, וואָס איז דריי וויאָרסט פון שטעדטעל, דערזעהן די דעכער און דעם שפּיץ קלויסטער. מיט אמאָל איז פארשוואונדען דער וועהטאָג פון די פיס, פארשוואונדען די אויסגעמאטערטקייט; און מיט געזאנג פלעגט מען זיך אין שטעדטעל אריינלאָזען.

— און לאנג דערנאָך, אז מען איז שוין געקומען אהיים, האָט מען געהאט צו דערצעהלען וואונדערליכע זאכען. ווי נאָר עס קומט אָן דער שבת בין השמשות און עס הויבט אָן צו נאָגען ביי דער נשמה, הויבט מען אָן די מעשיות צו דערצעהלען. דער עולם שטעהט ארום מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם און שלינגט יעדעס וואָרט.

* * *

נאָר וואָס ווייטער, אלץ זעלטענער זיינען געוואָרען די נסיעות אהין. דער אלטער דור איז ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען, און די יונגע האָבען שוין ניט דעם ברען. ביי זיי אין די הערצער איז נאָר א חלום פארבליבען. א ווייטער באַגעהר, איינגעפלאנצט פון די טאטעס. אָבער זיי זיינען ניט פעהיג צו לאָזען זיך אויף קידוש השם, אין ווייטען וועג, צו יענעם ליכטיגען פונקט. און אזוי זיינען פארלאָפען יאָהרען, און מען האָט שוין כמעט פארגעסען, אז עס איז גאָר דאָ אזא ווינקעלע, וואו די נשמה ווארימט זיך אָן, און פון וואנען עס פארשפרייט זיך תורה און ליבשאפט צו גאָט און צו כל ישראל.

ביז שלמה'קע זעליג'ס, א בלאסער, דארער בחור'ל, דער מתמיד פון שטעדטעל, האָט זיך בגנבה אוועקגעלאָזט אהין. און דערוואוסט האָט מען זיך, אז דאָס שטעדטעל האָט מזל, איז אויפגעריכט געוואָרען, ווייל ער, שלמה, איז דאָרט א גאנצער מקורב געוואָרען.

עטליכע יאָהר איז ער דאָרט אָפּגעווען, און אז ער איז געקומען אהיים, איז דאָס שוין ניט געווען יענער שטילער, שוואכער

אינגעל, נאָר אַ ברענענדיגער חסיד. מיט טיפע סודות טראָגט ער זיך ארום, און אַלע אין שטעדטעל האָבען פאר איהם גרויס אָפּשיי. ער איז אַ גרויסער למדן און זעהר אַ פרומער; ער חבר'ט זיך נאָר מיט די גרעסטע לומדים, מיט'ן רב און מיט שמואל שוחט; צו זיי דערצעהלט ער דאָס אַט די אַלע וואונדערליכע זאַכען; דער פראָסטער עולם שטעהט מיט דרך ארץ, שווייגט און הערט.

אַ חוץ די מעשיות, האָט שלמה מיטגעבראַכט פון רבי'ן נייע ניגונים: אַזעלכע, וואָס מען האָט נאָך אין אונזערע מקומות ניט געהערט. דאָס זיינען די נגונים, וואָס ווערען געזונגען אַלע שבת צו שלש סעודות, ביים רבי'נס טיש.

און אַז עס קומט די צייט, אַז דער פאַרנאַכט רוקט זיך אָן, און אַן אומעט באַפאַלט, און עס הויבט אָן נאָגען ביי דער נשמה, הויבט מען זיך אָן בעטען ביי שלמה'ן ער זאָל זינגען. ער עקשנ'ט זיך, ער שעהמט זיך. אָבער דער עולם טרעט ניט אָפּ, ווייל די צייט, זי שטעהט ניט. וואָס אַ מינוט ווערט אַלץ פינסטערער, געדיכטער, ענגער. מען זעהט בחוש ווי דער שבת צוגעהט ווי אַ רויך. אויפ'ן מיטען מארק נאָר זעהט זיך נאָך אַ שוואַכער שיין. דאָרט ראַנגעלט זיך נאָך דער טאָג מיט דער נאַכט, דער שבת מיט דער וואָך. ענדליך גיט ער נאָך, שלמה. ער הוסט זיך אויס, פיהרט אריבער מיט'ן האַנד איבער'ן דארען פּנים און הויבט אָן.

אַ הויכער אויסגעשריי רייסט זיך ארויס פון זיין ברוסט, און דער גאַנצער מנין גיט אַ ציטער. אַלע ווערען אנטשוויגען, האַלטען איין דעם אָטעם. אויך די תהילים־זאָגער ווערען שטיל; זיי ווייסען, אַז דאָס איז וויכטיגער... און ווייטער אַ געשריי, אַ שטאַרקער און מעכטיגער, טראָגט זיך דורך דער לופט, און עס דאַכט זיך, אַז מיט אַמאָל איז ווידער שבת געוואָרען, ליכטיג געוואָרען. די וואָך האָט זיך דערשראָקען, האָט אַ ציטער געטאָן, און די הענד אַראָפּגעלאָזט.

מיט התפעלות, מיט אַ ברען, כאַפּט דער עולם אונטער. עס גיסען זיך אַלע קולות צוזאַמען, מישען זיך אויס, וועבען זיך איין איינע אין די אַנדערע און ווערען איין קול, איין ניגון. און אַ

ליבשאפט, א פרעהליכקייט הערט זיך אין געזאנג. און עס דאכט זיך, אז אלעס, דער ארון קודש, די ווענד, דער אלטער וואלד, און דער הימעל זינגט; אלעס זינגט דעם הייליגען, פרעמדען ניגון.

און פון דער הויך, פון דער ווייבערשער שוהל, האט אן אלטע פרוי איהר קאפ ארויסגערוקט. זי מאטערט זיך מיט איהרע שוואכע אויגען די פינסטערניש דורכצודרינגען און אנקוקען איהר טרייסט, איהר אוצר, און טרערען פון שמחה קייקלען זיך איבער איהרע אלטע באקען; ווארום וויפיל טרערען האט זי פארגאסען אין יענער צייט, ווען איהר קינד איז פארוואגעלט געווען אין דער פרעמד און האט נעבאך געהונגערט, געליטען. ווער האט געזעהן איהרע טרערען? אבער א דאנק גאט, דערלעבט דעם נחת. אט ווער ער איז איצט.

און דער ניגון קייקעלט זיך, דרעהט זיך און פלעכט זיך אלץ העכער און העכער. דער עולם האט זיך צואווויינט, שאקעלט זיך און קנאקט צו מיט די פינגער. עס נעהמט ארום א פרייד, די אויגען שיינען און גלאנצען מיט בטחון, מיט באגייסטערונג.

* * *

אויפ'ן הימעל, אין דער ווייטער בלויקייט, באווייזט זיך א שטערען, א שוואכינקער איז ער, קוים צו באמערקען. ער באווייזט זיך און פארשווינדט, אזוי ווי ער וואלט זיך שעהמען פאר'ן זינגענדיגען עולם. מיט אמאל ווערט דער ניגון מיט אן אומעט דורכגענומען. עס טוען א ציטער די קולות, א פארבארגענער וועהטאג, פיהלט זיך שוין אין געזאנג; און פון יעדענ'ס אויג קוקט ארויס צער; עס גלוסט זיך ניט אפגעבען דעם שבת. א שטילער געבעט טראגט זיך פון די הערצער; א בענקשאפט נאך דעם פארלארענעם קורצען, אבער שעהנעם חלום.

וואס פון מינוט ווערט דער ניגון אלץ שוואכער, איינגעהאלטענער. און ווידער אמאל זעהט זיך ווי די וואך ווארפט זיך מיט רציחה אויף דעם שוואכען, פאר'חלש'טען שבת. זי עסט זיך

איין מיט די צייהן, זי לאכט, זי פרעהט זיך, זי איז מנצח, — די וואך זיגט!

פון דער העלער הויט רייסט זיך אריין אין מיטען ניגון קאפעל שניידער מיט א וואכעדיגען אויסגעצווינגענעם קול:

— והוא רחום!...

פארשטומט ווערט אלעס ארום; ווי א רויך צופליהט זיך דער שבת, ניט איבערלאזענדיג קיין שפור.

# א באַזוך

אויפ'ן טישעל, פאַר איהר, איז אין אַ גלאָז געשטאַנען אַ פריי־שע בלום. זי האָט אויף דער בלום געקוקט מיט אַ צופרידענעם שמייכעל. דאָס האָט איהר דער שווייצאַר מיט אַ פּאָר מינוטען פריהער איבערגעגעבען צוזאַמען מיט אַ קליין צעטעלע, אין וועל־כען עס זיינען געוועזען אָנגעשריבען נאָר אַ פּאָר שורה'לאַך, אָבער איהר הארץ האָט זיך אַ הויב געטאָן פאַר פרייד.

— אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך ארויפקומען אייך נעהמען צו מיטאָג, לויט ווי מ'ר האָבען אָבגערעדט.

אונטערגעשריבען איז געווען נאָר איין בוכשטאַב „ט." אָבער דאָס איז געווען גענוג. דער אות האָט איהר פיעל צוגעזאָגט. קו־קענדיג אויף דעם פאַרצוקטען בוכשטאַב, האָט זי געזעהן דאָס גע־זיכט, א יונגס, א בליהענדס, פול מיט לעבענס־לוסט.

מיט אַן אָבענד פריהער, ווען זי איז געווען אין זייער הויז, האָט ער אויף איהר אַ פּאָר מאָל אַ קוק געטאָן מיט ברענענדיגע אויגען. און איינמאָל, ווען ער האָט זי געטראָפען אין אַן איינ־זאַמען ווינקעל, האָט ער ארויסגעפּליסטערט:

— מיס קאָהען, איך וואָלט וועלען מיט אייך ריידען וועגען זעהר אַ וויכטיגער זאַך. גיט מיר די געלעגענהייט.

אַ קליין ווייל[ע] איז זי געבליבען אָהן לשון. דאָס צו וואָס זי האָט געשטרעבט און וואָס האָט זיך איהר אויסגעוויזען אַזוי ווייט און אונמעגליך, איז פּלוצלינג געקומען. זי איז זיכער געווען אַז דאָס וויל ער ריידען וועגען זיין ליעבע צו איהר. אָבער זי האָט זיך באַהערשט און געשעפטסמעסיג געזאָגט:

— קומט אַמאָל ארויף צו מיר אין אָפיס. קיינער וועט אונז דאָרט ניט שטערען.

— דאַן קום איך מאָרגען. מיר'ן נאָכדעם האָבען דינער צו־זאַמען. איז דאָס אָפּגעמאַכט?

—אפגעמאכט — האָט זי געענטפערט איהם אריינקוקענ־דיג טיעף אין די אויגען.

מיט די בלומען און מיט דעם בריוועלע האָט ער זי דערמאָנט אָן זייער אָפּמאַך און איצט האָט זי מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ער זאָל שוין קומען, אז דאָס גרויסע און וויכ־טיגע זאָל פּאַסירען.

אמת, זי ווייס, אז איהר וועט אויסקומען פיעל צו ליידען און צו קעמפּפען איידער די עלטערען וועלען צושטימען צו אזא זאַך. איבערהויפּט די מוטער. זי קען שטאַרבען פון דעם געדאַנק, אז איהר רחל זאָל חתונה האָבען מיט אַ קריסט. אָבער צי קען זי זיך דען אָבזאָגען פון אזא גליק? פּלוצלינג ווערט זי דערהויבען פון אַ פּשוט'ען אידען'ס אַ טאָכטער, אַ געוועהנליכע האַנט אין צייטונג, צו אַ דאַמע פון דער הויכער געזעלשאַפט. עס עפענען זיך פאַר איהר ברייט די טירען צו אַ לעבען פול מיט גלאַנץ און לוקסוס, וועט זי דען צוליעב נאַרישע פאַראורטיילע קאַליע מאַכען איהר גאַנץ לעבען? און וואָס האָט זי אין דער ווירקליכקייט צו טאָן מיט די אַלע אידען, וועמען זי באגעגענט? זיי זיינען איהר פרעמד, ווייט און אָבשטויסענד. אין די עטליכע יאָהר, וואָס זי ארבייט פאַר דעם זשורנאַל האָט זי זיך אריינגעקלי־בען אין אַן אנדער קרייז, אַ העכערען, אַ שעהנערען. זי האָט אָנ־געווענדעט אַלע קרעפטען צו ווערען אַ טייל פון זיי און עס האָט זיך איהר איינגעגעבען. ניט איין מאָל האָט מען איהר געזאָגט, אז פאַר קיין פאַל קען מען ניט דערקענען, אז זי איז ניט קיין אמע־ריקאַנער געבאָרענע. טאָ פאַרוואָס זאָל זי איצט פארשטויסען פון זיך דאָס, וואָס זי האָט דורך איהר טאַקט און קלוגהייט ערוואָרבען?

— מיס קאָהן, אַ דזשענטעלמען וויל אייך זעהן — האָט איהר איבערגעשלאָגען די געדאַנקען דער דיענער.

— וואָס פאַר אַ דזשענטעלמען, קאַנסטו איהם, הערי?

— ניין, איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן, ער זאָגט, אז ער דאַרף נאָר ריידען מיט אייך.

— זאָל ער אריינקומען.

עס איז אריינגעקומען אַ מיטעל־וואוקסיגער מאַן מיט אַ בריי־

מען פנים און קליינע, שווארצע אויגעלאך. אנגעטאן איז ער געווען זעהר איינפאך, כמעט ארים, אבער עס איז ניט קענטיג געווען, אז ער זאל זיין ביי זיך אראבגעפאלען. פארקעהרט, ער האט גע־קוקט אויף דער מיידעל מיט א פרעהליכען, צופרידענעם אויסדרוק.

— אה, איהר דערקענט מיך ניט?—האט אויסגעשריען דער גאסט אריינלויפענדיג ווי א שטורעם — נו, עס איז ניט קיין וואונ־דער, גאר קיין וואונדער ניט. שוין העכער צוואנציג יאהר, אז איך בין אוועק פון דער היים. איהר זיינט נאך געווען א קליין מיי־דעלע, אט אזא ברעקעל—האט ער א מעסט געטאן מיט דער האנט צום דיל. — ווי קענט איהר מיך געדענקען? מיין נאמען איז מרדכי וויינשטיין אדער מאטקע שרה־לאה'ס, ווי מען האט מיך גערופען אין דער היים. אייער פאטער קען מיך זעהר גוט.

מיס קאהן איז געבליבען זיצען מיט אן אפענעם מויל פאר איבערראשונג. דער ארימער נפש איז אראבגעפאלען אזוי ווי פון הימעל. זיין ריידען, זיין שיטען מיט ווערטער און זיין געלעכטע־רעל האבען איהר געריסען די אויערען, אבער דער עיקר האט איהר באאומרוהיגט, וואס ער רעדט אידיש און שרייט אזוי הויך, אז מען קען נאך הערען דארטען, אויף יענער זייט ווענטעל. דאס איז איהר געווען שרעקליך אומאגענעהם. זיי וועלען זיך געווים אי־בערשמייכלען אויף איהר חשבון. און אויסער דעם האט איהר פארדראסען אויף זיין פרייער באנעהמונג. עפעס אזוי ווי ער וואלט איהר וועלען געבען צו וויסען, אז ער האלט זיך ניט קלענער פאר איהר, אז ניש'קשה, ער ווייס איהר יחוס. זי האט געפילט, אז דאס בעסטע וואלט געווען איהם הייסען געהן טאקע די מינוט, אבער זי האט דאס ניט געקענט טאן. זיין האלטונג, זיין זיכער־קייט האט איהר אראפגעשלאגען פון טאלק.

— דאס זיינט איהר, הייסט דאס, מיס קאהן? גאר ניט דערקענט, אבער אבסאלוט ניט. אויסגעוואקסען, גרויס געווארען.

— זיצט, מר. וויינשטיין. דערצעהלט מיר, וואס ס'האט אייך אהער געבראכט — האט זי געזאגט און דערביי גאנץ שטיל צוגעגעבען: — איך האב פיעל געהערט וועגען אייך. מיר איז זעהר אנגענעהם אייער באקאנטשאפט, אבער איהר פארשטעהט, איך בין פארנומען, איך דארף שרייבען.

— געווים, געווים, פארשטעה איך דאָס און דערפאר וועל איך עס מאַכען קורץ.

א ווײלע האָבען זיי געשוויגען. דאן האָט ער געזאָגט :

— איך בין צו אייך געקומען אייגענטליך גלאַט אזוי. געוואָלט אויף אייך א קוק טאָן. איהר ווייסט, אז איך געדענק אייך זעהר גוט.

מיט אומגעדולד האָט זי געוואָרפען א בליק אויפ'ן זייגער. נאָך א האַלבע שעה און יענער וועט געווים קומען. צו וואָס האָט דער שלים־מזל געדאַרפט גראד איצט אנטראָגען אָט דעם מענשען. אָבער זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער איז געזעסען מיט א געזונקענעם קאָפּ. אויף זיין שטערען האָבען זיך באוויזען טיפע קנייטשען. עס איז קענטיג געווען, אז ער טראַכט וועגען עפּעס זעהר וויכטיגעס.

— יא, איך געדענק אייך זעהר גוט, — האָט ער פאָרטגעזעצט מיט אַן אומעטיגען שמייכעל. — דורך די אַלע יאָהרען האָב איך אָפט וועגען אייך געטראַכט. אמת, איך האָב זיך אייך אַלץ פאָרגעשטעלט אַלס אַ קליין מיידעלע, מיט העלע, געקרייזעלטע האָר און בלאָהע, בלאָהע אויגעלאַך. איהר פלעגט צו אונז אָפט ארייננפויזען. אין יענער צייט האָט איהר מיך זעהר ליעב געהאַט. איהר פלעגט נאָר וועלען זיין ביי מיר, ביי טאַטיען אויף די הענט, אָבער דאָס איז ניט וויכטיג. איין מאָל האָב איך צוליעב אייך א גרויסען שרעק איבערגעלעבט, וואָס איז פארבליבען אין מיין זכרון אויף אייביג, און עס קען זיין, אז צוליעב דעם געדענק איך אייך אַזוי גוט.

— אייער מאַמע האָט מיך איין מאָל געבעטען איך זאָל אויף אייך אכטונג געבען — האָט ער פאָרטגעזעצט מיט טיפען ערנסט — האָב איך אייך גענומען מיט זיך אויפ'ן לאָנקע, אין הויכען גראָז, וואָס האָט געגרייכט איבער אונזערע קעפּ. עס איז אונז געווען פרעהליך. מיר האָבען ביידע געלאַכט, געטאַנצט און געשפּרונגען. נאָכדעם האָב איך זיך געלייגט מיט'ן פּנים ארויף און גענומען קוקען אויף א שטיק ווייסען וואָלקען, וואָס האָט זיך געטראָגען אין דער ווייטער בלויקייט, ווי א פויגעל מיט צולאָזענע

פליגלען, און האָב אזוי איינגעדרעמעלט. ווען איך האָב די אויגען געעפענט האָב איך דערזעהן, אז איהר זיינט ניטאָ. איך האָב אָנגעהויבען שרייען: רחל׳ע, רחל׳ע, וואו ביזטו? אָבער איהר האָט זיך ניט אָבגערופען. איך האָב זיך שטארק דערשראָקען: אפשר האָבען גזלנים זי געהרג׳עט אָדער א בייזע חיה האָט איהר פארצוקט (איך האָב שוין דאַן געלערענט חומש). רחל׳ע, רחל׳ע! האָב איך גערופען, ארומלויפענדיג אין אלע זייטען, אָבער פון אייך איז קיין סימן ניט געווען. גאָט מיינער, ווי איך האָב דאַן מורא געהאַט! די הויט האָט אויף מיר געציטערט, דער מארך האָט זיך מיר שיער ניט אָנגעצונדען. דאָס איז געווען דער ערשטער, אָבער גרעסטער שרעק מיינער.

— און ווייסט איהר — האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט — אז אָט דאָס בילד האָט זיך מיר אויף אייביג אין זכרון איינגעשניטען; אין דער קייט פון ... מות, וואָס וועבט און פלעכט זיך אָהן א סוף, איז אימער דאָ יענער מאָמענט, ווען איך לויף ארום אויף דער לאָנקע און שריי: רחל׳ע, רחל׳ע!

עס איז געוואָרען שטיל. דאָס מיידעל האָט געקוקט אויף דעם מענשען מיט ברייט געעפענטע אויגען, מיט א פלאָמענדען פנים. דאַן האָט זי אָנגענומען זיין האַנט און געפרעגט:

— נו, און וואָס איז געוואָרען? האָט איהר מיך געפונען?

— יאָ, און איך האָב אייך אויסגעקושט יעדען גליד. איהר האָט מיך אויך געקושט און גערופען: טאָטיע, טאָטיע!

נאָר פלוצלינג האָט ער זיך אויסגעגלייכט, איהר אָנגעקוקט מיט א קאַלטען פיינדליכען בליק און צוגעגעבען מיט א בייזען שמייכעל:

— נו, איך האָף, אז איצט איז דאָס אלעס אריבער. איך האָב וועגען אייער גרויסען ערפאָלג געהערט. איך ווייס, אז איהר זיינט ווייט אוועק פון אונז, און מיר האָט זיך געוואָלט א קוק טאָן אויף אייך. דאָס איז אָבער נאָר געווען א חלום. מעהר וועל איך אייך ניט באַאומרוהיגען. זייט געזונט! — און ער איז מיט שנעלע טריט ארויס פון צימער.

* * *

— וואס איז אייך, מים קאהן? טרערען שטעהען אייך אין די אויגען. פיהלט איהר ניט גוט? — האט דער יונגער מי־ליאנער געפרעגט צושראקען.

— יא, מיר איז עפּעס ניט גוט געווארען. עס וועט באלד איבערגעהן. אבער לאמיר אפּלעגען אונזער מיטאג אויף אן אנדערש מאל. איהר וועט דאך מיר ענטשולדיגען, זשארזש! איצט ווילט זיך מיר פארבלייבען אליין — האט זי מיט טרערען אין קול געזאגט.

ערגעץ אין א ווינקעל פון איהר הארץ האט אן אלט ליעד אויפגעזונגען.

# א טעות

**ער** איז געלעגען מיט די הענט אונטער'ן קאָפּ און געקוקט ער־נעץ אין דער הויך, אין דער ווייטער, קלאָרער בלאָקייט, און גע־זעהן האָב איך, אז ער האָט עפּעס צו דערצעהלען; וואָרום זיין צו־קנייטשטער, פון ווינט צושלאָגענער פּנים איז געווען אויסערגע־וועהנליך ערנסט. צווישען אונז איז געלעגען זיין פּאַק סחורה. יאָ, איך האָב שיעור פארגעסען, ער איז געווען א קאראבעלניק און פלעגט אָפט קומען אין מיהל, וואו איך האָב פארבראכט א פּאָר זומערען.

— וואָס איז, ר' מרדכי? האָט עפּעס פּאסירט — האָב איך א פרעג געטאָן.

— ניין, גאָרניט פּאסירט; נאָר איך האָב זיך אָן עפּעס דער־מאָנט. עס איז א מעשה, וואָס האָט פּאסירט מיט א יאָהר פינף און צוואַנציג צוריק, ווען איך בין א סאָלדאט געווען, — האָט ער שטיל ארויסגעזאָגט.

— וואָס איך הער! איהר א סאָלדאט? ס'טייטש, איהר האָט עס מיר דאָך קיינמאָל ניט דערצעהלט.

— וואָס איז דאָ צו דערצעהלען, ווער איז היינטיגע צייטען ניט קיין סאָלדאט? — האָט ער סארקאסטיש באמערקט.

—איז אָן וואָס האָט איהר זיך דערמאָנט?

ער האָט זיך איבערגעקעהרט אויף א זייט, אזוי דאָס מיר זיי־נען אויסגעקומען פּנים אל פּנים. ער האָט מיך א היבשע ווייל שארף אָנגעקוקט און געזאָגט:

— דו, שקאָץ, גיסט מיר א תקיעת־כף, אז דו וועסט ניט אויסזאָגען, וועל איך דיר עפּעס דערצעהלען.

— גוט, איך גיב א תקיעת־כף.

עהע, דו גיסט, וואָס קאָנסטו דען פארלירען, ווען דו וועסט

ניט האַלטען קיין וואָרט? — האָט ער געזאָגט מיט א שפּאַ־סיגען געלעכטער.

— ר' מרדכי! — האָב איך אויסגעשריען מיט פאָרוואורף.

— גוט, גוט, דו שקאָץ: ווען איך קען ניט דעם טאַטען דיי־נעם, וואָלט אנדעריש געוועזן; נו, הער וואָס עס האָט פאסירט.

ער האָט זיך ווידער געלייגט אויף דער פּלייצע און אָנגע־שטעלט די אויגען אין דעם וויטען רוים, האָט א ווײלע געקנייטשט דעם שטערען און שטיל אַרויסגערעדט:

— איך האָב דער'הרג'עט א מענשען.

— וואָס? — האָב איך אויסגעשריען און בין אויפגעשפּרונ־גען פון פּלאַץ.

— זעץ זיך, הער ווייטער, עס איז א סוד; איך האָב עס אויסער מיין ווייב, עליה השלום, קיינעם ניט דערצעהלט. מיט איהר פלעג איך אַמאָל וועגען דעם רעדען און עס פלעגט גרינגער ווערען, זינט זי איז געשטאָרבען האָב איך עס מיט זיך געטראָ־גען: דאָס איז אָבער שווער, הערסט, שווערער ווי די גרעסטע משא.

— נו, דערצעהלט, ר' מרדכי, ווי איז דאָס געשעהן? — האָב איך געפרעגט מיט רחמנות אין קול; וואָרום געזעהן האָב איך, אז ער ליידעט.

— איך בין געוועזן א סאָלדאַט, פון די ערשטע איין־און־צוואַנ־ציגסטלאַך: מען האָט מיך אַוועקגעשיקט דינען אין א גוי'אישקער שטאָדט, ווייט פון מיין היים. רוסיש האָב איך ניט גוט פארשטאַ־נען, און מיר איז געוועזן ביטער ווי דער טויט; ווער עס האָט נאָר געוואָלט האָט מיך געשלאָגען און באַליידיגט; אָבער דאָס ערגסטע איז געוועזן — דער ראָטנער.

אָט ווי איצט וואָלט עס געוועזן: איך געדענק איהם מיט זיינע קליינע אויגעלאַך, שטעכיגע, שווארצע, אזוי ווי שפּיזען, און מיט זיין פיר־קאַנטיגען פּנים. ער איז ניט געוועזן קיין געבוירע־נער רוס, נאָר ער האָט זיך גע'שמד'ט און חתונה געהאַט מיט א רו־סישער מיידעל, א זעלטען־שעהנע, מיט העלע האָר, מיט בלאָהע אויגען, און א הויכע, א גלייכע. זי איז געוועזן גוט צו מיר, האָט מיר אָפט א טרייסט־וואָרט געזאָגט.

אָפטמאָל פלעגט מיך דער ראָטנער שיקען צו זיך טאָן

פאַר איהם הויז־ארבייט; איבערהויפּט האָט עס פּאַסירט, ווען אַן עלטערער איז געקומען. ער האָט מיך דאַן ניט געוואָלט האָבען אין ראַטע, טאָמער וועל איך עפּעס קאַליע מאַכען; און פון דער ווייב האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער שלאָגט זי, אַז ער שכור׳ט, און אַז ער איז אַ חיה.

אַז ער איז אַ ווילדע חיה, דאָס האָבען מיר אַלע געוואוסט, און געפיהלט אויף אונזערע אייגענע פּלייצעס. דריי אַ זייגער פאַרטאָג פלעגט ער אונז אויפוועקען און נעהמען אין דער אַרבייט. איך פלעג זעהן, אַז ער האָט מורא׳דיג הנאה קוקענדיג, ווי מיר שפּרינ־גען, פאַלען, בויגען זיך און דרעהען זיך. ער פלעגט אָנקוועלען זעהענדיג, ווי פון אונז גיסט דער שוויים, ווי מיר כאַפּען קוים די אָטעמס, און אָפט פלעגט ער זיך נעהמען צום שלאָגען.

— הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען, — האָט דער אלטער צוטרוייליך באַמערקט — עס טוט ניט אַזוי וועה, ווען אימיצער גיט דיר אַ קלאַפּ צוליב כעס; זעהסט, אַז יענעם קאָסט עס אויך געזונד, אַז ער ליידט אויך; פיל ערגער איז, ווען אימי־צער נעהמט זיך דיר פּאַטשען גלאַט אַזוי, צוליב תאוה; אָה, רבונו־של־עולם, קיין מענש זאָל ניט געפּרופט ווערען מיט אַזאַ מאַטער־ניש!

— און דער ראַטנער האָט מורא׳דיג הנאה געהאַט פון שלאָגען יע־נעם. מען האָט געזעהן, אַז דאָס פאַרשאַפט איהם נחת. איך געדענק, ווי איינמאָל, צו „פאָוויערקע״, האָט ער אַרויסגערופען אַ סאָלדאַט, וואָס האָט זיך עפּעס פאַרזינדיגט אויף פּאַטרול. מיר זיינען אַלע גע־שטאַנען אין צוויי לאַנגע שורות; דער לאָמפּ האָט קוים באַ־לויכטען די קאַזאַרמע; עס איז געווען שטיל. ער האָט געקוקט אויף אונז מיט זיינע שפּיציגע אויגעלאַך און אַ מיאוס׳ער שמייכעל איז געלעגען אויף זיינע ליפּען.

— אַנדרעי קאַזאַטשענקאָ! — האָט ער אויסגערופען מיט זיין גרילצענדען בייסענדיגען קול.

דער סאָלדאַט איז אַרויסגעקומען און זיך אוועקגעשטעלט פאַר איהם מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. זיין פּנים איז געווען בלאַס ווי קאַלך און די ליפּען זיינע האָבען געציטערט. דער ראַטנער האָט איהם אַריינגעקוקט טיף אין די אויגען און געלאַכט...

דאַן האָט ער יענעם אָנגעפאַנגען צו שלאָגען מיט די פויסטען אין פּנים אַריין. ער האָט געאַרבייט גיך און מיט אַלע קרעפטען. ער האָט אונטערגעקרעכצעט פאַר הנאה. ער האָט געשמייכעלט, און די קליינע אויגעלאַך האָבען געבלישטשעט, געפינקעלט, ווי ביי אַ וואָלף.

מיר האָבען געזעהן, ווי ביים סאָלדאַט ווערט דאָס פּנים בלוי, אויפגעלאָפען, ווי די אויגען ווערען פאַרשוואָומען. אָבער ער איז אַלץ געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, נאָר ציטערענדיג מיט'ן קערפּער פון די קלעפּ. מיר האָבען פאַרהאַלטען די אָטעמס. עס איז געווען שווער; די פויסטען האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט, אָבער קיינעם איז אפילו ניט איינגעפאַלען אָנצוגעהמען זיך פאַר דעם סאָל־דאַט.

עס איז אַריבער אַ ווײלע, איך ווייס ניט ווי לאַנג; אָבער איך האָב ביי זיך באַשלאָסען, אַז עס איז אַ מצוה פון אַזעלכען פּטור צו ווערען, פּונקט ווי עס איז אַ מצוה פּטור צו ווערען פון אַ שלאַנג. איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב דעם מענשען פיינט; אַז מיין נשמה האָט איהם פיינט; הערסט, פיינט, ווי אַ שרץ... און מיר האָט זיך פאַרוואָלט דער'הרג'ענען איהם... און איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל איהם דער'הרג'ענען. איך בין געווען אין דעם אַזוי זי־כער, ווי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

אויפגעהערט צו שלאָגען האָט ער יענעם דאַן, ווען ער איז מיד געוואָרען, און מיר זיינען געגאַנגען אויף אונזערע געלעגערס.

מיין בעט איז אויסגעקומען די צווייטע פון דעם סאָלדאַט. ער איז געלעגען אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע און געוויינט; שטיל, פאַרשטיקט געוויינט, און אויך איך האָב געוויינט. איך בין אַראָפּ פון מיין געלעגער און זיך געזעצט אויפ'ן ברעג פון זיין בעט.

— נו, נו, שוויינג, אַנדרעי, וואָס זאָל מען טאָן, מיר זיינען ביי גאָט אין די הענט, — האָב איך איהם געטרייסט מיט אַ פאַרשטיק־טען קול פון טרערען.

ער האָט זיך באַרוהיגט און האָט מיר גענומען דערצעהלען פון זיין לעבען, פון דאָרף, פון זיין יונגער פרוי, פון זיין איינציג מיידע־

לע און פון דער באַלעבאַטישקייט. ער האָט זיך אײנגאַנצען באַ־רוהיגט און איך בין צוריק אַוועק אויף מיין געלעגער.

און פון יענער נאַכט אָן האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראַכ־טען, ווי אַזוי דאָס צו טאָן.

עס איז מעגליך, אַז דאָס וואָלט איבערגעגאַנגען; וואָרים, אין דער אמת'ן, ווי קומט צו מיר די מחשבה צו הרג'ענען אַ מענשען, אַז בסך־הכל האָב איך אַפילו קיין פליג ניט דער'הרג'עט. האָט אָבער געטראָפען, אַז איך בין אין יענער צייט געווען ביי איהם אין הויז. ער איז ניט געווען, און די ווייב זיינע איז געלעגען אין בעט. איך האָב מיר געטאָן מיין אַרבייט; ערשט מען רופט מיך. איך הער איהר קול און בין צו איהר אַריינגעגאַנגען.

איך האָב איהר געפונען מיט אַ פאַרבונדען פּנים, אַזוי דאָס נאָר איין אויג האָט זיך אַרויסגעזעהן. זי האָט אויף מיר געקוקט אַ היבשע ווײלע און איהרע פאַרשוואָלענע לי־פּען האָבען עפּעס געמורמעלט. איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז, — עס איז געווען זיין אַרבייט.

— גיב מיר אַן עצה, וואָס טוט מען? ווי העלפט מען זיך? איך בין דאָ אַן עלענדע, אַליין צווישען פרעמדע מענשען, און ער פאַרמוטשעט מיך צום טויט. ענטפער, דו ביזט אַ קלוגער, דו ביזט אַ איד, דו ווייסט וואָס צו טאָן, ווי מיך צו ראַטעווען. — האָט זי יאָמערענדיג זיך געבעטען ביי מיר.

איך האָב אין דער ווײלע דערזעהן, אַז גאָט אַליין וויל, אַז עס זאָל געשעהן.

— שווייגט, פּריצ'טע, גאָט וועט העלפען, — האָב איך גע־זאָגט גאַנץ שטיל און בין אַרויס פון איהר צימער אין דער רעכטער צייט, וואָרים ער איז גראָד אָנגעקומען.

— נו, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ, אַרבייסט? הא? — האָט ער צו מיר געזאָגט און מיך פאַרשענד באַטראַכט מיט זיינע קליי־נע, שטעכיגע אויגעלאַך.

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע בלאַגאָראָדיע! — האָב איך גע־געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגען.

די סאָלדאַטען האָבען צווישען זיך גערעדט גאַנץ אָפען וועגען אַ מיטעל, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון איהם, ווייל די מאַטערניש

איז ניט געווען אריבערצוטראָגען; ער האָט אונז פאַריאָגט, פאַר־פייניגט. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז זיי וועלען קיין זאַך ניט טאָן. פּאַר גרויס צרות האָבען זיי זיך גענומען צום טרינקען און ארומשלעפּען זיך, און דערפאַר האָבען זיי פון איהם באַקומען נאָך גרעסערע חלקים.

און געקומען איז עס גאַנץ אומגעריכט.

ער האָט מיך איינמאָל א רוף געטאָן:

— העי, זשיד! וועסט מיט מיר היינט געהן אין באָד, מיר אויספּאַרען די ביינער.

ער איז געווען אַ ווילדער מענש, אַ חיה; דאָס האָט מען גע־קאָנט זעהן פון אַלץ. ער איז אַרויף אויף דער אויבערשטער באַנק. עס איז געווען שרעקליך הייס, און ער האָט געהאַלטען אין איין שרייען: „זשיד, פּאַרע! גיב נאָך פּאַרע!“ איך האָב ניט געזשאַ־לעוועט, געגאָסען וואַסער אויף די הייסע שטיינער. און די פּאַרע האָט געזעצט, אַז עס איז שווער געווען צו אָטעמען. ער איז דאָרט געלעגען, געשריען, געקרעכצט און געלאַכט; ער האָט געהאַט משונה הנאה; דאַן האָט ער אַ רוף געטאָן:

— זשיד, ברענג אַ פּאָר שעפּלאָך קאַלטע וואַסער!

איך בין געגאַנגען נעהמען די וואַסער, קיין זאַך ניט קלערענ־דיג. פּאַר מיר זיינען געווען נאָר די צוויי מעשענע קראַנען, זיי האָבען עפּעס אַזוי ווי צוגעוואונקען; און איך האָב אָפּגעדרעהט דעם קראַן פון די זודיגע וואַסער...

— גיס אויף מיר, זשיד, — האָט ער באַפוילען און איך האָב געפאָלגט.

ער האָט אַ געשריי געטאָן, — באַלד האָב איך די צווייטע שעפּעל אַ פלוך געטאָן.

איך האָב איהם געזעהן אין האָספּיטאַל אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט; ער איז געווען באַוואוסטלאָז. דאָרט איז אויך געווען זיין ווייב, אַ בלאַסע, אַ צוטראָגענע. זי האָט אויף מיר אַ לאַנגען קוק געטאָן, און מיר איז פרעהליך געוואָרען אויפ׳ן הארצען...

* * *

מען האָט מיך באַפרייט, ווייל אַלע האָבען דאָך פאַרשטאַנען, אַז עס איז געווען אַ טעות.

איך האָב נים קיין חרטה, אָבער איך טראַכט די גאַנצע צייט וועגען איהם; ער קומט מיר אָפּט צו חלום. מיט מיין אַלטעטשקער, עליה השלום, פּלעג איך אמאָל רעדען וועגען דעם, און עס פלעגט גרינגער ווערען. דאָס איז שווער צו טראָגען אליין; הערסט, דו שקאָץ? עס דריקט ווי אַ שווערע משא, און איך מוז אמאָל וועגען דעם אַ שמועס טאָן...

און ער האָט זיך ווידער פאַרקוקט אין דער ווייטער בלויקייט.

# אויפ'ן גליטש.

— אי, א גליטש, אן אמת'ער שפיגעל, — זאָגט מיר אָן זרח'קע די שמחה, און אין הארצען גיט עס מיר א טיאָכקע.

— האָסט זיך געגליטשט? — פרעג איך. און מיט אמאָל ווערט מיר דעם רבי'נס שטיבעלע ענג און פינסטער, און דער רבי אליין ווייזט זיך מיר אויס ווי א גזלן, וואָס האלט אונז געפאנגען; איך האָב איהם פיינט און ווינש איהם דעם טויט.

— ווערסט זיך געהן גליטשען? — פרעגט מיך זרח'קע. און אליין זיך ניט אָפּגעבענדיג קיין חשבון, ענטפער איך איהם, אז יע, אז איך וועל געהן.

אָבער מיר ווייסען ביידע, אז דאָס איז זיך נאָר איינגערעדט. ווען האָבען מיר צייט? אז שבת טאָר מען ניט; אזוי האָט דער טאטע אליין געזאָגט. מען צוקריצט דעם אייז; דאָס איז א מלאָכה. און א גאנצע וואָך לערנען מיר ביז שפּעט אין אָווענט. עס איז אפילו יע דאָ א צייט, און טאקע אלע טאָג. דאָס איז בין מנחה למעריב, ווען דער רבי געהט אוועק אין מנין דאוונען. אָבער עפּעס איז א מורא. יעדעס מאָל וואָס ער לאָזט אונז איבער אליין, זאָגט ער אונז אז מיר זאָלען זיצען רוהיג אויף אָן אָרט, ניט שטיפען ווי שקצים, ניט איבערקעהרען די וועלט, וואָרים ער וועט אונז די הויט אָפּשינדען. אמת, ווער הערט איהם! ווי נאָר מיר דערזעהען איהם דורכ'ן פענסטער טרעטענדיג אין טיפען שנעע, אנגעשפּארט אויפ'ן שטעקען, איינגעבויגען אין דרייען, ווערען מיר לעבעדיגע: קעהרען מיר איבער דאָס שטיבעל קאפּויר, קוויטשען, שרייען, זינגען און טאנצען. אין דער צייט זיצט די רבי'צין און ווינשט זיך דעם טויט. זי האָט מורא די ווענט וועלען איינפאלען, מיר'ן איהר די מעבעל צוברעכען. זי בעט זיך ביי אונז, ווי ביי גזלנים, מיר זאָלען שטיפען א ביסעלע שטילער.

נאָר ווער הערט איהר? נישקשה, זי וועט ניט אויסזאָגען. זי איז אַ גוטע, שטילע, די רבי'צין. היינט האָט זי אונז אליין גע־געבען אַן עצה:

— פאַר וואָס זאָלט איהר זיך, קינדער, אַ ביסעלע ניט דורכ־לויפען אין דרויסען, זיך דורכלופטערען? נישקשה, עס וועט אייך גאָר ניט שאַטען.

— אָבער דער רבי? — האָבען מיר אַלע אויסגעשריען מיט אמאָל.

— ער וועט ניט וויסען. ווער וועט עס איהם אויסזאָגען?

* * *

ווי פריי און גוט עס איז אויף דרויסען! ווייט און ברייט איז די וועלט. דער גרויער, בלייענער, ווינטערדיגער הימעל איז ביים ברעג רויט־באַפאַרבט, און די גאַנצע לופט איז אָנגעגאָסען מיט פראָסט, מיט קעלט. און ווי מחיה'דיג דאָס ווינטעל גלעט און קנייפט די באַקען, די שפּיצען פון די אויערען. עס איז ווייס אומעטום, אַז עס בלענדט די אויגען. ווי פאַרגליווערט אין אַ ווייסען חלום שטעהט דער אַלטער וואַלד. דאָ און דאָרט טראָגען זיך דורך סטייעס סאָראָקעס, לייכט און רוהיג וויגענדיג זיך אין דער הויכער פראָסטיגער לופט. זיי שרייען, קראַקען און לאָזען זיך אַראָפּ ערגעץ ווייט, דאָרט וואו דער הימעל און די ערד קומען זיך צונויף.

— חברה, צום גליטש! — שרייט פרויקע נעזעל.

— צום גליטש! צום גליטש! — שרייען מיר אַלע אין איין קול, שפּרינגענדיג און טאַנצענדיג ווי די ווילדע.

* * *

ברייט ליגט פאַר אונז די אָזיערע: קיילעכדיג ארום, וואו נאָר דאָס אויג פאַלט, איז זי אַלץ דאָ, די אָזיערע. אַ גאַנץ זומער האָבען מיר פאַר איהר מורא, ווייל זי איז אַ בייזע און נעהמט צו אַלע יאָהר אַ קרבן. זי שרייט און טומעלט טאָג און נאַכט. נאָר איצט ליגט זי אַ טויטע, מיט אַ דיקער פעל באַצויגען.

מיט די מאַנטעלאַך אונזערע קעהרען מיר אוועק דעם שנעע, מאַכען ריין דאָס אייז. עס עפענט זיך פאַר אונז אַזוי ווי אַ בלויע, דיקע גלאָז; עס גלאַנצט און עס פינקעלט. אָט האָבען

מיר שוין אַ לאַנגע שטיק וועג אָפּגעריייניגט. מיר קוקען אויף דעם, און דאָס האַרץ צאַפּעלט פאַר פרייד.

— ווער גיט זיך דעם ערשטען גליטש? — פרעגט זרח׳קע.

— איך! — שרייט אויס פרויקע נעזעל.

ער געהט אָפּ עטליכע טריט אויף צוריק, גיט זיך אַ שאָקעל, אַ ציטער און ווי אַ פייל פון בויגען גיט ער זיך אַ לאָז איבער׳ן גלאַנציגען אייז, וואָס קוקט אויס ווי אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער שלאַנג. זששש... גיט עס אַ רויש און ער איז שוין אויף יענער זייט.

באַלד לויפט זרח׳קע, נאָכדעם פליה איך. און דאָס ווינטעל בייסט די באַקען, צופּט די אויערען און פייפט אַזוי מחיה׳דיג. ניטאָ קיין חדר, ניטאָ קיין רבי; עס איז אַזוי גוט, אַזוי פריי...

— אין חדר גיבער, אין חדר! — שרייט דוד׳קע, דער עלטסטער תלמיד, וועלכער וועט שוין באַלד אָנהויבען לערנען גמרא. מיר האָבען פאַר איהם גרויס דרך־ארץ און פאָלגען איהם שטענדיג. — דער רבי קען קומען פון מעריב.

מיר קוקען זיך ארום. עס איז שוין טאַקע גוט פינסטערלאַך. דער רויטער פּאַס אויף דעם ראַנד פון הימעל איז שוין טונקעל געוואָרען און פון ווייטען שיינען שוין די פייערלאַך אין די שטיבער. אָהן אַ װאָרט לאָזען מיר זיך לויפען צוריק אין הויז אריין.

און אַז דער רבי איז געקומען, האָט ער גאָר נישט געוואוסט, גאָר נישט פאַרשטאַנען. און שוין לאַנג, לאַנג אַז מיר האָבען ניט אַזוי גוט, אַזוי פרום געלערענט און געדאַווענט ווי דעם אָווענט.

אָבער וואָס וואָלט טאָן דער רבי, ווען ער וויים? אַך, וואָלט ער געשלאָגען! אָבער פאַר וואָס, דאָס האָב איך ניט געוואוסט. קומענדיג אַהיים, האָב איך געפרעגט דעם טאַטען וועגען דעם:

— טאַטע, מ׳טאָר זיך ניט גליטשען?

— אודאי ניט.

— פאַר וואָס?

— ווייל מע צורייסט די שטיוועלאַך, און גלאַט אַזוי פּאַסט עס ניט. דאָס איז אַן ארבייט פאַר שקצים. אַ אידיש איינגעלע דאַרף לערנען.

* * *

דעם אנדערען טאָג, קוים וואָס מיר האָבען זיך דערוואַרט דער רבי זאָל זיך ריהרען פון אָרט. יעדע מינוט האָט זיך אויס־געצויגען ווי אַ יאָהר. מיר האָבען שלעכט געלערענט, אַלע ווײַלע פאַרגעסען וואו מען האַלט און געכאַפּט פּעטש. אָבער דערוואַרט האָבען מיר זיך. אַט געהט ער, ווי זײַן שטייגער, אײַנגעבויגען, פּאַמעלאַך, הויפּט די פּיס פאַרזיכטיג. מיר קוקען איהם נאָך. ווי נאָר ער פאַרקירעוועט זיך הינטער יאָשע שנײַדער'ס הויז, גיבען מיר זיך אַלע מיט אַמאָל אַ הויב אויף און לויפען אַהן אָטעם דורך דער גוי'אישער גאַס באַרג אַראָפּ צו דער אָזיערע.

מיר געפינען גלײַך אונזער גליטש. אַ ביסעלע נאָר איז ער פאַרשנעעט, פאַרצויגען אַזוי ווי מיט אַ דינעם טיול. עס איז שטיל אַרום און אַרום, קיין רויש. מיר אַלע שטעהען אין אַ קופּקע. אַלע ווײַלע לויפט אָן אַנדערער אַרויס, צולויפט זיך, און גיט אַ שוועב איבער'ן שאַרפען, גלאַטען גליטש. עס איז גרינג און גוט, עס דאַכט זיך אַזוי ווי מען וואָלט אויף פליגלען זיך געטראָגען, אין דער לופטען געשוואומען, און אַט אַזוי איינער נאָך דעם אַנדערען. מען ווײַזט פאַרשײדענע קונצען: אַט פליהט איינער זיצענדיג, די פיס אונטער זיך, און ווײַזט אויס ווי אַ קליין שרעטעלע. אַט טראָגט זיך אַ צווייטער אויף איין פוס, אָדער גאָר „שמונה עשרה" — ביידע פיס צוזאַמענגעשטעלט. און אַז מען פאַלט, מען ציהט זיך אויס מיט'ן פנים אַרויף, אָדער מיט'ן נאָז אַראָפּ, שאַדט עס אויך ניט — מען ווײַנט ניט...

און די צײַט, זי שטעהט ניט. ביסלאַכווײַז ווערט דער הימעל אַלץ טונקעלער, בלויער, און דער רויטער ראַנד שוואַרצער. עס לאָזען זיך אַראָפּ שאָטענס. זיי לעגען זיך אויס אויפ'ן ווײַסען שנעע, אויף די בערג וואָס אַרום. — —

* * *

— אַזוי, אַט דאָס טוט איהר בין מנחה למעריב, איהר שקצים, האַ? — דערהערען מיר פּלוצלונג אַ קול.

אוי וועה, דער רבי. ער שטעהט אויף זײַן שטעקען אָנגע־שפּאַרט, די גרויע, ווײַסע באָרד אויפ'ן ברוסט צושפּרייט. ער

קוקט אויף אונז מיט זיינע גרויסע, גרויע אויגען, קוקט און שווייגט, רעדט מעהר ניט אויס קיין ווארט. מיר זיינען געבליבען שטעהן אלע צוזאמען אין איין קופקעלע, ווי צושראקענע שעפסען, מורא געהאט אויפצוהויבען די אויגען, א קוק צו טאן איינער אויף דעם אנדערען.

— וואס האט איהר געטאן? הא, וואס שווייגט איהר?

נאר עפעס ניט בייז איז דעם רבי'נס קול. מיר קוקען אויף איהם. דאס פנים שמייכעלט און די אויגען קוקען אזוי גוט, אזוי הארציג.

— מיר'ן זיך געגליטשט, — זאגט פאר אונז אלעמען פרוי־קע, דער גרעסטער עזות־פנים.

— אזוי, געגליטשט זיך. אבי איך האב געמיינט, איהר האט דא תהלים געזאגט. געגליטשט זיך; נו, מיר'ן אקארשט זעהן צו קענט איהר זיך גליטשען. לאמיר אקארשט א קוק טאן.

מיר קוקען אויף איהם פארוואונדערט. וואס הייסט דאס? ער אליין הייסט זיך גאר גליטשען. ער לאכט עס מסתמא פון אונז.

— אבער איהר'ט ניט שלאגען? — פרעגט פרויקע און קוקט איהם אין די אויגען אריין.

— דאס וועלען מיר נאכדעם זעהן. נו, שייגעץ איינער, ווייז וואס דו קענסט.

און פרויקע לאזט זיך ניט לאנג בעטען, געהט אפ הינטער־ווייל עכטס, שפייט אן אין די הענט, צולויפט זיך און ווי א שטורם טראגט ער זיך אריבער איבער'ן גליטש.

— אי, אי, א קונדס, — טשמאקעט דער רבי מיט די ליפען.

— איך קאן אויך! — שרייט בערעלע און באווייזט דעם אייגענעם קונץ.

— איך אויך, איך אויך! — שרייען מיר אלע אין איין קול, און טאנצען ארום רבי'ן, הענגען זיך איהם אן אויף די ארעמס, און ער לאכט, קוועלט גאר אן; און די שטילע פראס־טיגע לופט ווערט אנגעפילט מיט אונזערע קולות. מיר שרייען,

שפרינגען און לויפען. און דער הימעל איז בלוי, די ערשטע שטערנדלאך באווייזען זיך, טוקען זיך און פינטלען אין דער ווייטער בלויקייט און די שאָטענס לעגען זיך אלץ געדיכטער, ענגער; און די ווייטע וועלט, א קלאָרע, א ווייסע, שיינט, פינ־קעלט געגען דעם בלויען פאר׳חלומ׳טען הימעל.

— — — — — — — — — — — — — — —

און מיר זיינען שלום געוואָרען מיט׳ן רבי׳ן.

# דעם טאַטען׳ס זייגער.

### .1

— נעהם, מיין קינד, דעם זייגער, איך גיב דיר איהם אוועק אַלס אַ מתנה. נאָר היט איהם. זאָלסט חלילה ניט פאַרלירען — האָט מיר דער טאַטע געזאָגט ביים געזעגענען זיך.

אויף דעם האָב איך זיך ניט גערעכנט. דער זייגער איז איהם פאַרבליבען פון זיידען עליו השלום, און דער טאַטע האָט איהם גע־היט, ווי די אויגען אין קאָפּ. דאָס איז געווען דאָס איינציגע שטי־קעל צירונג, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

איך האָב גענומען דעם זייגער. דאָס האַרץ האָט מיר דער־ביי שרעקליך וועה געטאָן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ניט דעם זייגער, נאָר די נשמה זיינע האָט ער מיר מיט די אייגענע הענד אָפּגעגעבען.

דעם אמת רייידענדיג האָט מיר שפּעטער שטאַרק הנאה געטאָן. דאָס ערשטע מאָל ליגט ביי מיר אין קעשענע אַ זייגער וואָס קלאַפּט זיך זיין טיק־טאַק אַזוי רוהיג הרחבה׳דיג, דאָס איז דאָך אַן אמת׳ער זייגער מיט אַ טייער אינגעווייד, וואָס עס איז גאָר אַ יקר המציאות, ווי דער טאַטע זאָגט. אַלע ווייל האָב איך דעם זייגער ארויס־גענומען, איהם צוגעלייגט צום אויער און זיך איינגעהערט צו זיין קלאַפּען. אַלע אין וואגאָן האָבען מיך אָנגעקוקט און פריינד־ליך געשמייכעלט. אפּנים זיי איז אויסגעקומען מאָדנע וואָס איך, אַ יונגער אינגעל אָהן אַ סימן פון וואָנצעס אפילו, טראָג אַזא גרויסען שווערען זייגער. אָבער מיר האָט ניט געארט: פאַר־קעהרט, זאָלען זיי זעהן, האָב איך געטראַכט, אַז איך בין ניט אַבי ווער. און ווי גוט מיר איז געווען, ווען איינער אַ דיקער, מיט קליינינקע, שווארצע, לאַכענדיגע אויגעלאַך, האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— וויפיל האַלט איצט דער זייגער, יונגערמאַן?

איך האָב אָנגעשטעלט א וואזשנע מינע, לאנגזאם מיט צוויי פינגער ארויסגענומען דעם זייגער און מיט א דיקליכע סאָלידע שטימע האָב איך געזאָגט:

— דער זייגער איז איצט פונקט פינף מינוט נאָך האלב דריי.

אַלע ארום האָבען זיך פרעהליך צ.לאכט. מיר האָט עס שרעקליך פארדראָסען. וואָס לאכען זיי, די שוטים? איך האָב דאָך נאָר געענטפערט וואָס מען האָט מיך געפרעגט. איך האָב זיך מיט שטאָלץ אוועקגעקעהרט צום פענסטער און גענומען ארויס־קוקען אויף די פארביילויפענדע גרינע לאָנקעס, וועלדער, פעלדער און פויערשע הייזלאך. ערשט דער דיקער בויגט זיך צו און זאָגט:

— יונגערמאַן, דיין זייגער לויפט אויף פונקט צוויי מינוט מיט א פערטעל.

איך האָב דערזעהן נאָהענט לעבען מיין נאָז א בלישצענד־עז פינקלענדען גאָלדענעם זייגער און געפיהלט האָב איך, אזוי ווי מען וואָלט מיך מיט א קאַלטען עמער וואסער אָפּגעגאָסען. איך האָב אויפגעהויבען די אויגען, א קוק געטאָן אר'ום זיך און דערזעהן, אז אַלעמענס בליקען זיינען אויף מיר אָנגעשטעלט און מען לאכט מיר גלייך אין פנים אריין. דאָס האַרץ מיינס האָט פארקוועטשט און צוויי טרעהרען זיינען מיר איבער די באַקען אראָפּגערונען, די ערשטע צוויי טרעהרען אין דער פרעמדער קאַלטער וועלט.

.2

פון אָנפאנג האָבען די חברים אין דער ישיבה זיך צו מ'ר באצויגען מיט גרויס רעספעקט. קיינער פון זיי האָט קיין זייגער ניט געהאַט, און געזעהן האָב איך, אז זיי קוקען אויף מיר מיט קנאה און טאקע צוליב דעם פלעג איך אָפט ארויסנעהמען מ'ין גרויסען פלאטשיגען זייגער, צולעגען איהם צום אויער, האלטען אזוי א היבשע ווייַלע און צוריק אריינלעגען אין קעשענע. דאָס איז גע־ווען מיין איינציגע שטיקעל טרייסט, ווייל אויסער דעם האָב איך קיין זאך ניט געהאַט. מיר איז אויסגעקומען צו הונגערען, פשוט צו הונגערען, ווייל עס האָבען מיר געפעהלט גאנצע דריי טעג... די שטיוועלאך זיינען געוואָרען צוריסען און די קליידער אויך, און קיין

געלד אויף נייע האָב איך ניט געהאַט. איך בין אָבער ביי זיך ניט טראָפּגעפאַלען, איך האָב געלערענט מיט התמדה און דערביי גע־זונגען מיט אַן אומעטיגען ניגון אין וועלכען עס האָט זיך געהערט אַ פאַרשטיקטער שלוכצען. איך האָב געליטען און געלערענט. אָט די שטאַרקייט האָט מיר דער זייגער געגעבען. אַלע ווייל[?]ע האָב איך געקוקט אויף דעם ווייסען ציפערבלאַט, אויף די שוואַרצע דינע ווייזערלאַך. איך פלעג זיך צו־הערען צו זיין שטילען רוהיגען טיק־טאַק און געדאַכט האָט זיך מיר דאַן, אַז איך הער פון דעם אַרויס דעם טאַטענ׳ס קול, איך זעה זיין גוט פנים מיט די גראָהע פאַרטראַכטע אויגען, וואָס קוקען מיר גלייך אין האַרצען אַריין, און ער זאָגט צו מיר:

— קינד מיינס, איך ווייס, אַז דיר איז שווער, דו ליידסט נעבאַך, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אַז מען וויל לערנען תורה, מוז מען זיך מפקיר זיין, מוז מען ליידען דחקות, הונגער און קעלט. אָבער דערפאַר אם ירצה השם, אַז עס וועט קומען די צייט וועט דיר גוט און וואויל זיין.

— העי, קאַמאַיער, קוקסט שוין ווידער אויפ׳ן זייגער, דו גוי איינער — רייסט מיר איבער מיינע געדאַנקען דעם רבי׳נס כריפּענ־דיגער קול — געדענק, איך וועל איהם צונעהמען און אַרויסוואַרפען דורכ׳ן פענסטער! ס׳טו געהערט אַז אָנשיקעניש, נאָר דאָס קוקט אויפ׳ן זייגער. וואָס איז, האָסט קיין צייט ניט, דיינע מסחרים וועלען אונטערגעהן? איילסט זיך ערגעץ?

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און מיט אַ פלאַמענדען פנים הער איך אויס דעם רבינ׳ס געשריי און מיר דאַכט זיך, ווי ער וואָלט מיט די הענט גענומען און צוריסען מיין האַרץ. די חברים, וואָס אַלע מאָל חנפ׳ענען זיי זיך צו מיר און זיינען מיר מקנא דעם זייגער מיינעם, מאַכען פון מיר חוזק, זיי לאַכען און טייטלען אויף מיר מיט די פינגער, זיי באַשיטען מיך מיט אַ האַגעל פון שטעכ־ווערטלאַך:

— אַ זייגער? אַ ציבעלע איז דאָס גאָר.

— אַ לאַפּטשע...

— ער געהט דען, ער כריפּעט ווי אַ געקוילעטע גאַנז.

— אַז ער איז גאָר ניט קיין זילבערנער, אַ מעשענער איז ער, ער איז ווערטה אַ דרייער...

ווען קיינער האָט ניט געזעהן, האָב איך זיך פארקליבען אין אַ ווינקעלע אונטער׳ן אויווען און דורך טרעהרען געשטילט מיין צוּאוועהטאָגט הארץ.

.3

איינמאָל איז דער זייגער מיר בייגעשטאַנען אין אַ גרויסען נסיון.

עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטער טאָג, אין דרויסען האָט געבלאָזען אַ שניידענדער ווינד. די פענסטער פון דעם קליינעם בית־מדרש׳ל זיינען געווען אינגאַנצען פארשטעלט מיט דיקע שטי־קער אייז. איך מיט׳ן חבר, דעם וויזונער, זיינען געזעסען ביים אויווען און געקוקט אויף דעם העלען פלאַם. מיר זיינען ביידע געווען שטארק הונגעריג און ביז דעם מאָרגענדיגען טאָג האָבען מיר קיין האָפנונג אויף צו שטילען אונזער הונגער ניט געהאַט. אונזער גאַנצער פארמעגען איז געווען מיין אַלטער פלאַטשיגער זייגער און זיינער אַ פאַלשער גילדען, וואָס מען האָט איהם גע־געבען אויף אַ טאָג. דאָס איז געווען אַ בלייענער גילדען און קיי־נער האָט איהם אין האַנט ניט געוואָלט נעהמען. אָבער דער ווי־זונער האָט איהם דאָך געהאַלטען טייער, איהם געהיט ווי די אוי־גען אין קאָפּ.

— ווארף איהם אוועק, צו וואָס דארפסטו איהם — האָב איך צו איהם אַלץ גע׳טענה׳ט.

— וואָס, אוועקווארפען געלד? הערסט אַ חכם! — האָט ער זיך געבייזערט.

— אָבער עס איז דאָך פאַלשע געלד.

— נישקשה, איך וועל עס אַמאָל אויסגעבען.

— דאָס איז דאָך אַן עבירה, מען טאָר דאָך ניט געבען קיין פאַלשע געלד.

— טאָ פארוואָס האָבען זיי מיר געגעבען? זיי מעגען, מעג איך אויך — האָט ער מיט כעס געענטפערט און געהאַלטען דעם פאַלשען גילדען פעסט צוזאַמענגעדריקט אין האַנט.

און אַט האָט זיך מיט אמאָל די טיר געעפענט און אַן אַלטער איד מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס און מיט אַ שטעקען אין האַנד איז אריינגעקומען.

— קאַן איך זיך ביי אייך אַנווארימען, קינדערלאך? — האָט ער געפרעגט, בליקענדיג מיט די אויגען.

— יע, זיידע, קומט אהער, אַט דאָ לעבען אונז ביים שטענדער איז ווארים — האָבען מיר ביידע געענטפערט.

— קאַלט, קאַלט, קינדערלאך. איך האָב שוין קיין כח ניט צו געהן. די פיס, ניט פאַר אייך גערעכט, דינען שוין ניט — האָט ער שוואך געמורמעלט.

ער האָט אויסגעשטרעקט די בלויע ביינערדיגע הענט צום פייער און מיט נחת געקרעכצט. מיר ביידע, איך און דער וויזונער, האָבען איהם אַנגעקוקט פון דער זייט. אַן אַלטינקער איז ער געווען מיט אַ ווייסער באָרד, ווי שנעע, און מיט רויטע טרעהרענדע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויפ'ן פייער ניט אַ פינטעל טוענדיג אפילו.

— וואָס טוט איהר, זיידע? — האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן.

— וואָס איך טו, מיין זוהנעלע? איך געה אין די הייזער, אין די הייזער געה איך און נעהם נדבות, דאָס טו איך. עס איז אָבער שלעכט, מיין קינד, מען וויל ניט געבען, וואו מען געהט אריין ענטפערט מען דיר: שוין געווען, געגעבען. ניטאָ קיין רחמנות ביי מענשען אין די הערצער. אמאָל איז גאָר אנדערש געווען.

— אויב איהר ווילט, זיידע, וועל איך אייך געבען אַ נדבה — האָט זיך ארויסגעכאפּט דער וויזונער.

— אַך, פאַרוואָס ניט, זוהנעלע, אויב דו האָסט אַ קאָפּיקע, טאָ פאַרדין אַ מצוה אָן אַן אָרימאַן, און גאָט וועט דיר באַצאָהלען דערפאַר כפל כפלים.

— האָט איהר רעשטע פון אַ גילדען, זיידע?

— איך האָב, מיין קינד, איך האָב רעשטע.

איך האָב געוואָלט אויסשרייען: נעהמט עס ניט, עס איז אַ

פאלשער, אָבער עפּעס האָב איך דאָס ניט געקאָנט טאָן. אז איך בין געווען אזוי הונגעריג, אזוי הונגעריג, און דאָ זעה איך, ווי דער אלטער צאָהלט אָפּ פערצעהן איינציגע קאָפּיקעס. פון א לייוועג־טענער בייטעלע האָט ער עס ארויסגענומען און די אלטע הענט זיינע האָבען אזוי געציטערט. דער קלאנג פון דעם געלט האָט מיך גאר פאר׳שיכור׳ט.

גאָר אין א ווײלע ארום, אז עס איז געוואָרען שטיל, האָט מיר עפּעס שטארק אָנגעהויבען קלאַפּען דאָס הארץ. מיר איז גע־וואָרען שרעקליך. עס האָט זיך מיר געדאכט, ווי עמיצער וואָלט מיר אין אויער ארייגגעשריען:

— גנב! דו ביזט א גנב!

איך האָב ארויסגענומען מיין זייגער און מיר איז איינגע־פאלען דאָס הארץ. מיר האָט זיך געדאכט, אז דאָס ציפערבלעטעל איז שווארץ געוואָרען און עס קוקט אויף מיר מיט צאָרן. מיר האָט ארויסגעשלאָגען א שווייס איבער׳ן גאנצען לייב, איך האָב געצי־טערט ווי אין קדחת.

— וויזונער, — האָב איך אויסגעשריען, — גיב אָפּ צוריק דאָס געלד.

ער האָט צו מיר געוואונקען מיט די אויגען, מיט די הענד, איך זאָל שווייגען. איך האָב איהם אָבער ניט געפאָלגט.

— גיב אָפּ, גיב אָפּ, — האָב איך געשריען — זיידע, ער האָט אייך אָפּגענארט, עס איז א פאלשער גילדען, נעהמט צוריק דאָס געלד אייערס — האָב איך זיך מיט א וויינענדיגען קול געווענדעט צום אלטינקען, וואָס האָט אלץ געהאלטען זיינע הענד אויסגעשפּרייט צום פייער.

ער האָט זיך א צאַפּעל געטאָן און אָנגעכאַפּט דעם וויזונער פאר׳ן פּלייצע, איהם גענומען טרייסלען און שרייען מיט א ברי־פענדען קול:

— גיב אָפּ, גיב מיינע געלד!

— ער זאָגט א ליגען, עס איז ניט קיין פאלשער — האָט דער וויזונער געזאָגט מיט שרעק.

— גיב אָפּ, וואָרים איך וועל מאַכען אַ גוואַלד — האָט דער אָרימאַן געשריען.

ער האָט איהם אָפּגעגעבען די פערצעהן קאָפּיקעס, און דער אַלטער, אזוי ווי וועלענדיג אַרויסראַטעווען זיך פון גזלנים, איז אויף גיך אַרויסגעלאָפען פון בית מדרש.

.4

איצט איז ער שוין אַלט, ער געהט ניט. אין מיין קעשענע ליגט אַ בלישטשענדיגער, שיינענדיגער, גאָלדענער זייגער, אָבער דעם אַלטען זייגער וועל איך האַלטען טייער ביז דעם לעצטען אטעמצוג מיינעם.

# דאָס רויטע העמדעל.

האָבען א רויט העמדעל צום ערשטען מאי, איז געווען מיין ווארימסםטער פארלאנג. איך האָב וועגען דעם גע'חלומ'ט א גאנץ יאָהר. ארויסגעהן אין גאַס אין דעם רויטען העמדעל, מיט'ן רויטען קוטאַש, די פּאָלעס צולעגט אזוי, אז אַלע זאָלען עס זעהן, יעדער זאָל זיך צו דעם צוקוקען און מיך מקנא זיין, — דאָס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אלס דער העכסטער גליק, צו וואס א מענש קאָן דערגרייכען. אָבער ווי צו קריגען א רויט העמ־דעל, האָב איך ניט געוואוסט. בעטען ביי דער מאמען? מעהר וואָלט מיר ניט געפעלט! זי וואָלט מיר דערלאנגט אזא פארציע, אז איך וואָלט שוין פארזאגט א צעהנטען...

קיין געלט האָב איך נאָך ניט פארדינט, און וואו צו קריגען האָב איך ניט געהאט. נו, זיינען טאקע מיינע האָפענונגען געווען זעהר שוואכע, סיידען א נס זאָל געשעהן, אָבער אזוי ווי אין נסים האָב איך שוין דאַן ניט געגלויבט, האָב איך זיך שוין געריכט אויך דאָס יאָהר געהן אזוי אין די וואָכעדיגע קליידער, ווי יעדער פראָסטער מענש, ניט ווי קיין „באַקאנטער".

פּלוצים, אונערוואַרטעט, האָב איך געקראָגען א רויט העמדעל, אַ שעהנע, אויסגענעהטע רובאַשקע, מיט א קוטאַש, אזוי ווי עס באדארף צו זיין, און איך בין געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל פאר פרייד.

חיה'קע האָט דאָס מיר די רובאַשקע אויפגענעהעט; שטי־לערהייט האָט זי עס געמאַכט. אפילו מיר האָט זי ניט אויסגע־זאָגט ביז א טאָג פאר'ן ערשטען מאי, אז זי געהט פאר מיר א רויט העמדעל.

איך האָב חיה'קען אַגיטירט. א שכנה אונזערע איז זי, מיר קאָנען זיך פון קינדהייט אָן, צוזאַמען זיך געשפּילט אין צייכען. די איבעריגע אינגלאַך פלעגען פון מיר לאַכען, אָפּ־

שפּאָטען פאַר׳ן שפּילען זיך מיט מיידלאַך, אַ צייט לאַנג האָט מען מיך אַליין אויך גערופען „חיה׳קע״; מיך — „חיה׳קע״, און איהר — „זעליגעל״. מען האָט אונז פאַרביטען די נעמען; מיר פלעגען וויינען, לויפען צו די מאַמעס זיך באַקלאָגען, אָבער געהאָלפען האָט עס ניט, אַזוי איז דאָס לאַנג געבליבען. מיך — „חיה׳קע, און איהר — „זעליגעל״.

שפּעטער, אַז מיר זיינען עלטער געוואָרען, פלעגען מיר זיך שעהמען איינער פאַר׳ן צווייטען, פלעגען מיר ביים באַגעגענען זיך רויט ווערען, שעהמעוודיג אַ שמייכעל טאָן און די קעפּ אַפּדרעהען. אַז איך בין אַ „באַקאַנטער״ געוואָרען און האָב גערדאַרפט „אַרבייטען פאַר דער באַוועגונג״, האָב איך באַשלאָסען מיט איהר צו ריידען, איהר צוציהען, איך האָב זיך אָן עצה גע־האַלטען מיט מיין אַגיטאַטאָר חיים, און געקראָגען זיין הסכמה.

— פּרואוו, אפשר וועט זיך דיר דעם מאָל איינגעבען, זיצען אַזוי מיט צונויפגעלייגטע הענט, איז דאָך קיין תכלית ניט... האָט ער מיט אַ מוסר טאָן געזאָגט.

זי האָט מיר גלייך פאַרשטאַנען, האָט באַלד איינגעשטימט אויף אַלץ, האָט געשאָלטען איהר בעל־הבית׳טע אויף וואָס די וועלט שטעהט, האָט צוגעזאָגט צו זיין „קאָנספּיראַטיוו״, און איז געוואָרען אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר זיינען ווייטער געוואָרען גוטע־פריינד: יעדע פרייע מינוט פלעגען מיר פאַר־ברענגען צוזאַמען, תמיד זיך שושקענען, פאַררוקען זיך אין די ווינקעלאַך, קיינער זאָל ניט הערען, דער עיקר קיינער זאָל ניט זעהן...

חיים האָט אָבער יע געזעהן און איהם איז דאָס זעהר ניט געפעלען, האָט ער מיך נאָכאַנאַנד געהאַלטען אין איין שטראָפען:

— טאָמער האָסטו שוין אַמאָל יע עפּעס געטאָן אַ גוט שטיקעל אַרבייט, נעהמסטו און לאָזט עס אַראָפּ צו זיך אין קעשענע.

נאַר ווער האָט איהם געהערט. אַ קונץ, ער איז אַ צדיק! ווייל קיין מיידעל ווייל אפילו אויף איהם קיין קוק ניט טאָן. ווער איז שולדיג, אַז ער האָט אַ נאָז ווי אַ קאַרטאָפלע און אַ פּנים, באַדעקט מיט זומער שפּרייגקלאַך?

**דעם ערשטען מאי, ווי נאָר איך האָב די אויגען געעפענט,** האָט מיר די זון א שיין געטאָן, — א ליכטיגע פרעהליכע זון. איך האָב אזש אויסגעשריען פאר פרייד. ס'האָט מיך א הויב געטאָן. איך האָב חשק געהאט אוועקלאָזען זיך טאנצען. איך בין די גאנצע צייט געווען אין איינע שרעק, עס זאָל ניט רע־גענען, ערשט עס איז א שעהנער טאָג, א לויטערער, קלאָהרער, בלאָהער הימעל, קיין סימן פון וואָלקען. פון הארצען רייסט זיך ארוים א געזאנג.

„ברידער, וואס האָט איהר צו פארלירען!..."

— שא, ער זינגט שוין! א שמחה אויף איהם, און נעגעל־וואסער האָסטו אָפּגעגאָסען? דו, פּויער דו! אבי דאָס זינגט! — בייזערט זיך די מאמע פון קיך.

— מאמע, היינט איז דער ערשטער מאי! היינט ארבייט מען ניט!...

— א גדולה אויף מיר. וואס איז דאָס עפּעס פאר א יום טוב?

— מאמע, דאָס איז דער גרויסער ארבייטער יום טוב, דער אינטערנאציאָנאלער...

— וואָס פּלאפּעלסטו דאָרט, וואָס פאר אינטערנאשע...

— ניט אינטערנאשע, נאָר אינטערנאציאָנאלער, הערסט — אינטערנאציאָנאלער, כא־כא... אינטערנאשע...

— איך וועל דיר באלד געבען מיט'ן טאטענ'ס רימען א „אינטערנאצי", אז דו וועסט מיך האָבען צו געדענקען. שטעה אויף! דו שייגעץ...

איך דערקאָן אָבער אן איהרע רייד, אז זי איז גאר ניט בייז, די מאמע, זי מאכט זיך נאָר אזוי, אָבער אויפשטעהן דארף מען. מען מוז צולויפען צו חיה'קען, א קוק טאָן וואָס הערט זיך מיט דער רובאשקע.

---

**חיה'קע ליגט נאָך אין בעט. אין הויז איז, אויסער איהר און דעם דריי־יעהריגען איציקעל, קיינער ניטאָ, זי דערזעהט מיך, כאפּט זי און ציהט ארויף די דעקע ביז איבער'ן נאָז.**

— דו בורזשויקע ! אזוי שפּעט שלאָפט מען דעם ערשטען מאַי ? — מוסר איך זי.

— אליין איבער דיר, איך האָב באַדאַרפט פאַרטיג מאַכען די רובאַשקע, בין איך געזעסען שפּעט.

זי ציהט דערביי אויס דאָס אונטערשטע ליפּעל, ווי א קינד ווען עס פּיעסטשעט זיך, ס'גיט מיר א צופּ אין הארצען, מיר ווילט זיך צופּאַלען צו איהרע רויטע ליפּעלאַך... שטעהט אָבער דער קליינער קאַראַפּוזיק, און לאָזט ניט אראפּ קיין אויג פון מיר. מעהר פעהלט ניט, אז ער זאָל דערצעהלען דער מאַמען זיינער, אז: „היה'טע זיך דעטושט..."

— נו, איז עס כאָטש פאַרטיג ?

— פאַרטיג.

— איציקעל — זאָג איך צום קינד, — געה זעה, די מאַמע געהט ?

ער שטעהט מיט'ן קעפּעל פאַרריסען צו מיר, עפענט דאָס מיילכעל און לאַכט, אָבער ער ריהרט זיך ניט פון אָרט.

— איציקעל, מאַמע געהט ?

— מאַמע דעהט. — שאָקעלט ער מיט'ן קעפּעל און ריהרט זיך ניט.

חיה'קע קייקעלט זיך פאַר געלעכטער. איך בין בייז. איך וואָלט דאַכט זיך צוריסען דעם קליינעם חברה־מאַן ווי א הערינג.

— וואו איז די רובאַשקע ? לאָז מיר א קוק טאָן.

— נו, און באַצאָהלען ?

— אז ער לאָזט ניט ! — ווייז איך אויפ'ן קליינעם טייוועל.

— איציקעל, קריך ארונטער אונטערן בעט, זעה, מיינע שיך זיינען דאָ ? — זאָגט זי צו איהם.

חיה'קען פאָלגט ער.

---

די גאַס באָדט זיך אין ליכט. מענשען לויפען, האַוען. מען קויפט און מען פאַרקויפט. די קראָמען זיינען אָפען. די וועגענער פאָהרען מיט'ן זעלבען רויש און גערודער ווי אַלע טאָג.

פונדעסטוועגן פיהל איך זיך גוט. מיר דאכט זיך, אז אויף אלעם ליגט אויסגעגאסען יום טוב. עפעס איז היינט אנדערש ווי אלע טאג. מיר דאכט זיך, אז די גאנצע וועלט טאנצט און פרעהט זיך, אז די זון, דער הימעל פרעהען זיך, שמייכלען צו מיר. אויף די ליפען פיהל איך נאך די ווארימקייט פון חיה'קעס קושען, פעסט צוגעדריקט צום ברוסט, טראג איך דאס רויטע העמדעל. איך דערשפיר אין זיך א סך כח, איך בין שוין א גרויסער, איך ווייס שוין א פולע זאכען, פון זיך אליין רייסט זיך א געזאנג, איך זינג די מארסעליעזע.

— האסט שוין געדאווענט? — באגעגענט מיר די מאמע מיט א געשריי, — א זעכצעהן יעהריגער בחור ביי לייטען, איז שוין א מענש, און ער שפרינגט נאך ארום ווי א ציג....

איך וואלט זיך זעהר וועלען אויסדרעהען פון דאוונען דעם ערשטען מאי, אבער עס געהט ניט, אז די מאמע וויל ניט געבען עסען, ביי איהר איז רעכט צו לאזען פאסטען א גאנצען טאג.

— אוי, א בראך איז צו מיר! — שרייט אויס די מאמע, ווען זי דערזעהט מיך אין דעם רויטען העמדעל. — וואו האסטו גענומען אזא בגד? שוין זאלסטו מיר אויסטאן! אוי, א קלאג איז ניט צו מיר, ווי א גזלן ווייזט ער דאך אויס, ווי א װאלד גזלן, זעהט, קוקט איהם נאר אן! קריינאלאך מיינע!...

ווען ניט דער טאטע, ווער ווייסט וואס עס וואלט געווען. ער האט מיר ארויסגעהאלפען.

— לאז איהם געמאך, וואס ארט עס דיר, ער וויל א רויט העמדעל, ווי א פויער, להבדיל, זאל ער עס טראגען געזונטערהייד, ווארום אז דו וועסט ניט וועלען, וועסטו דען ביי איהם אויס־פיהרען, וואס? סיי־ווי־סיי זיינען היינטיגע קינדער פארפאלען, לאז איהם.

ווען איך וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט איך דעם טאטען ארומגענומען און א קוש געטאן...

---

איך שפאציר זיך מיר אין די גאסען, די הענט פארלייגט אין די הויזען קעשענעס, די פאלעס פון רעקעל ווייט צונעמען,

אזוי אז וואָס מעהר העמדעל זאָל זיך ארויסזעהן. ווי רויט זי איז, מיין רובאשקע! בלוט־רויט, און זי שיינט, בלישטשעט אויף דער זון אזוי שטארק, אז איך מוז מיינע אויגען פארזשמורען. איך בין צופרידען, זאָלען אַלע זעהן, ווער איך בין. איך האָב פאר קיינעם קיין מורא נים, איך שפּאַן מיר מיט שטאָלץ, דעם קאָפּ פאררויסען, מיט גדלות; ברום מיר אונטער׳ן נאָז א לידעל, א פארבאָטען ליד, מען קוקט אויף מיר, מען שמייכעלט, אהא, זיי געפעלט עס. אָט געהט א חברה אינגלאך, זיי לאַכען פון מיר, טייטלען אויף מיר מיט די פינגער, איך וויים, זיי זיינען מיר מקנא, זיי האָבען קיינער נים אזא שעהן העמדעל, זיי קענען עס נים האָבען. ווען זיי וואָלטען נאָך וויסען ווער עס האָט עס געמאכט... איך באגעגען חיה׳קען, זי איז אויף יום טוב׳דיג אָנגעטאָן, איהר קיילעכדיג פּנים, די בלאָנדע גילדערנע האָר, שיינען אויף דער זון אזוי, אז מיר ווילט זיך אויסשרייען פאר ענטציקונג. זי קוקט אויף מיר מיט איהרע בלאָע אויגען, זי וואַרעמט מיך, לאַסטשעט מיך מיט איהר בליק. מיין העמדעל וואַרפט אויף איהר געזיכט א רויטען שאָטען. דאָס מאַכט זי נאָך שעהנער. ווי א פארכישופ׳טע בת־מלכה ווייזט זי אוים, איך בין ווי פאר׳שיכורט פון גליק: זי איז דאָך מיינע און דאָס רויטע העמדעל איז מיינס, און דער ערש־טער מאי איז מיינער, — אַלץ איז מיינס, די גאנצע וועלט איז מיינע!...

# דער רב איז געשטאָרבען

משה'קע איז געלעגען אויף דער לאַנקע פאַר'ן זיידענ'ס הויז און זיך געשפּילט מיט אַ צווייטען חבר אין קנעפּלאַך. דאָס איז געווען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך גענומען אראָפּזעצען אין מערב־זייט, דאָרט, וואו דער וואַלד הויבט זיך אָן. אַ האַלבער הימעל איז געוואָרען רויט ווי פייער — אַ סמן, אַז ס'איז צייט מנחה צו דאַווענען. אין דאָ דערזעהט משה'קע פון דערווייטען, ווי דער זיידע געהט אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שטעקען, מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ. דאָס האַרץ האָט איהם אַ ציטער געטאָן. ער ווייסט, אַז איצט איז די צייט, ווען דער זיידע איז אין מנין. קיינמאָל קומט ער אין דער צייט ניט אַהיים, קיינמאָל ניט. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם חבר און איז נאָכגעגאַנגען דעם זיידען אין הויז אַריין. ער האָט געזעהן, ווי אַלע האָבען אָנגעשטעלט די אויגען און אויף עפּעס געוואַרט. אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, דער זיידע. ער האָט זיך אָפּגעקעהרט אַן אַ זייט און שווער אַ זיפץ געטאָן.

— נו, וואָס הערט זיך, ראובן? — האָט די באָבע געפרעגט.

— עס האַלט שמאָל, נאָר השם יתברך קאָן זיך מרחם זיין, — האָט ער געענטפערט.

— און וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט?

— וואָס ווייסען זיי? ער האָט געשוויגען און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — האָט דער זיידע געענטפערט מיט רוגזה.

דער זיידע האָט זיך געשטעלט דאַווענען מנחה. אָבער ער האָט ניט געזונגען און גע'דבק'עט זיך ווי תמיד. ער איז געשטאַנען אין ווינקעל ביים אַלמער מיט ספרים און האָט זיך קיין ריהר ניט געטאָן. משה'קע האָט זיך אונטערגע'גנב'עט און געזעהן, אַז ער האַלט די אויגען פאַרמאַכט. די ליפּען זיינען געשלאָסען, אָבער דאָס פּנים, דער שטערען, יעדעס קנייטשעלע אין אָנגעפּילט

מיט יסורים, מיט געבעט, מיט געוויין. דאָס האָט ער געבעטען א רפואה פאַרן רב, פאַר'ן חבר פון דער ישיבה...

עס איז געוואָרען טונקעלער. די נאכט־שאָטענס האָבען זיך אריינגעקליבען דורך אַלע פענסטער אין שטוב אריין. די פּנים'ער זיינען געוואָרען טונקעלע, פרעמדע, אומבאַקאַנטע. משה'קע האָט זיך געשראָקען און האָט געהאַלטען דאָס פּנים ביי דער מומהמע שיינע'ן אין שויס. זי האָט מיט איהרע דינע פינגער געגלעט זיינע האָר. פון דעם איז איהם היימליכער געוואָרען.

און מיט די פאַרמאַכטע אויגען האָט ער דערזעהן דעם רב, פּונקט אזוי ווי ער האָט אויסגעקוקט דאָס לעצטע מאָל, וואָס ער האָט איהם געזעהן. משה'קע געדענקט גאַנץ גוט יענעמ'ס לאַנגע גרויליכע באָרד, דאָס ווייסע פּנים און די שווארצע, שטילע, גוטע, לאַשטשענדע אויגען. דער רב איז דאַן געזעסען פאַרטיפט אין א גמרא. משה'קע האָט אריינגערוקט דעם קאָפּ דורך דער טיר. אזוי ווי ער פלעגט אָפט טאָן, אז עס האָט זיך איהם פאַרוואָלט נאָ־שען. דער רב האָט איהם דערזעהן און א רוף געטאָן. ער האָט איהם אוועקגעזעצט ביי זיך אויף די קניע, א קניפּ געטאָן מיט צוויי פינגער די באַק און געפרעגט:

— א שטיקעל צוקער ווילסטו?

— מ'טאָר ניט — האָט משה'קע געענטפערט ערנסט.

— א קליין שטיקעלע מעג מען.

— וועסט ניט אויסזאָגען?

— ניין.

— שווער זיך!

— ווי אזוי זאָל איך זיך שווערען? — האָט דער רב גע־פרעגט לאַכענדיג.

— זאָג: ווי איך בין א איד, אז איכ'ל ניט אויסזאָגען.

— נו, גוט!

ער האָט געכראָמשקעט דעם צוקער און דער רב האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין דער גמרא, שאָקלענדיג זיך הין און הער, פון וואָס משה'קע איז געווען שטאַרק צופרידען. דערצו האָט נאָך די באָרד אזוי נעקיצעלט דעם שטערען און די באַקען, אז עס האָט

זיך געגלוסט לאכען. אָבער איהם איז געווען טשיקאווע צו וויסען א וויכטיגע זאך, וואָס ער האָט שטענדיג פארגעסען צו פרעגען.

— הער, ביזט געווען דעם זיידענ'ס א חבר?

— הא, וואָס זאָגסטו? — האָט דער רב געפרעגט אזוי ווי אויפכאפענדיג זיך פון שלאָף.

— ביזט געווען דעם זיידענ'ס א חבר?

— יע, יע, מיין קינד, א חבר, אָבער זיי שטיל, שלאָג מיר ניט איבער.

און ער האָט זיך ווידער פארטיפט אין לערנען.

— איהר'ט געהאט א סך קנעפּלאך? — האָט משה'קע גע־פרעגט אין א ווייל'ע ארום.

דער רב האָט אָבער ניט געהערט און זיך אלץ געשאָקעלט הין און הער. דאָס האָט שוין משה'קען פארדראָסען. ער האָט זיך באשלאָסען איהם ניט אָפּצולאָזען. ער האָט גענומען ציהען דעם רב ביים לאץ.

— זאָג, איהר'ט געהאט קנעפּלאך?

— ווייסט גאָר וואָס, מיין קינד? געה צו דיינע חברים, אָט שפּילען זיי זיך אויף דער גאָס.

— טאָ גיב נאָך א שטיקעל צוקער, אָבער זאָלסט ניט אויס־זאָגען! דו האָסט געשוואָרען, געדענק! האָט ער דעם רב גע־סטראשעט מיט א פינגער.

און איצט האָלט דער רב שמאָל, ער שטארבט.

— וואָס איז מיט דיר, משה'קע, וואָס ציטערסטו אזוי? — האָט ער דערהערט דער מוהמע'ס קול.

ער האָט זיך ארומגעקוקט און געזעהן, אז דער זיידע איז שוין ווידער ניטאָ. אין שטוב איז געווען שטארק פינסטער, קוים וואָס ער האָט געזעהן דער באָבען וואָס איז געזעסען אויפ'ן לעזשאנקע מיט פארלעגטע הענט אויפ'ן הארצען און זיך געשאָקעלט הין און צוריק.

— איך געדענק איהם נאָך פאר א יונגען בחור'ל, אָט ווי איצט וואָלט עס געווען. ער איז דאן אויך געווען א בלאסער, אָבער זעהר א שעהנער, אין זיין פּנים איז זיך ניט געווען איינצוקוקען.

זיינע אויגען — אזעלכע שווארצע ווי קויל. ער איז געקומען צו גאַסט אויף א שבת צום מחותן, דאָס איז געווען דעם ערשטען יאָהר נאָך מיין חתונה... אך, רבונו של עולם...

אזוי האָט די באָבע גערעדט ווי צו זיך אליין מיט א ניגון פון תחינות.

שפּעטער זיינען די קצבים געקומען. זיי האָבען זיך געזעצט ארום טיש און גענומען דערצעהלען וועגען דעם רב. זיי האָבען אויך געזאָגט, אז עס האָט שמאָל, אז הלואי ציהט ער דורך די נאַכט. אָבער באלד זיינען זיי אריבער אויף אָקסען און רינדער. זיי האָבען געכליאָפּטשעט די טהעע, געלאכט און געוואָרפען אוי־געלאך אויף דער מוהמע שיינע. משה'קע האָט זיך געבעטען ביי דער באָבען:

— טרייב זיי ארויס, הייס זיי געהן!

— וואָס האָסטו צו זיי? וואָס איז מיט דיר, מיין קינד? פאַרוואָס ביזטו אזוי בלאַס? — האָט זי געזאָגט, איהם קושענדיג.

— זאָלען זיי געהן, זיי לאַכען. זעהסט, באָבע, זיי לאַכען. טרייב זיי ארויס — האָט ער זיך געבעטען מיט א וויינענדיגען קול.

ליב נחמיה'ס האָט איהם א כאַפּ געטאָן אויף די הענט און אויפגעהויבען הויך, אזש ביז צום באַלקען, א זאַך, וואָס משה'קע האָט שטאַרק ליב געהאַט, אבער איצט האָט ער עס ניט געקאָנט פאַרטראָגען. ער האָט זיך געריסען פון די הענט, זיך געבריקעט און געשריען אויפ'ן קול.

— פע, ביזט א שלעכטער אינגעל, — האָט ליב געזאָגט איהם אפּלאָזענדיג, — דו גראבעלסט זיך גאָר ווי א קאַץ.

— רעכט אויף דיר, לייבע! קריך ניט וואו מען דאַרף ניט, — האָט די מוהמע שיינע געזאָגט מיט א געלעכטערעל און דערביי באוויזען איהרע ווייסע, פינקלענדע צייהן.

איצט האָט משה'קע פיינט געהאַט אלעמען. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אזוי קאָנען זיי רוהיג זיצען, לאַכען און רעדען, ווי יענער דאָרט וואָלט גאָר ניט געלעגען אויפ'ן בעט און געהאלטען ביים שטאַרבען.

* * *

אין מיטען דער נאכט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער װעט
אין לאָדען, און אַ הויכע, יאָמערדיגע שטימע האָט אויסגעשריען:

— דער רב איז נפטר געװאָרען!

פון צװייטען בעט האָט זיך געהערט אַ פארשטיקטער געװיין. משה'קע האָט ניט געקאָנט באַגרייפען, װער דאָס איז. ער האָט קיין זאַך ניט באַגריפען, נאָר געדאַכט האָט זיך איהם, אַז די פינסטערניש האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן, אַז עמיצער לויפט ארום אין איין העמד הין און צוריק, הין און צוריק. און אַ קעלט טרייבט זיך איבער'ן הויז. ער האָט פארשטאַנען, אַז ער ליגט אין בעט, דער זיידע איז ניטאָ און ער איז אליין. די האָר האָבען זיך איהם אויפגעשטעלט װי צװייקעס און ניט מיט זיין קול האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— אַי, באָבע, באַ־אָבע, איך האָב מורא.

אַז ער האָט דערפיהלט נעבען זיך דער באָבע'ס װאַרימע לייב, האָט ער זיך באַרוהיגט; און װידער האָט זיך דער זיסער שלאָף גענומען אַראָפּלאָזען אויף איהם און ער האָט אָן אַלעס פארגעסען.

אַ טעמפּער קלאַנג האָט זיך צוטראָגען אין דער נאַכט־לופט; אַ טאָפּטשען פון פערדישע קאָפּיטעס האָט זיך דערהערט פון דער װייטען.

— הערסט, מאַמע? דער דאָקטאָר פאָהרט אװעק — האָט די מוהמע שיינע געזאָגט.

— ער פאָהרט אװעק, װעה איז מיר, ער פאָהרט אװעק, — האָט די באָבע שטיל געכליפּעט.

אָבער משה'קע האָט עס ניט געהערט. איהם האָט זיך גע־חלום'ט, אַז ער איז אויף דער לאָנקע מיט די חברים און אַז ער װאַרפט קנעפּלאַך אין דער לופטען.

# אומגעריכט

ווען שרה'קע מיט א פּאָר חבר'טעס זיינען געזעסען אין שטוב, איז דער נייער קוואַרטיראַנט צו זיך אין צימערעל אריין. די מייד־לאַך האָבען זיך איבערגעקוקט און א זאָג געטאָן.

— עפּעס א מאָדנער איז ער, אַן אויסגעוויקסטער ווי א הערינג.

— ער איז אָבער זעהר א געבילדעטער און א קלוגער. איהר האָט איהם באַדאַרפט הערען ריידען. — האָט שרה'קע מיט אַן ערנ־סטער מינע געזאָגט.

אין אמת'ן איז ער שרה'קען אויך ניט געפעלען. זיין בלאַ־סער, גראָהער פּנים און די לאַנגע געלע פלאַקסענע האָר האָבען ביי איהר, באַלד ביים ערשטען אָנקוקען איהם, ארויסגערופען אַן עקעל; פונדעסטוועגען האָט דאָס איהר ניט געשטערט זיך צו באַציהען צו איהם מיט גרויס רעספּעקט. אין דער פריה, אַז זי איז אריין אויפ־קלייבען זיין חדר'ל, האָט זי געפונען אויפ'ן טיש, אויף דער ערד און אויף די שטולען אָנגעוואָרפען צייטונגען און אַזעלכע דיקע ביכער. זי האָט א פּאָר מאָל געפּרופט אריינקוקען אין זיי, גע־מאַטערט זיך אַביסעל פאַרשטעהן וואָס דאָרט שרייבט זיך, אָבער מעהר ווי די קלייניגקע ווערטעלאך האָט זי ניט געזעהן; און זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען זעהר קלוגע און שווערע ביכער.

אין די אָבענדען, אַז די גאַנצע פאַמיליע איז ארום טיש געווען, איז ער אָפּט פון חדר'ל ארויס און געלייענט פון א צייטונג. ער פלעגט דערצעהלען וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, און דערביי געהאַלטען זיינע וואַסערדיגע אויגען אויף איהר אָנגעשטעלט, עפּעס אַזוי ווי נאָר פאַר איהר וואָלט ער לעזען און דערצעהלען די אַלע זאַכען; און עפּעס מאָדנע פלעגט איהר ווערען: גראַד ווען ער איז געזעסען אַזוי נאָהענט צו איהר, פלעגט איהר ווערען שווער און

אומאנגענעהם; עס האָט זיך איהר געגלוסט געגעצען פון זיין אויסגעצויגענעם כריפענדיגען קול. אָבער זי האָט זיך געשעהמט און זיך אָפּגעהאַלטען.

אַפּאָר מאָל האָט ער זיך מיט איהר צורעדט און דערצעהלט אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער, אַן עלענדער, האָט כמעט קיינעם ניט, וואָס זאָל איהם זיין נאָהענט. און ווען ער האָט גערעדט, האָט דאָס דארע פּנים ביי איהם אַזוי מאָדנע געציטערט, געקנייטשט זיך, אַז עס האָט איהר געעקעלט; אָבער אַ געפיהל פון רחמנות האָט זיך אין איהר הארצען אריינגעקליבען: זי האָט פארשטאַנען, אַז ער איז נעבאך אַן אומגליקליכער. אָבער אַזוי ווי העלפען איהם האָט זי ניט געקענט, האָט זי זיך אָפּגעזיפצט און אָן איהם פארגעסען, ביז זי האָט איהם ווידער געטראָפען ביים טיש, לעזענדיג און ריידענדיג וועגען עפּעס אַזעלכע מאָדנע שווערע זאכען.

אַזוי זיינען פארביינגעלאָפען אַ פּאָר חדשים. דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט זיך צו איהם צוגעוואוינט ווי צו אַן אייגענעם מענשען. איינמאָל, ווען ער האָט זיך צוריק אומגעקערט אין זיין חדר׳ל, האָט איהר פאָטער צוגעלעגט אַ פינגער צום שטערן און ערנסט געזאָגט:

— אַ וואזשנער מענש! אַ טייערע קאָפּ!

— און אַן איידעל קינד — האָט די מוטער צוגעגעבען מיט אַ זיפץ.

— אָבער אַ פּגירה איז עס; מיט איין שנעל לעג איך אַוועק פינף אַזעלכע, — האָט זיך אָפּגערופען ברוך, שרה׳קעס עלטערער ברודער, אַ בחור אַ גבר מיט אַ רויטען פּנים און קליינע פארשוואומענע אויגלאך.

— דו, גוי׳עץ, ווייסט נאָר פון שלאָגען זיך — האָט דער אַלטער זעליג מיט כעס אַ ברום געטאָן.

וואָס ווייטער האָט שרה׳קע אַלץ מעהר גענומען שעצען דעם קוואַרטיראַנט. זי האָט דאָך קלאָר געזעהן, אַז ער שטעהט העכער פון די אַלע, וואָס רינגלען איהם ארום; אַז ער באַלאַנגט גאָר צו אַן אנדער סאָרט מענשען, פאר וועמען די אַלע נארישע זאכען האָבען עפּעס גאָר קיין ווערט ניט; און דאָס, וואָס ער איז אַזאַ ניט שעהנער און שוואכער, האָט נאָך איהר מיינונג, איהם שטארק

געפאסט. ווארים צו וואס דארף ער זיין שעהן, זוכט ער דען ווענען צו געפעלען? טראכט ער דען, אזוי ווי אנדערע בחורים, וועגען מיידלאך, א שטיף צו טאן מיט זיי אמאל? דאס פאסט זיך צו איהם עפעס גאר ניט, ער איז ניט פאר אזעלכע זאכען באשאפען.

זי אליין האט גראד שטארק חשק געהאט צו פארברייגגען צו־זאמען מיט איהרע חבר'טעס און די בחורים פון געסעל. אלע פאר־נאכט פלעגען זיי זיך אוועקלאזען אין וואלד און שטיפען אויף וואס די וועלט שטעהט. די בחורים, געזונטע, שטארקע האבען זיי פאר־פאלגט אויף יעדען שריט, און אפגעטאן פארשידענע שטוקעס. זי האט זיך געפיהלט פרעהלאך און לוסטיג; איהר הויכער, קלינ־גענדער געלעכטער האט זיך געריסען פריי און לייכט פון הארצען ארויס. זי האט געוואוסט, אז ניט אומזיסט יאגט זיך נאך איהר אלע ווײלע אן אנדער בחור, וואס מאטערט זיך איהר ארייגצוכאפען אין זיינע געזונטע ארעמס און צודריקען זי צום הארצען. זי פאר־שטעהט, וואס דאס מיינט. איז זי דאך א פראסטע מיידעל, וואס ווייס ניט און פארשטעהט קיין זאך ניט, אויסער דעם טעפעל און דאס זינגען און טאנצען. אבער דער קווארטיראנט, אה, ער איז גאר אן אנדערער — ער איז א בעסערער און א קלוגערער פון זיי אלעמען.

ביסלעכווייז האט זי זיך איינגעוואוינט צו קוקען אויף דעם קליינעם צימערעל ווי אויף א הייליגען ווינקעלע, וואס איז ארומ־געוויקעלט מיט סודות. יעדעס מאל, ווען זי איז פארבייגעגאנגען די טהיר פון חדר'ל, איז ביי איהר געווען דאס פנים ערנסט, און זי האט זיך געסטארעט ניט צו מאכען קיין טומעל. חלילה ניט שטערען איהם אין זיין לערנען. און אז די איגגערע קינדער האבען זיך צושטיפט, פלעגט זי זיך אויף זיי אנבייזערען:

— זייט שטילער — און מיט א פינגער אנווייזען אויף דער פארמאכטער טהיר פון קווארטיראנט'ס חדר'ל.

---

איינמאל, א שבת פארנאכט, נאכדעם ווי די חברה יונגוואר, מיידלאך און בחורים, וואס האבען דא געשפילט אין „פאנדען" זיי־נען זיך צוגאנגען, איז שרה'קע געזעסען ביים פענסטער און ארויס־

געקוקט אין גאס אריין. אויף די טראָטוארען פון ביידע זייטען האָבען שפּאַצירט מאַסען מענשען היִן און צוריק. שרה'קע'ס בלאָנ־דער קעפּעל איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף די הענד און איהרע גראָהע עטוואָס ארויסגעסטאַרטשעטע אויגען זיינען געווען פאַרטראַכט; זי האָט זיך געפיהלט מיעד און אביסעל אויפגערעגט: אין דער צייט, וואָס מען האָט געשטיפט און זיך געיאָגט איבער'ן שטוב, האָט לייבע גאַרבער פּלוצים זי אָנגעכאַפּט און שטאַרק צוגע־דריקט צו זיך. עס איז געווען אַזוי גוט אין דער ווייל; עס האָט זיך איהר צוגאָסען איבער'ן לייב אַ זיסקייט, און כאָטש זי האָט זיך געצאַפּעלט, זיך געריסען פון זיינע הענט און געשטוי־סען איהם, האָט זיך איהר שטאַרק געוואָלט, ער זאָל זי ניט אָפּ־לאָזען, עפּעס איז ער אַזאַ שטאַרקער ברענענדיגער יונג; ער האָט אַזעלכע גרויסע גראָבע לאַפּעס און דאָס פּנים שפּריצט מיט בלוט, אָטעמט מיט יוגענד־קראַפט. און אַז ער עסט זיך איין מיט זיינע שווארצע, לאַכעדיגע אויגען, דוכט זיך אוים, ווי ער וואָלט מ'ט צוויי שפּיזען געשטאָכען איהר לייב. איינמאָל האָט ער זי אַזאַ שלעפּ געטאָן צו זיך און האָט אַזאַ הייסען אָטעם געטאָן גלייך אין איהר פּנים אריין, איז עס האָט איהר גענומען שווינדלען פאַר די אויגען, און זי האָט זיך דערפיהלט שוואַך ווי אַ קינד... זי האָט אַ ציטער געטאָן. נאָכדעם האָט ער טאַקע עפּעס אַנדערש און מאָדנע געקוקט אויף איהר. ער איז געווען פאַרטראַכט. אין זיינע גרויסע שווארצע אויגען האָט זיך אומעט געשפּיגעלט, און איהר איז פרעהלאַך געוואָרען; אַ מאָדנע לוסט איז אויף איהר אָנגעפאַלען; עס האָט זיך איהר פאַרוואָלט שפּרינגען, טאַנצען, אַנטלויפען ווייט, ווייט...

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן: די טהיר פון קוואַר־טיראַנט'ס חדר'ל האָט זיך געעפענט. אַ ציטער איז איהר איבער'ן לייב דורכגעלאָפען. זי האָט געפיהלט ווי אַ שטאַרקע קעלט וואָלט אויף איהר אַ פאַך געטאָן.

— א'הר זיינט גאַר דאָ אין שטוב? אבי איך האָב געמיינט אַז איהר זיינט אוועקגעגאַנגען — האָט דער קוואַרטיראַנט געזאָגט.

זיין הייזעריגע שטימע האָט געקלונגען פּוסט און פויל. שרה'קע האָט זיך אומגעדרעהט און אַ קוק געטאָן אויף איהם.

איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט איהם נאָך קיינמאָל אַזוי מיאוס און צוקראָכען ניט געזעהן: די לאַנגע האָר זיינען געווען צוּוואָרפען און צופּאַטעלט; דאָס פּנים האָט אין דער טונקעל־הייט אויסגעזעהן ווי אַ טויטע מאַסקע.

ער האָט אריבערגעשפּאַנט די גאַנצע לענג פון שטוב און זיך געשטעלט אַ פּאָר טריט אָפּגערוקט פון איהר. עס איז איהר גע־וואָרען אונערטרעגליך שווער.

— שרה'לע פאר וואָס רעדט איהר צו מיר קיינמאָל ניט? זיינט איהר דען בייז אויף מיר? — האָט ער געפרעגט, און זיין קול האָט מאָדנע געציטערט.

— איך? בייז? וואָס פאַלט אייך עפּעס איין?

— אָט זעה איך דאָך, אַז מיט אַנדערע זיינט איהר פרעהלאך, איהר לאַכט, שטיפט און רעדט; נאָר מיט מיר ווילט איהר קיינמאָל ניטריידען.

ער האָט געמאַכט נאָך אַ פּאָר שריט נעהענטער צו איהר. זי האָט כמעט געפיהלט ווי זיין קערפּער ריהרט זיך אָן איהרען, ס'האָט זיך איהר געוואָלט אויפהויבען און ארויסלויפען פון הויז, אָבער זי האָט זיך באַהערשט. עס האָט זיך איהר איצט אויסגע־וויזען אַזוי קליין, שוואַך און נעבעכדיג, ווי אַ קליין פאַריאָגט חיה'לע.

פּלוצלונג האָט זי דערפיהלט זיין האַנד אויף איהר אַקסעל. זי האָט אַ ציטער געטאָן: געדאַכט האָט זיך איהר ווי אַ זשאַבע וואָלט זיך צו איהר צוגעריהרט. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט זי די האַנד אָפּגעשטויסען.

— שרה'לע, זייט ניט קיין שלעכטע, איך האָב דאָך אייך אַזוי ליעב.

די ווערטער האָט ער ארויסגערעדט אַזוי שטיל און ציטער־ריג.

— לאָזט מיך צורוה, איך בעט אייך — האָט זי בייז און קאַלט געזאָגט.

ער האָט זיך אָבער ניט געריהרט פון אָרט. ער איז גע־שטאַנען אַזוי נאָהענט צו איהר, אַז זי האָט געפיהלט דאָס טרייסלען פון זיין קערפּער, און דאָס האָט אויף איהר אַ שרעק אָנגעיאָגט.

„אנטלויף שנעל!" איז איהר דורכגעלאָפען א געדאנק. זי איז אָבער געבליבען זיצען מיט א פארפראָרען הארץ.

פלוצלונג האָט ער זיך אויף איהר ארויפגעוואָרפען, צוגע־דריקט זי מיט די דארע לאנגע הענט, אזוי ווי מיט צוואנגען, צו זיין ברוסט, און זי גענומען באשיטען מיט קושען...

ס'האָט זיך איהר געדאכט אזוי ווי א בייזע חיה וואָלט ערגעץ פון א ווינקעל ארויסגעשפרונגען און זיך אויף איהר געוואָרפען, און אָט וועט ער זי צודריקען אויף טויט, צורייסען אויף שטיקער...

און ער האָט זיך געקנייטשט, געצאפּעלט און שווער געסאָ־פּעט. ער האָט זיך מיט די ציינער איינגעגעסען אין איהר יונגען ווארימען קערפּער.

א רגע האָט זי זיך פארלאָרען. געבליבען אָנמעכטיג, פאר־חלש'ט: אָבער באלד איז זי צו זיך געקומען און מיט אלע קרעפ־טען האָט זי איהם פון זיך א שטויס געטאָן, אז ער איז ווי א שפּענ־דעל אָפּגעשפּרונגען. מיט פלאַמענדע אויגען האָבען זיי זיך א ווײלע אָנגעקוקט, שווער אָטהעמענדיג. צום סוף האָט זי אויס־געשריען מיט א קול פול טרערען:

— שעהמט זיך, איהר מיאוס'ער מענש! איהר אויך! א לעהרער, א געבילדעטער, מאכט זיך פאר א גאנצען צדיק, פע, מיאוס!

און פארשטעלענדיג זיך דאָס פנים מיט די הענט, האָט זי גענומען יאָמערען; איהר האָט זיך אין דעם מאָמענט געדאכט, ווי א בייזע קראפט האָט איהר ריין־מיידעלשען לעבען באפלעקט און א שעהנעם גליקליכען חלום צוריסען...

# א פּאָר אויגען.

דאָס דאָזיגע מעשה'לע האָט מיר דערצעהלט אַ פריינד, אַ אידישער שרייבער:

דאָס איז געווען נאָך לאַנגער מאַטערניש, אַז איך האָב גע־קראָגען דעם פאַרשפּרעכען פון אַ רעדאַקטאָר, דאָס ער וועט מיר דרוקען עפּעס, אויב עס וועט זיין גוט; אָבער ער האָט מיך גע־וואָרענט, אַז דאָס מוז זיין אַן אָריגינעלע זאַך, און אַז דאָס מוז זיין אַזוינס... אויב ניט זאָל איך זיך בעסער ניט מטריח זיין. נאָר דאָס איז געווען אַ קליינינקייט. איך האָב געהאַט אַ טעמע פאַר אַן ערצעהלונג. אַלץ איז געווען ארומגעטראַכט דייטליך און קלאָר. איך האָב נאָר געדאַרפט זיך אוועקזעצען און אָנשרייבען; אַז איך וועל אויסנעהמען, אין דעם האָב איך ניט געצווייפעלט. איך בין כמעט זיכער געווען, אַז עס וועט ארויסרופען אַ רעש...

געווען איז דאָס אין מיטען זומער, און צו מיין שלים'מזל איז דאַן געווען שרעקליך הייס, אַזוי אַז דער אַספאַלט אויף די גאַ־סען איז געווען ווייך ווי קאַשע, מען האָט געאָטעמט פייער. עס איז געווען אומערטרעגליך שטיקענד.

דער איינציגער ווינקעל וואו איך האָב געקענט שרייבען איז געווען די שטאָדטישע ביבליאָטעק, דאָרט וואו איך האָב מיין גאַנצע ציים זיך געמאַטערט, דאָרט וואו איך האָב מיר געהאַט מיין טיש, מיינע באַקאַנטע פּנים'ער, אויף וועלכע איך בין געוואוינט געווען צו קוקען יעדען טאָג, אין דער צייט פון לאַנגע חדשים.

פינף אַזייגער פאַרנאַכט האָב איך געדאַרפט ברענגען די ערצעהלונג און הערען דעם אורטייל פון מיין שטרענגען רעדאַק־טאָר, אָבער ווען דער זייגער האָט געצייגט צוועלף, האָב איך נאָך ניט געהאַט אָנגעשריבען קיין איינציגע שורה.

אויפ'ן גאַס האָט די זון געברענט און אין דעם האַלב־טונ־קעלען זאַל איז געווען אַזש דעם אָטעם ניט אָפּצוכאַפּען.

מיך האָט ניט אויפגעהערט צו פּייניגען דער ריח פון שוויים, פון צופאַרעט מענשליך פלייש, וואָס האָט ארויגערופען אין מיר אַן עקעל און האָט מיין מוח געמאַכט שווינדלען און רוישען.

איך האָב אָבער געוואוסט, אַז די היץ און מיין קראַנקהאַפטער צושטאַנד קען ניט זיין קיין שטער אין מיין ארבייט. די ער־צעהלונג מוז פאַרטיג ווערען אום יעדען פּרייז, ווארום איך האָב שוין מעהר ניט געקענט אריבערטראַגען די נויט, די מאַטערניש און דעם אומאויפהערליכען הונגער, וואָס האָט מיך געפּייניגט אַזוי אָפט אין דעם לעצטען האַלבען יאָהר.

צום אומגליק זיינען מיינע באַקאַנטע פּנים'ער דאָס מאָל ניט געווען, איך בין געזעסען אליין ביים לאַנגען טיש, דאָס האָט מיר געשטערט, וואָרים כאָטש איך האָב קיינמאָל צו די דאָזיגע מענ־שען קיין וואָרט ניט גערעדט, קיין מאָל איינע די אַנדערע ניט באַגריסט, זיינען זיי דאָך געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט אין דעם ענטוויקלונגס־פּראָצעס פון מיינע געדאַנקען. דער אַלטיטשקער, למשל, מיט דער שפּיציגער מאָרדע און מיט די טרעהרענדע אויגען, אָדער די יונגע פרוי מיט די העלע האָר און מיט דעם אַלבאַסטער ווייסען פּנים, זיינען געווען די, וואָס האָבען אין מיר געוועקט דעם חשק צו ארבייטען אין שאַפען, פונקט אַזוי ווי דער דיקער נפש וואָס קומט אַלע טאָג אין איין און דערזעלבער שטונדע, וואָס דרעמעלט איין און מאַכט אונז אַלעמען גלייך לאַכען, רופט ארויס אין מיר אַ גוטמוטיגען הומאָר, וואָס שפּיגעלט זיך אָפּ אין מיין ארבייט און איצט, אַז זיי זיינען ניט געקומען, איז מיר געווען אוּ־מעטיג. איך האָב זיך דערפיהלט פאַרלאָזען און אראָפּגעשלאָגען פון טאָלק.

איבער מיין פּנים האָבען געראָנען טראָפּענס, די הענט זיינען געווען פייכט, די לייב האָט זיך געבאָדען אין דעם עקעלהאַפטען שוויים, אָבער איך האָב געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג, און דאָ מיט כעס, מיט רציחה, דאָ מיט געבעט, געדריקט די פעדער אויף דעם ווייסען פּאַפּיר, נאָר מיין ארבייט איז געווען ארויסגעוואָרפען, דער ריח פון מיין צוהיצטען קערפּער האָט מיך געפּייניגט און פאַר־טריבען יעדען געדאַנק פון מיינע געהירען.

— ניין, איך וועל היינט די ערצעהלונג ניט אָנשרייבען, האָב

איך געזאָגט און אראָפּגעלאָזט זיך אין דעם באַקוועמען שטול. אָבער דער געדאַנק צו בלייבען מיט אַ ליידיגען מאָגען, ווייטער זיך ארומצושלעפּען פּוסט און פּאַס איבער'ן שטאָדט, האָט מיר געמאַכט ברענען די הויט. האָב איך געשריבען, געשריבען און געריסען די ווייסע בלעטלאַך, ביז עס האָט זיך אָנגעזאַמעלט פאַר מיר אַ היבשער באַרג אומנוציג־פּאַרלאָרענע ארבייט, און מיט אַן אָפּגעשטאָרבען האַרץ האָב איך געהערט ווי אַ שטימע אין מיר זאָגט:

— מאַך זיך ניט נאַריש. ווער האָט דיר איינגערעדט, אַז דו קאָנסט שרייבען, לאָז דאָס פאַר אַנדערע, פאַר די וואָס האָבען טאַ־לאַנט, פעהיגקייט, געה טראַכט בעסער וועגען אַ תכלית.

אַלס רעזולטאַט פון מיין אָנשטרענגונג בין איך געוואָרען שרעקליך מיד, אין קאָפּ האָט עס געזשומט ווי אין אַ מיהל, פאַר די אויגען האָבען זיך געדרעהט פייעריגע רעדער. איך בין זיכער געווען, אַז איך ווער קראַנק, אַז די שווינדעלדיגע היץ האָט מיך צובראָכען, און דער געדאַנק וועגען שרייבען, דענקען, שאַפען, איז פאַרשוואונדען געוואָרען ווי אַ רויך.

* * *

איך האָב זיך ארומגעקוקט, דער זייגער האָט געצייגט צוויי, און איך האָב געהאַט אין זינען אויפצוהויבען זיך און אוועקגעהן ערגעץ אין אַ פּאַרק און זיך וואַרפען אויפ'ן גרינעם גראָז. איך האָב דאָך געמוזט האָבען אַ ביסעל פרישע לופט, עס האָט דאָך קיין זין ניט געהאַט ווייטער זיך צו פּלאָגען אומזיסט. נאָר עפּעס האָט מיך פאַרהאַלטען. מיין בליק איז געפאַלען אויף אַ פּרויען־פיגור, וואָס איז געזעסען געגענאיבער ביי דעם צוויי־טען טיש. זי איז געווען פאַרטיפט אין אַ בוך אַזוי, אַז מעהר ווי איהרע שוואַרצע גלאַנציגע האָר האָב איך ניט געזעהן, אָבער באַמערקט האָב איך, אַז דאָס איז אַ גאַנץ יונגע מיידעל. איהרע פינגער, וואָס זיינען געלעגען עטוואָס צושפּרייט אויף די ווייסע בלעטער, זיינען געווען דין, צאַרט, ווי די פינגער ביי אַ קליין קינד, עס איז אַנגענעם געווען אויף איהר צו קוקען. איך האָב דערפיהלט ווי אַ שמייכעל לעגט זיך אויס אויף מיינע ליפּען געגען מיין אייגענעם ווילען. אָבער קאָנטיג, אַז זי האָט דער־

שפירט אויף זיך מיין בליק און זי האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען.

איך האָב זיך אַ צאַפּעל געטאָן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם האַלב־דונקעלען זאַל איז ליכטיגער געוואָרען. דאָס זיינען געווען וואונדערליכע אויגען, אַזעלכע גרויסע, רוהיגע, שוואַרצע און טיפע. איך האָב אָבער מיין בליק געמוזט אָפּווענדען פון איהרען, ווייל איך האָב דערזעהן, אַז אין די ווינקלען פון איהר מויל האָט זיך באַוויזען אַ ברוגז'ע מינע.

כלומרשט אַזוי זיך האָב איך גענומען פיהרען מיט'ן פעדער איבער'ן פּאַפּיער, אַז זי זאָל מיינען, דאָס איך טו עפּעס. אָבער עס איז ניט אריבער אַ רגע, און איך האָב ווידער אַ קוק געטאָן אויף איהר און ווידער אַמאָל האָבען זיך אונזערע בליקען באַגעגענט און איך האָב זיך פון דאָס ניי גענומען צום שרייבען.

זי האָט פון מיר די אויגען ניט אַראָפּגענומען. איך האָב באַמערקט אין איהר בליק נייגעריגקייט. זי האָט הפּנים פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איינער פון די וואָס פאַרפאַסען ביכער, און מסתמא האָט זיך אַזאַ אויסגעמאָלט אין איהר מיידעלשער פאַנטאַזיע אלס וואונדערליכע באַשעפעניש, און דאָס גראדע איז מיר געפעלען. איך האָב דאָך אַזוי באַדאַרפט שטיצע, הערען פון וועמען עס איז אַ טרייסט־וואָרט, ערמוטיגונג, און אָט דאָס פרעמדע, אומבאַקאַנטע קינד, האָט מיר דאָס אין דערווייל געגעבען. זי האָט זיך געשעהמט צו קוקען אויף מיר אָפען און גלייך, און דאָך בין איך זיכער געווען, אַז איהרע אויגען פאַרפאָלגען מיין יעדע באַוועגונג און איך האָב פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז זי זאָל האָבען וועגען מיר אַ שלעכטע מיינונג. עטוואָס שטיפערישעס, לוסטיגעס האָט מיך באַהערשט און די פעדער מיינע איז שנעל עפּעס אַזוי ווי געגען מיין איינענעם ווילען געלאָפען, געשפּרונגען איבער דעם ווייסען פּאַפּיר און אין מיין מארך האָט זיך אויסגעלייטערט. איך האָב דערזעהן מיין „טעמא", די העלדען פון מיין ערצעהלונג זיינען אַזוי ווי פון אונטער אַ געדיכטען נעבעל ארויסגעשוואומען. און פּלוצים האָט מיך אַ פרייד באַפאַלען. איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב געזיעגט, אַז איך שרייב מיין ערצעהלונג.

כדי צו שעפען מוטה, האָב איך אַלע ווײלע אָנגעשטעלט מיין

בליק אויף איהר. איך האָב איצט קיין מורא ניט געהאַט. אַ גוטער שמייכעל האָט איצט געשוועבט אויף איהרע ליפּען, און פון די גרויסע פּראַכטפאָלע אויגען האָבען זיך שטראַהלען געצויגען, וואָס זיינען אריינגעדרונגען אין מיין נשמה, מיך ערמוטיגט און געמאַכט פיעבערהאַפט ארבייטען.

— איך וועל איהר מיין דאַנק געבען, מיין איניגסטען דאַנק, פאַר איהר ריינער אומשולדיגער פריינדשאַפט, — האָב איך צו זיך געזאָגט, און בין אינגאַנצען פארשוואונדען אין מיין שאַפונג.

* * *

אז די לעצטע שורה איז געווען אָנגעשריבען, האָב איך אויפגעהויבען מיינע אויגען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו איהר. אָבער איך האָב שיער ניט אויסגעשריען פאַר שרעק און צער. אויף איהר אָרט איז געזעסען מיין אַלטימשקער מיט דער שפּיציגער מאָרדע. זי איז פארשוואונדען ווי אַ חלום, — האָט מיין פריינד דער שרייבער פאַרענדיגט.

— נו, און די ערצעהלונג איז אָנגענומען געוואָרען ? — האָב איך געפרעגט.

— אָנגענומען, כאָטש מיין רעדאַקטאָר האָט געקרימט מיט'ן נאָז, אַז ניט דאָס האָט ער געמיינט. נאָר וואָס מיך פארדריסט ביז איצט איז, וואָס איך האָב דאָס מיידעל מעהר קיינמאָל ניט באַגעגענט, און אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז די גאַנצע זאַך איז נאָר געווען אַ טרוים פון מיין קראַנקער פאַנטאַזיע אין יענעם שרעקליך הייסען טאָג — האָט מיין פריינד, דער אידישער שרייבער, געענטפערט מיט אַן אומעדיגען שמייכעל.

# אַ פרעמדער.

איזי געדענקט אזוי ווי דורך אַ חלום, אַז אמאָל האָט זיך אין הויז ארומגעדרעהט אַ הויכער מענש, וואָס מען האָט איהם גערופען „פּאפּא". און יענער פלעגט איהם נעהמען אויף די הענט, צולעגען די ליפּען צום באַק און איהם מיט די וואָנצעס קיצלען, אָדער אמאָל פלעגט ער איהם אויפהויבען אין דער הויך, אַזוי הויך, אַז עס האָט געשווינדעלט פאַר די אויגען. זיי פלעגעןביידע לאַכען אויפ'ן קול. עס איז געווען גוט און פרעהליך. די מאַמע איז דאַן אויך געווען פרעהליך, אָבער פּלוצלינג האָט זיך אַלעס אָפּגעהאַקט.

איין נאַכט איז די מאַמע אַ היים געקומען און האָט זיך אויפ'ן בעט געוואָרפען. זי האָט שטאַרק געוויינט, די האָר פון קאָפּ זיך געריסען. עס זיינען אָנגעקומען אָנקעלס און טאַנטעס. מען האָט צו איהר גערעדט. גע'טענה'ט. אָבער עס האָט ניט גע־האָלפען. זי האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען. טאַנטע עני האָט איהם אויף די הענט גענומען און צו זיך אַהיים אוועק־געטראָגען, זי האָט איהם געגעבען קאָנפעקטען, האָט איהם גע־קושט, געדריקט צום האַרצען און האָט אויך געוויינט. שפּעטער, אַז זי האָט איהם אויסגעטאָן צום שלאָפען, איז זי צוגעפאַלען צו זיין לייב, זיך צויאָמערט און זי האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען:

— אָרימענקער, לעבעדיגער יתום!

וויפיל ער האָט זיך געמאַטערט צו פאַרשטעהן וואָס דאָס איז אַזוינס „לעבעדיגער יתום" האָט ער אַלץ ניט געקאָנט. ער האָט געפּיהלט אַזוי ווי פריהער, דער זעלבער קאָפּ, די נאָז, און די אויגען, קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט אין איהם. טאָ פאַר וואָס איז ער איצט אַ לעבעדיגער יתום? ער וואָלט עס געפרעגט ביי דער טאַנטע, האָט ער אָבער פאַר איהר מורא גע־האַט. זי איז געווען אַזאַ מאָדנע, האָט פאַרקרימט דאָס פּנים, אי־בער די באַקען איהרע זיינען געלאָפען טרערען. די שפּיציגע נאָז

איז רויט געוואָרען, און פאַר שרעק האָט ער אָנגעהויבען שרייען „מאַמאַ !"

און ער בענקט נאָך דעם הויכען מענשען מיט די שווארצע האָר. ער וויים, ווען יענער קומט, וואָלט אין שטוב צוריק פרעהליך געוואָרען. פאַרוואָס ער קומט ניט, וויים ער ניט. אַמאָל האָט ער ביי דער מאַמען געפרעגט, האָט זי גענומען שרייען און איהר פּנים איז פאַרקרימט געוואָרען פון כעס:

— שווייג, שווייג! רעד ניט וועגען איהם...

פון דעמאָלט אָן האָט ער מורא ביי איהר צו פרעגען. ער באַגרייפט, אַז זי איז אין כעס אויפ'ן פּאַפּאַ, כאָטש ער פאַרשטעהט ניט, ווי אַזוי מען קאָן זיין בייז אויף איהם. ער איז דאָך אַזאַ גוטער און אַ פרעהליכער. ער איז בעסער פון אַלע אָנקעלס און טאַנטעס, וואָס קומען צו זיי אין הויז. זיי ברענגען אויך קאָנפעקטען און שפּילצייג, גלעטען זיין קאָפּ און קושען איהם אין שטערען. אָבער דערפון ווערט ניט איהם און ניט דער מאַמען פרעהליכער. פאַרקערט, זי ווײנט נאָך מעהר, און איהם ווילט זיך ניט זיי זאָלען קומען. עס פאַרדריסט איהם אויך, וואָס זיי רעדען וועגען פּאַפּאַ מיט כעס, זידלען און שילטען איהם. אפילו טאַנטע עני, וואָס איז אַזאַ גוטע און וואָס האָט איהם דעם פויק געקויפט, אפילו זי שילט אויך:

— זאָל ער דאָרט פאַרברענט ווערען; פאָלג מיך, לילי, שלאָג זיך איהם ארויס פון זינען.

איין מאָל איז ער פון גאַס מיט אַ געוויין אין שטוב געקומען. די מאַמע האָט זיך דערשראָקען און איהם געפרעגט:

— ווער האָט דיך געשלאָגען, מיין זוהנעלע?

— מאַקסי זאָגט, אַז מיין פּאַפּאַ איז אַ „בעד באַי", אַז ער איז אנטלאָפען מיט אַן אנדער מאַמאַ, און אַז מען וועט איהם ארעסטירען, — האָט ער דערצעהלט, כליפּענדיג.

— שפּיל זיך ניט מיט איהם, הער זיך ניט צו, וואָס זיי רעדען דאָרט.

— מאַמאַ, מ'וועט איהם ארעסטירען? — האָט ער ערנסט געפרעגט.

— שוויג, שוויג, רעד ניט אזעלכע זאכען, — האָט זי גע־זאָגט ווייך און איהם געגלעט איבער די האָר.

איזי האָט דערזעהן א געלעגענהייט צו פרעגען. די מאמע איז איצט ניט אזוי אומעטיג און בייז; איצט קאָן ער זיך אלעס דערוויסען.

— מאמא, וואו איז דער פאפא?

— ער איז אוועקגעפאָהרען, מיין קינד.

— ווייט?

— זעהר ווייט.

— ווען וועט ער צוריק קומען?

זי האָט א ציטער געטאָן, געשוויגען א ווײלע און געענט־פערט:

— ער וועט שוין קיינמאָל ניט צוריק קומען.

— פארוואָס? ער איז בייז אויף דיר?

— ניין, ניט בייז, אָבער... אָבער... ער האָט ניט האָלד די מאַמע׳ן און איזי׳ן, ער וויל זיי ניט זעהן.

— פארוואָס, מאמע?

— אך, לאָז מיך צורוה. פון וואנען זאָל איך וויסען פאר־וואָס? שווייג בעסער.

א ווײלע האָט ער געשוויגען. ער האָט געטראכט וועגען דעם, וואָס די מאמע האָט איהם איצט געזאָגט: „אוועקגעפאָהרען, וויל איהם ניט זעהן”. עפעס גלייבט זיך איהם ניט, דאכט זיך, אז די מאמע זאָגט ליגען. ער געדענקט גאַנץ גוט, ווי ער האָט איהם געקושט, געהויבען אין דער הויך, געלאכט אויפ׳ן קול. טאָ פארוואָס זאָגט זי, אז ער האָט איהם ניט האָלד?

— מאמע! האָט ער פלוצלינג א זאָג געטאָן.

— וואָס, מיין זוהנעלע?

— קום, לאָמיר פאָהרען צום פאפא.

— שוויג, שוויג! מעהר זאָל איך אזעלכעס ניט הערען פון דיר! — האָט זי זיך צושריען און דאָס פנים האָט זיך איהר אויסגעקרימט פאר כעס.

---

**איינמאָל איז אן אָנקעל צו זיי געקומען, אן אלטער אָנקעל,**

מיט א ווייסער באָרד און מיט אַ שטעקען. ער האָט מאָדנע גע־לאַכט, זיך געריבען די הענד און געהאַלטען אין איין רעדען:

— אָבער, לילי, עס מוז דאָך נעהמען אַמאָל א סוף צו דעם! וויפיל איז דער שיעור? שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ דעם רוצח. דאָס איז פאַר דיר א גליק. איך מיין דיין טובה. ווייסט גאָר ניט, ווי האָלד ער האָט דיך. ער איז צו מיינע פיס געפאַלען, איך זאָל געהן צו דיר רעדען.

— אָבער איך קאָן דאָס ניט; איך וויל ניט געבען מיין קינד קיין שטיף־פאָטער.

— וואָס רעדסטו! ער וועט זיין גוט צו איהם; ער איז דאָך אַזאַ וואוילער. דארפסט זיך באטראַכטען: וואו הין קאָנסטו געהן מיט א קינד אויף די הענד?

די מאמע האָט לאנג געוויינט. איזי האָט געקוקט מיט כעס אויפ'ן פרעמדען אָנקעל, וואָס טשעפּעט דער מאמען. איהם האָט זיך געוואָלט צוגעהן און אריינלאָזען די צייהנער אין יענעמ'ס האנד. אָבער ער האָט מורא געהאט פאַר דער מאמען. איז ער געשטאַנען אין א ווינקעל מיט אָנגעבלאָזענע ליפּען און זיך קאַ־לופּעט די נאָז.

— איצט ביזטו יונג און שעהן, — האָט דער אָנקעל גע־רעדט, — מאָרסט ניט דורכלאָזען דאָס גליק. עס קאָן ווער'ען צו שפּעט. כאַפּ אריין, כל זמן עס איז נאָך צייט.

איזי האָט שוין מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען. מיט אַן אויפגעהויבענער האַנד איז ער צוגעגאנגען צום פרעמדען און גע־זאָגט:

— געה אוועק פון דאַנען, איך האָב דיך פיינט!

— קום צו מיר, דו קליינער חברה־מאַן, — האָט דער אָנקעל לאַכענדיג אויסגעשריען, און איהם געזעצט צו זיך אויפ'ן קניע רייטענדיג, — פאַרוואָס האָסטו מיך פיינט? זאָג, איך געה דאָך דיר געבען א נייעם פאַפּע, א גוטען, ער וועט דיר געבען א סך צאַצקעס.

— איך וויל ניט קיין פאפּא, — האָט ער עקשנות'דיג געזאָגט.

דאָס איז אפילו ניט געווען אמת. איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט האָבען אַ פּאַפּאַ. זאָל זיין א נייער, דאַן וואָלט ער זיך

ניט געדארפט היטען פאר די חברים. ער וואָלט צו זיי מיט שטאָלץ געזאָגט:

— אָט זעהט, אָט האָב איך אויך א פאפא!

ער איז אָבער איצט געווען בייז, פארוואָס דער פרעמדער האָט דער מאַמע'ן געמאכט צו וויינען.

---

און איינמאָל אין א פארנאכט איז אן אָנקעל געקומען, א דיקער און א שעהנער. ער האָט זיך געזעצט נעבען דער מאַמען, גענומען איהרע הענד, געקוקט איהר אין די אויגען אריין און גע־רעדט מיט היץ:

— לילי, האָב פאר מיר ניט קיין מורא! איך וועל דיך גליק־ליך מאכען. די גאנצע צייט, וואָס דו האָסט מיט איהם געלעבט, האָב איך דיך אויף א מינוט פון זינען ניט ארויסגעלאָזט. דו האָסט דאָס אלעס געקאָנט מערקען.

— יע, איך וויים, אז דו האָסט מיך ליב. אין דעם האָב איך קיין מינוט ניט געצווייפעלט. ווען ניט דו, וואָלט איך אפשר גע־שטאָרבען פאר צרות צוזעהענדיג זיינע גענג. דו ביזט דער איינ־ציגער, וואָס האָט מיך ניט פארלאָזען. אָבער ווי קאָן איך עס טאָן אנטקעגען מיין קינד? ער האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו בענקען נאָכ'ן פאָטער. ער פרעגט זיך אלץ נאָך... מיר וועט זיין שווער צו קוקען אין זיינע אויגען.

— גלויב מיר, לילי, איך וועל צו איהם זיין ווי אן אמת'ער פאָטער, איך וועל זיך מיהען, אז איהם זאָל גאָרנישט פעהלען.

די מאַמע האָט אָנגעשפארט איהר קאָפּ אויפ'ן אָנקעל'ס ברוסט. ער האָט זי געקושט אויף די האָר, אויף די ליפען. די מאַ־מע האָט ניט געוויינט. זי איז אזוי געלעגען מיט פארמאכטע אויגען, דאָס פנים איז איהר געווען מאָדנע רויט.

— אָבער שווערסטו מיר צו צו זיין גוט צום קינד אזוי, אז עס זאָל ניט מערקען וואָס איהם פעהלט? שווערסטו מיר דאָס, הערי?

— איך שווער, לילי! — האָט ער היים געזאָגט.

איזי האָט געקוקט מיט ברייט געעפענטע אויגען. ער האָט ניט געקאָנט פארשטעהן, וואָס דאָס איז אזוינס. יענער איז גע־

ווען א מאָדנער. ער געדענקט, אז ביי יענעם זיינען געווען שוואַר־צע האָר און וואָנצעס, ביי דעם איז דאָס פּנים גלאַט און פעט. ווי קומט ער אהער? פארוואָס קושט ער עפּעס זיין מאמען?

אז די מאמע איז אויף א קליין ווײַלע ארויס, איז דער אַנ־קעל צו איהם צוגעגאנגען, א קניפּ געטאָן אין בעקעל און געזאָגט:

— אז דו וועסט זיין א וואויל אינגעלע, וועל איך דיך האָלד האָבען און ברענגען גוטע זאכען, א סך גוטע זאכען.

ניין, ער האָט זיך ניט גוט געפיהלט אויף דעם אַנקעל׳ס הענד. ער האָט אפילו א ביסעל מורא געהאט און זיך געריסען פון איהם. איצט ערשט האָט ער זיך גוט דערמאָנט, ווי יענער האָט אויס־געזעהן, און אליין ניט ויסענדיג פארוואָס, האָט זיך איהם פאר־וואָלט ווײַנען.

---

נאָכדעם איז אין שטוב פרעהליך געוואָרען. די מאמע האָט שוין מעהר ניט געקוקט אין פענסטער, האָט ניט געזונגען קיין אומעטיגע לידער און ניט געוויינט. שטענדיג איז דער הויכער אַנקעל געווען ביי זיי אין הויז. ביידע, ער און די מאמע, האָבען נאָכאנאנד גערעדט, געלאכט און זיך געקושט. אויף איהם האָבען זיי זיך ניט אימגעקוקט. עס איז איהם געווען אומעדיג. גראָד האָט זיך דער פּויק, וואָס די טאַנטע עני האָט איהם געקויפט, צוריסען. איז זיין איינציגער חבר פארבליבען דאָס פערדעל מיט׳ן אָפּגעריסענעם עק. פאר איהם האָט ער זיך אָפּט אויסגערעדט דאָס הארץ און געפיהרט מיט איהם לאנגע שמועסען.

איין מאָל האָט איהם די מאמע צוגערופען און געזאָגט, ווײַ־זענדיג מיט׳ן פינגער אויפ׳ן אַנקעל:

— פון היינט אָן זאָלסטו דעם אַנקעל רופען „פּאפּא“, הערסט?

— און וואו איז מיין אייגענער פּאפּא?

די מאמע איז געוואָרען אין כעס, דאָס פּנים האָט זיך איהר אָנגעצונדען, זי האָט געשריען:

— שווייג, שווייג, פאָלג וואָס מען זאָגט דיר.

ער האָט זיך אָנגעבלאָזען, אריינגעשטעקט א פינגער אין נאָז

און זיך אפגעקערט: ניין, ער וועט איהם ניט רופען „פאפא" — האט ער פעסט ביי זיך באשלאסען.

— דאס איז אינגאנצען ער — האט דער אנקעל געזאגט, און אראפגעלאזט אומעטיג דעם קאפ.

— ער וועט זיך צוגעוואוינען, — האט די מאמע געענטפערט מיט אזא מאן ווי זי וואלט אין עפעס שולדיג געווען.

אזוי ווי פארשטעהן וואס דא קומט פאר האט איזי ניט געקאנט, האט ער זיך צוריק גענומען צום פערדעל מיט'ן אפגעריסענעם עק און לאנג מיט איהם גע'טענה'ט.

# איהר צווייטע יוגענד.

קוקענדיג אויף מיסעס רובין פלעגט מיר פארדריקען דאָס הארץ פאר רחמנות. אין גאנצען איז זי אַלט געווען א יאָהר עטליכע און פערציג, און געדאכט האָט זיך אַז מען האָט דאָ פאר זיך א זעכציג־יעהריגע אַלטעטשקע — צוקנייטשט, איינגעבוינען, א צובראָכענער שארבען.

אָפטמאָל פלעגט זי מיר מיט א צושראָקענעם פנים שטיל אויפ׳ן אויער א זאָג טאָן וועגען איהר ריזיג־הויכען מאַן:

— א חולה מסוכן! איין גאָט ווייס וואָס פון איהם וועט ווערען!

— וואָס רעדט איהר, מיסעס רובין? גאָט איז מיט אייך! ער איז דאָך צעהן מאָל שטארקער פאר אייך. איהר האָט באַדארפט אויף זיך רחמנות האָבען, בעסער זיך צוזעהן אביסעל. זעהט ווי איהר זעהט אויס, — פלעג איך זי מוסר׳ן.

— וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר? — פלעגט זי מורמלען, ברעכענדיג איהרע דארע, טרוקענע פינגער.

הפנים זי האָט געוואוסט: אין א קאַלטען הערבסט־טאָג האָט מען מיר אָנגעזאָגט די נייעס, אַז מיסטער רובין איז פּלוצים געשטאָרבען.

צו דער לויה בין איך געפאָהרען מיט דער אַלטער און מיט איהר טאָכטער אין איין קארעטע. מיין הארץ איז מיר צו־ריסען געוואָרען זעהענדיג, ווי די יונגע צארטע מיידעל, אליין איבערפילט מיט ליידען, מינטערט די האלב־געַ׳חלש׳טע מוטער. אויף זיי קוקענדיג האָב איך אויך געוויינט מיט ביטערע טרעהרען. איך בין זיכער געווען, אַז גאָר אין קורצען וועט זי, די אַלטע, אויך נאָכגעהן דעם מאַן. ווי א שאָטען וועט זי פארשווינדען אין קאַלטען, נאַסען קבר, האָב איך געטראכט מיט וועהטאָג

* * *

גראדע האָט זיך געמאכט, אז איך האָב געמוזט אָפּפאָהרען פון שטאָדט. פינף מאָנאטען האָב איך ארומגעוואנדערט איבער'ן לאנד, און איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האָב אָן די רובינס פארגעסען. איך האָב פיל ארבייט געהאט און א סך נייע מענ־שען באגעגענט.

קומענדיג צוריק האָב איך זיך גלייך דערמאָנט אָן מיינע פריינד. און טאקע דעם זעלבען אָוועגד בין איך צו זיי געקומען. איך האָב געפונען די מוטער און טאָכטער ביים טיש. אנט־קעגען ראָזי'ן איז געזעסען א יונגער מאָן, פראנטיש געקליידעט. ער האָט עפּעס דערצעהלט, פון וואָסביידע האָבען הויך געלאכט. איך האָב זיך דערפיהלט אומאנגענעהם. עס האָט אויף מיר א וועה געטאָן מיט קעלט, מיט פרעמדקייט. איבערהויפּט האָט מיך פארדראָסען אויף ראָזי'ן, וואָס באלד נאָך מיין באגריסונג האָט זי זיך צוריק געווענדעט צום יונגען מאָן און ווידער גענו־מען שמייכלען צו איהם מיט איהר זיסען, ליבליכען שמייכעלע, ארויסווייזענדיג איהרע ווייסע שארפע צייהנדלאך. אויף מיר האָט זי זיך כמעט ניט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט מיך גאָר ניט באמערקט.

איך האָב זיך גענומען צוקוקען צו דער אלטער. זי איז גע־ווען אין שווארצען, אין טיפען טרויער, אָנגעטאָן. אָבער מאָדנע: איך האָב באמערקט, אז איהר פּנים איז איצט א ביסעלע פולער, גלאטער געוואָרען און די האלב־אויסגעלאָשענע אויגען האָבען עפּעס אזוי ווי אויפגעשיינט און די היבש־גרויע האָר זיינען גע־ווען גלאַט פארקאמט מיט געשמאק. „זי איז גאָר ניט קיין מיאוס'ע, — האָב איך געטראכט. — א שאָד וואָס צופיל קנייי־טשען זיינען דאָ אויפ'ן פּנים, אויפ'ן שטערען און אין די ווינק־לען פון די אויגען. ווען ניט דאָס, וואָלט זי געווען גאָרניט מיאוס. היינט איהר שמייכלען. אביסעלע דערמאָנט עס אָן ראָזי'ס שמייכעל. דער זעלבער חן. מעהר ניט, וואָס יענע איז יונג, פריש און בליהט ווי א בלום".

איך בין געזעסען ניט לאנג. איך האָב זיך ענטשולדיגט, כאָטש מיין ענטשולדיגען זיך איז געווען איבעריג. איך האָב

ניט באמערקט אין זיי קיין גרויסען חשק מיך צו פארהאלטען, און אפילו די איינלאדונג צו קומען נאָך אַ מאָל האָט מען ארויס־געריעדט מיט אַ האלבען מויל.

ליגענדיג אויף מיין געלעגער, האָב איך נאָך אַלץ געטראכט וועגען דער אַלטער. איך האָב אליין זיך ניט געקענט אָפּגעבען קיין חשבון פאר וואָס, אָבער עפּעס האָט מיר די לייכטע ענדע־רונג וואָס איך האָב אין איהר באמערקט אויפגערעגט און טרויע־ריג געמאכט. אין געדאנק איז מיר ארויסגעשוואומען די גע־שטאַלט פון דעם טויטען מיסטער רובין, וואָס ליגט איצט אין דעם פינסטערען קבר... און געדאַכט האָט זיך מיר, אז איך הער איהם ברומען מיט כעס און רציחה: „איך דארף ליגען אין דער ערד און פוילען, און זיי פרעהען זיך דאָרטען!"...

דער ווינט האָט געיאָמערט אונטער מיין פענסטער. איך האָב אַ ציטער געטאָן.

* * *

מיר איז אויסגעקומען נאָך אַ מאָל אַפּצופאָהרען פון שטאָדט. צוריקגעקומען בין איך ווען עס איז שוין געווען רעכט וואַרים. גלייך ווי איך האָב זיך אויסגעפּאַקט פון וועג, זיך ארומגעוואַשען און איבערגעטאָן, בין איך אַוועק צו די רובינס. עס איז גע־ווען אַ ליבליכער, מחיה'דיגער אָוונט און עס האָט זיך געוואָלט זעהן, ריידען מיט באַקאַנטע, נאָהענטע מענשען. איבעריגענס האָב איך פאר דער גאַנצער צייט פון מיין רייזע שטאַרק גע־בייגקט נאָך ראָזי'ן און געטראַכט האָב איך מיט איהר אַ רייד צו טאָן אַ ביסעל אָפענער... האָב איך זי אָבער ניט געפונען צו־הויז. די אַלטע איז מיר אנטקעגען געקומען מיט אַ פריינד־ליכען שמייכעל. זי האָט מיר איהר האַנט דערלאַנגט. דאָס איז פאר מיר געווען אַ נייעס: קיין מאָל האָט זי ביים באַגריסען מיר די האַנט ניט געגעבען. איך האָב זי באַטראַכט מיט וואונדער. עפּעס איז זי אויסגעוואַקסען, העכער געוואָרען, און דאָס פּנים איז קיילעכדיג, גלאַט; די קנייטשען זיינען פאַר־שוואונדען און אַנגעטאָן איז זי געווען גאַר פראַנטיש, אין אַ ווייס קלייד מיט אַזעלכע מאָדנע קנייטשעלאַך, גאַר ווי אַ יונגע דאַמע.

— וואָס מאַכט איהר, מיסעס רובין, ווי פיהלט איהר אין געזונט? — האָב איך געפרעגט.

— דאַנקע. איך בין געזונט. און וואָס מאַכט איהר? פאַר וואָס זעהט מען אייך אזוי זעלטען? איהר האָט אָן אונז גאָר פאַרגעסען. דאָס איז ניט שעהן פון אייך. מיר זיינען דאָך עפּעס אַלטע גוטע פריינט.

— איך בין אין שטאָדט ניט געווען. וואו איז ראָזי?

— ראָזי איז אויסגעגאַנגען מיט מיסטער ארקין פאַר א שפּאַציר.

— ארקין? ווער איז דאָס אזוינס? — האָב איך געפרעגט פאַרוואונדערט.

— איהר קענט גאָר ניט ארקינ'ען? דאָס איז ראָזי'ס א פריינד, א וואוילער בחור. ער איז גוט אָפּ און ער האָט אזוי ליב ראָזי'ן, ער געהט פּשוט נאָך איהר אוים.

— נו, און ראָזי? — האָב איך געפרעגט מיט א פאַר־כאַפּטען אָטעם.

— ראָזי גלייכט איהם אויך. ער איז אזא וואוילער! זיצט אביסעל — און דערביי האָט זי מיך גענומען אונטער'ן אָרים.

זי האָט זיך געזעצט נאָהענט צו מיר אזוי, אז זי האָט מיך באַריהרט מיט איהר אַקסעל. ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אז איהר פיגור איז געוואָרען פולער, בויגזאַם און גראַציעזער. זי האָט מיר דערצעהלט פון דעם גליק וואָס עס שטעהט פאַר איהר טאָכטער און ווי זי וואַרט שוין אויף דער גליקליכער מינוט, ווען זי וועט קענען א ביסעל ארומקוקען ארום זיך, וואָרים עס ווילט זיך איהר נאָך אויך לעבען און געניסען. זי איז נאָך אויך ניט אזוי אַלט, און מיאוס אודאי ניט. און ריידענדיג האָט זי מיר אַלע ווייַלע די האַנט געדריקט און מיר אריינגעקוקט אין די אויגען, איהר פּנים האָט געשמייכעלט און אין איהרע אויגען האָט עפּעס א מאָדנער פייערעל געברענט...

* * *

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זי באַגעגענט אין גאַס. פון דערווייטענס האָט זיך מיר געדאַכט, אז דאָס איז ראָזי און אין מיר האָט דאָס האַרץ גענומען שטאַרק קלאַפּען. עס האָט זיך

מיר געזוואָלט אַ קוק טאָן אויף איהר, זעהן איהר לייכטענדען פּנים, די קלוגע פינקלענדע אויגלאַך. נאָר באַלד האָב איך איינגעזעהן מיין טעות. דאָס איז ניט געווען ראָזי, נאָר די אַלמנה.

איך האָב זי אָנגעקוקט מיט וואונדער. אַ העט האָט זי געטראָגען מיט לאַנגע, קאָלירטע פעדערען און אַ מאָדנעם מאַנטעל, פיין באַפּוצט. ווי עהנליך זי איז צו ראָזי'ן! די זעלבע הויך, דער זעלבער גאַנג.

זי האָט מיך באמערקט און פריינדליך גענומען שמייכלען מיט די אויגען און גערופען צו זיך. איך האָב זיך געמאַכט ניט זעהענדיג. מיט אַן אָראָפּגעלאָזטען קאָפּ בין איך אריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

# ניצול געוואָרען

דאָס איז געווען ווינטער־צייט. איך האָב פארבלאָנדזשעט אין אַ פארוואָרפענעם געגענד ערגעץ אין די בראָנקס. איך האָב נויטיג באדארפט זעהן אַ פריינד. אָבער מיר איז אָנגעקומען שווער צו געפינען דעם אדרעס. די געגענד איז אַ פוסטע, וואו־נימ־וואו געפינט זיך אַ הויז. דערצו איז גראָד אָנגעפאַלען אַ טיפער שנעע, וואָס איז אין דעם מילדען וועטער געווען ווייך, און די פיס האָבען אריינגעזונקען ביז די קניע. איך בין געווען מיד און האָב קוים געאָטעמט.

איך האָב דערזעהן עטליכע צוויי־שטאָקיגע הייזער און האָב זיך פארנומען אהין, כדי צו פרעגען ביי וועמען נימ איז אויף דער גאַס, וואו מיין פריינד וואוינט. אז איך בין אָפּגעגאַנגען אַ האַלבען בלאָק, האָב איך באמערקט אַ חברה אינגלאַך, אַלע מיט רויטע, געזונטע פּנים׳ער, אַלע מיט העלע האָר. איך האָב זיי דערזעהן, און זיי האָבען מיך אויך דערזעהן.

איהר האָט עפּעס ליב, אַז מען זאָל אין אייך וואַרפען „סנאָו־באָלס" אָדער, ווי מען רופט עס ביי אונז, „שנעע־גאָמעלקעס"? קיינמאָל פיהל איך זיך ניט אזוי געפאַלען און הילפלאָז ווי דע־מאָלט, ווען אויף מיר האָגעלט פון אַלע זייטען, ווען מען לאַכט, מען קוויטשעט און מען טאַנצט אויף מיין חשבון. איך וויים ניט וואָס צו טאָן אין אַזעלכע מאָמענטען. בייזערען זיך, שרייען איז ארויס־געוואָרפען. מען קען נאָך דערמיט ערגער מאַכען. מען מוז עס אָנעהמען אַלס אַ שפּאַס, אַלס אַ וויץ. מען פיהלט זיך אָבער אין דעם מאָמענט נאַריש און לעבערליך. אין די אויגען פון פארבייגעהער זעהט איהר חוזק אויף אייער חשבון, זיי האָבען „פאַן" פון אייער דרעהען זיך, פון אייער וואַרפען און צאַפּלען זיך. מיר דאַכט, אַז ווען אַ תהום עפענט זיך אונטער מיר אין אַזעלכע מאָמענטען, וואָלט איך גערן אהין אריינגעשפּרונגען.

חברה האָט מיך באמערקט און האָט זיך א נעהם געטאָן צום שנעע. יעדער פון זיי האָט אין דעם קליינעם פויסט גע־דריקט די ווייכע, קלעפּיגע מאַסע, עס זאָל ווערען האַרטער, שטיי־פער און זאָל בעסער טרעפען אין ציל. מיין האַרץ האָט א ציטער געטאָן פאַר שרעק.

אייגענטליך האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט אומקעהרען צוריק און פשוט מאַכען פּליטה. איך האָב אָבער געפיהלט, אַז דערמיט וועל איך נאָך ערגער מאַכען; אַז זיי וועלען מיר נאָכ־יאָגען, און איך האָב געמוזט געהן באַגעגענען דאָס אומפאַר־מיידליכע...

אַז איך וועל כאַפּען א היבשען חלק, דאָס האָב איך געזעהן פון דער פּאָזע, וואָס מיינע שונאים האָבען אָנגענומען און פון דעם גלאַנץ אין זייערע לוסטיגע, גרויזאַמע אויגען. אַזא קרבן האָט זיי דער מזל זעלטען ווען צוגעשיקט. מיינע אָפּגעטראָ־גענע קליידער, מיין בלאַסער פּנים און מיינע איינגעפאַלענע אויגען איז געווען פאַר זיי ווי געוואונשען.

איך ווייס, אַז דאָס וואָס איך דערצעהל אייך איז א קליי־ניגקייט, א פּאַסירונג, וואָס איהר פאַרגעסט אין א פּאָר מינוטען אַרום. איך געדענק אָבער גאַנץ גוט, אַז אין יענער ווייל׳ע האָבען אַלע מענשליכע אינטערעסען, די וויכטיגסטע פראַגען פון לעבען פאַרלאָרען זייער באַדייטונג פאַר מיר. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז איך בין א פאַרפאָלגטער, אַז א בייזע אָנשיקעניש איז אויף מיר געקומען, פון וועלכער איך קען זיך ניט אַרויסדרעהען.

פּלוצים האָט א שטים אין מיר א זאָג געטאָן: זיי זיינען דאָך קינדער, שטיפערס, אָבער אין תוך ניט קיין פאַרדאָרבענע און שלעכטע. אפּעליר צו זייער געוויסען! מיט זיכערקייט האָב איך דעם קאָפּ אויפגעהויבען, און אונזערע בליקען האָבען זיך באַגעגענט. איך האָב א שמייכעל געטאָן מיט צופרידענהייט און זיך געלאָזט געהן גלייך צו זיי.

חברה האָט באַהאַלטען די פויסטען מיט די פאַרטיגע שנעע־נאָמעלקעס און זיי האָבען מיט וואונדער באַטראַכט מיין פיגור. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, וואָס איך געה טאָן.

אַז איך בין צוגעקומען גאַנץ נאָהענט, האָב איך מיט דעם

גרעסטען צוטרויען אין קול געפרעגט:

— באָים, ווייסט איהר ניט וואו עס געפינט זיך ט—ער גאַם?

זיי האָבען אויף מיר געקוקט און געשווינען.

— איך בלאָנזשע שוין דאָ ארום איבער א שטונדע, און איך בין אזוי מיד! — האָב איך זיך פאר זיי באקלאָגט ווי פאר אינ־טימע פריינד. — זאָגט מיר, באָים, וואו איז ט—ער סטריט?

זיי האָבען זיך איבערגעקוקט. איך האָב געזעהן, אז איך האָב זיי אוועקגעשטעלט אין א שווערער לאַגע.

— נו, באָים, טוט מיר די טובה און ציינגט מיר וואו צו געהן, — האָב איך אויפפאָדערנדיג אויסגעשריען.

און ווי א שטורם זיינען זיי מיר באפאלען. יעדערער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער מיר צו ערקלעהרען וואוהין איך דארף געהן. עס איז צווישען זיי געוואָרען אַן אמת'ע קאָנקורענץ פון „וואוילטעטיגקייט", און צום סוף האָט זיך די גאנצע חברה מיט מיר צוזאמען אוועקגעלאָזט אויפזוכען דעם אדרעס פון מיין פריינד...

# דער יוניאָן ליעדער

זעהר אויפגערעגט איז געווען איזי קראַנץ, דער ביזנעס איי־דזשענט פון דער יוניאָן, ווען ער איז געגאַנגען אונטערהאַנדלען מיט שאַפּירא, דעם באָס פון ניט קיין גרויסען שאַפּ, וואָס האָט איבער אַ נייעם אַראָפּגעשיקט אַ מיידעל פון דער אַרבייט.

— אַ ביטערער חברה־מאַן, דער שאַפּירא! מען וועט איהם דאַרפען גוט אָנלערנען, — האָט קראַנץ ביי זיך געטראַכט. אין געדאַנק האָט ער פאַר זיך געזעהן דעם הויכען, ברייט־פּלייציגען באָס, מיט די שווארצע, בייזע ברענענדע אויגען. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן לעצטען מאָהל, ווען ער איז ביי איהם געווען; אויך דאַן האָט יענער פּלוצים אָפּגעלייגט אַ מיידעל פון דער אַרבייט:

— מיר וועלען אַזעלכע זאַכען ניט דולדען, מיסטער שאַפּירא! די יוניאָן וועט ניט לאָזען אַרומוואַרפען זיך מיט די אַרבייטער, אַזוי ווי מיט אַ באָל (אַ פּילקע). עס מוז נעהמען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף דערצו — האָט איזי אומישנע געשריען, כדי די מייד־לאַך זאָלען הערען.

— און איך וועל ניט לאָזען, אַז מ'זאָל מיר קריכען אויפ'ן קאָפּ. דערווייל בין איך נאָך, דאַנקען גאָט, דער באָס, און אויב עס געפעהלט ניט וועמען עס איז ווי איך פיהר זיך אויף, קאָן ער טאָן ווי איהם געפעהלט, — האָט דער באָס נאָך העכער געשריען.

זיי האָבען זיך אָן אָנגעקוקט מיט האַס. די אויגען ביי ביידען האָבען געברענט, די ליפּען — געציטערט, די מאַסע איינ־געבויגענע קעפּ האָבען זיך פון די מאַשינען אויפגעהויבען. הינ־דערטער בליקען האָבען זיך אין זיי איינגעגעסען; און געדאַכט האָט זיך, אַז אָט ווענען זיך די ביידע אַרויפוואַרפען איינער אויפ'ן אַנדערען.

ער, איזי, האָט דאַן געפיהלט, אַז די מיידלאַך קוקען אויף

איהם, אז זיי ערוואַרטען עפּעס אַזוינס, וואָס נאָר ער אַליין קאָן דערוויזען. דאָס האָט איהם מוט, העזה צוגעגעבען. ער איז נאָך געווען יונג, און עס האָט זיך געוואָלט זיין אַ שטיקעל העלד אין די אויגען פון די יונגע פרויען. ער האָט זיך דאָס אַלעס דערמאָהנט איצט, געהענדיג צום זעלבען באָס, און עס איז איהם געווען פּריקרע זיך צו באַגעגענען מיט יענעם.

אין שאָפּ איז איהם די ערשטע אַנטקעגען געקומען די טשער־ליידי, אַ יונגע מיידעל, אַ צאַרטע, אַ ריהרעוודיגע, מיט אַ קיילעכ־דיגען פרישען פּנים׳ל, שוואַרצע, קלוגע אויגען און מיט אַ פאַררויסען שקאָציש נעזעל. זיי זיינען ביידע געווען באַפריינדעט, אַ פּאָר מאָל האָבען זיי שפּאַצירט ביז שפּעט אין דער נאַכט. פון דערווייטען נאָך האָט זי צו איהם ליבליך געשמייכעלט. ער איז אָבער פאַר־בליבען שטרענג, מיט אַן אָנגעכמורעטען פּנים.

— וואָס האָט שוין ווידער פּאַסירט, מיס שיינקין, ביי אייך?

— וואָס זאָל פּאַסירען? ער האָט אַרונטערגעשיקט אַ האַנד. זיי האָבען זיך אַזוי געקאָכט, — האָט זי מיט די אויגען אָנגעווי־זען אויף די מיידלאַך, — ניט אַנדערש וואַרפען די אַרבייט האָט זיך זיי פאַרגלוסט. קוים מיט צרות זיי אָפּגעהאַלטען. — זי האָט עס דערצעהלט און ניט אויפגעהערט צו שמייכלען, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אַריין.

— אי וועל איך איהם געבען, דעם כלב אייערען, אז ער וועט מיר האָבען צו געדענקען. נאָר מ׳האָט פון איהם טראָבעל. וואו איז ער?

—אַראָפּגעגאַנגען ערגעץ, וועט באַלד אַרויפקומען. זעצט זיך צו דערווייל, איהר זייט דאָך שטאַרק מיד. — זי האָט אַ לאַך געטאָן, ווייזענדיג צוויי רייהען ווייסע צייהן.

פון איהר קוק, פון איהר שמייכעל איז איזי׳ן וואַרעם געוואָ־רען אויפ׳ן האַרצען. דער כעס איז איינגאַנצען פאַרשוואונדען. עס האָט זיך איהם פאַרוואָלט אַ פּיעשטשע טאָן פאַר דער שעהנער מיידעל.

— קוים וואָס איך שטעה אויף די פיס, איך האַלט אין איין אַרומלויפען.

— וואָס זאָל מען טאָן, אַ פאַרפלוכטע, קאַפּיטאַליסטישע

אָרדנונג, — האָט זי איהם מיט אַ טרויעריגע מינע געענטפערט, אָבער זי האָט זיך באַלד הויך און קלינגענד צולאַכט. דאָס האָט זי איהם זיינע איינענע ווערטער דערמאָהנט. — מען מוז געהן ארבייטען, זעצט זיך, מיסטער קראַנץ, דאָרט ביי זיין טיש, האָט קיין מורא ניט. איך טראַכט, אז מען מעג זיצען אויף דעם זעל־בען טשער וואָס דער באָס אָדער אפשר ניט? — זי האָט איהם צוגעוואָרפען אַ ממזר׳שען קוק; האָט זיך אויסגעדרעהט און קאָקע־טיש באַוועגענדיג מיט׳ן יונגען קערפער איז זי אַוועק צו דער מאַשין.

— אַ וואויל מיידעל, ווי איך בין אַ איד, — האָט ער צו זיך אליין געזאָגט, איהר נאָכקוקענדיג מיט אַ שמייכעל.

ער האָט פארלייגט אַ פוס אויף אַ פ:ס, זיך אָנגעשפארט אָן ווענטעל פון טשער און גענומען טראַכטען וועגען דער באַגעגעניש וואָס ער וועט באַלד האָבען. דער אונאַנגענעהמער געפיהל האָט זיך צוריק אומגעקעהרט, און ווידער האָט ער זיך בייז אָנגעכמורעט. ער איז געווען זיכער, אז עס וועט זיך אויסקומען צו קריגען, סטרא־שען מיט אַ סטרייק, יענער וועט זיך קאָכען, וועט איהם באַליי־דיגען מיט דער יוניאָן צוזאַמען.

אין הארצען האָט ער געפיהלט רעספּעקט פאר׳ן יונגען מענ־שען מיט די בייזע שווארצע אויגען. פון די עטליכע ווערטער האָט ער פארשטאַנען, אז דאָס איז ניט קיין גראָבער יונג, עס האָט זיך געפיהלט, אז ער קען עפּעס. און איזי האָט געוואוסט, אז מיט אזעלכען איז שווערער צו האנדלען ווי מיט אַ גראָבען, אומגע־הובעלטאָן באָס. אזא ווייס זיך ווי צו האלטען, ער האָט זעלבסטווירדע און מ׳קאָן איהם ניט גראָב אָנטרעטען. ער האָט אָבער פארשטאַנען, אז יענער קוקט אויף איהם ווי אויף אַ גראָבען יונג, אז ער פאראַכטעט איהם, כאָטש ער האָט פאר איהם מורא. דאָס האָט איהם שטארק געקריינקט. אָבער ער האָט באַשלאָסען דאָס אויסצונוצען. „זאָל ער מיר האלטען פאר אַ גראָבען, ווילדען נפש, אבי איך זאָל אויספיהרען וואָס איך וויל.“

עפּעס האָט איהם אויפגעוועקט פון די געדאַנקען. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן אַן אַלטען מאַן שטעהן אין טיר פון דעם פּריוואַטען אָפיס. ער האָט געטראָגען אַ יארמולקע, די

באָרד איז געווען אַ שנעע־ווייסע, אַ לאַנגע, אַ ברייטע, מיט צוויי שפיצען. די ברעמען געדיכטע, די אויגען טיפע, גרויסע. ער וואָלט אויסגעזעהן ווי אַ קליין שטעדטעלדיגער רב, ווען ניט דער קורצער ראָק. ער האָט זיך דאָ, אין דעם לאַנגען, גראָהען ציי־מער, מיט די רייהען מאַשינען, אין דעם רויש און געשריי אַזוי ניט געפּאַסט, עפּעס האָט ער דאָ אויסגעזעהן ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער.

די אויגען זייערע האָבען זיך באַגעגענט,ביידע האָבען זיך אָנגעקוקט מיט וואונדער. איזי האָט דערפיהלט, ווי אויפצוהויבען זיך און געבען אַ היימישען שלום עליכם.

דער אַלטער איז אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען פאַרביי איהם הין און צוריק. ער האָט אַזוי זיך, פון דער זייט, געוואָרפען אַ קוק אויף דעם פרעמדען, וואָס האָט זיך דאָ אַזוי געמיטליך צולייגט, איז ניט גאַנץ דרייסט צוגעקומען און געפרעגט:

— קאָן איך וויסען, יונגער מאַן, וועמען איהר דאַרפט?

— איך דאַרף זעהן מיסטער שאַפּיראָ—האָט איזי געענטפערט און זיך אויפגעהויבען פון אָרט.

— זיצט, זיצט זייט מוחל — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל — קאָן איך אפשר וויסען אויף וואָס איהר דאַרפט איהם? איך בין זיין פאָטער, איהר קאָנט מיר זאָ־גען, איך וועל עס איהם איבערגעבען, אָדער אפשר איז טאַקע בעסער איהר זאָלט אויפוואַרטען, ער וועט מסתמא באַלד אריינ־קומען.

ער האָט גענומען אַ שטוהל און זיך אויך געזעצט ביים טיש. אַ היבשע צייט האָבען ביידע געשוויגען. איזי האָט שוין לאַנג אַזאַ אידען ניט געזעהן, און איצט, קוקענדיג אויפ׳ן אַלטען, האָט איהם אַ ווארימקייט ארומגענומען.

— פון וואַנען איז אַ לאַנדסמאַן? — האָט געפרעגט דער אַלטער.

— פון גאַנץ ווייט,—האָט איזי געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— מיר זיינען אַלע פון גאַנץ ווייט — האָט דער אַלטער גע־געזאָגט אויך מיט אַ שמייכעל.

— פון ק—ר גובערניע.

— פון ק—ר! וואָס רעדט איהר, פון וועלכער שטעדטעל?

— פון ל—ער אויעזד.

— הערט א מעשה — האָט דער אַלטער אויסגעשריען מיט פרייד — פון ל. ביזטו? צו וועמען געהערסטו זיך דאָרט אָן? — איז ער גלייך אריבער אויף דו.

— איהר קענט דאָרט וועמען?

— וואָס פאַר א שאלה? איך קום אַליין פון ק. א ק—ער בין איך. איך קען ביי אייך כמעט אַלעמען, צו וועמען געהערסטו זיך דאָרט אָן?

ביי איזי'ן האָט גענומען קלאַפּען דאָס הארץ. איהם האָט זיך גערדאַכט, אז ווי נאָר ער וועט ארויסריידען דעם טאַטענ'ס נאָמען, וועט עפּעס וויכטיגעס געשעהן. מיט א פארכאַפּטען אָטעם האָט ער געזאָגט:

— איך בין יאָשע דעם פלאַקס סוחר'ס א זוהן.

— יאָשע דעם פלאַקס סוחר'ס, וואַרט, לאָז זיך מיר דערמאָה־נען, דאָס איז דער מיט דעם שפּיציג בערדעל. יע, יע, איך געדענק דאָך איהם — האָט דער אַלטער געזאָגט צונויפציהענדיג די ברע־מען אזוי, אז די אויגען זיינען אין גאַנצען פארשוואונדען — גע־ווים געדענק איך איהם, אָט וועל איך דיר זאָגען א סימן: אז ער שמייכעלט פארמאַכט ער דאָס לינקע אויג; יע, דאָס לינקע, איך זעה איהם, ווי ער וואָלט פאר מיינע אויגען געשטאַנען, און וואָס האָסטו געטאָן אין דער היים?

— אין דער היים? — האָט איזי געענטפערט מיט א פאר־שעמטען שמייכעל, — עט, איהר ווייסט דאָך, וואָס זאָל מען טאָן?

— ער האָט זיך פארהאַקט, עס איז איהם געווען שווער צו ריידען.

— געלערנט, מסתמא, וואָס דען, אין ישיבה געלערנט. אָבער איך האָב גלייך דערקאָנט, אז דו ביזט ניט קיין עם הארץ, טאַטע באַלד ווי איך האָב דיר דערזעהן. איז וואָס מאַכט דער טאַטע דיינער? א גרויסער למדן, טאַקע אן אמת'ער למדן. אָה, איך קען איהם גאַנץ גוט. מיר זיינען צוזאַמען אמאָל אין ליובאַוויטש גע־ווען.

דעם אַלטען'ס פּנים האָט עפּעס אזוי ווי אויפגעשיינט, מיט

אַ רויטקייט זיך באַצויגען. איזי איז אויך געווען צוטרייסעלט. אַט דער אַלטער קען זיין טאַטען, ווייס אַלץ וועגען איהם. די לופט פון דער ווייטער היים האָט עפּעס אַזוי ווי אַ וועה געטאָן אויף איהם. ער האָט אין גאַנצען פאַרגעסען נאָך וואָס ער איז אַהער געקומען.

— נו, דו שקאָץ איינער, געדיינקסטו כאָטש וואָס דו האָסט אַמאָל געלערנט? — האָט דער אַלטער געפרעגט, קלאַפּענדיז איזי׳ן מיט ליבשאַפט איבער׳ן קני. — דאָ, אַז מען טרעפט אַ מענשען, וואָס קאָן לערנען, דארף מען דאָך מאַכען שהחינו, זאָל מיר גאָט ניט שטראָפען פאַר די רייד.

די אויגען ביים אַלטען זיינען פאַרלאָפען מיט טרעהרען. ער האָט געלאַכט מיט אַ לאַנגען, נערוועזען געלעכטער. ער האָט איזי׳ן אַלע ווייל געקלאַפּט איבער׳ן קני, איבער׳ן פּלייצע, האָט איהם אפילו אַ קניפּ געטאָן אין באַק. ער האָט זיך אַלץ דער־נעהנטערט אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט צוטוליען צו איהם.

די מיידלאך האָבען מיט וואונדער געקוקט אויף איזי׳ן. זיי האָבען גאָר ניט געקאָנט פאַרשטעהן וואָס עס איז געוואָרען מיט׳ן ביזנעס איידזשענט זייערען; ער, אַזא שטרענגער, אַזא פיינד פון די באָסעס, חבר׳ט זיך גאָר מיט׳ן באָס!

אָבער איזי האָט עס גאָר ניט באַמערקט. ער האָט זיך גע־נומען פאַרהערען מיט׳ן אַלטען אין גמרא.

— שקאָץ איינער, דו געדענקסט נאָך, און דאָ האָסטו זיך אַריינגעלאָזט אין די נאַרישקייטען, יאָשע׳ס זוהן אַ יוני מאַן. פע, האָסט באַדאַרפט זוכען עפּעס אַ בעסערען תכלית. אַט קוק אָן מיין מענדלען, ער איז אַ לייט, קיין עין הרע.

— וועמען מיינט איהר עס, וועלכער מענדעל? — האָט איזי נעפרעגט פאַרוואונדערט.

— אַט מיין מענדעל, מאַקס, ווי מע רופט איהם דאָ, איז אויך געווען אַ ישיבה בחור. אַ טייערער קאָפּ, קאָן נאָך היינט אויך, וועסט מיט איהם ריידען, וועסטו זעהן, אַ למדן, זאָג איך דיר, און פונדעסטוועגען, אַ דאַנק גאָט אַ גוטער ביזנעס מאַן.

איזי האָט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט וואו ער איז אין דער וועלט. ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטאָן אויף די מיידלעך, האָט

געפּרופּט ארויסרופען צוריק דעם בּעם מיט וועלכען ער איז אהער געקומען.

— יע, א ביזנעס מאַן איז ער א גוטער, אָבער וואָס פאַר א יושר איז דאָס גלאַט אזוי אָפּצוזאָגען מענשען פון דער ארבייט? וואָס טראַכט ער, די יוניאָן וועט עס איהם פארשווייגען? — אין קול זיינעם האָט זיך אָבער קיין בייזקייט ניט געהערט, גיכער האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט אָנגעקלאָגט דעם זוהן פאַר'ן פאָטער.

— וואָס, ער האָט אָפּגעזאָגט עמיצען פון דער ארבייט? — האָט דער אלטער פארוואונדערט אויסגעשריען, — ער האָט עס מיר גאָר ניט דערצעהלט, דער שקאָץ, ווארט, איך וועל איהם גוט אויס־זידלען. מיינסט, ער איז א שלעכטער, א גזלן? עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. א בעס'ן איז ער, אָט וואָס, א בעס'ן, זאָג איך דיר. זאָל ער נאָר ארויפקומען, איך וועל איהם שוין געבען א חלק פאַר דיר אין די אויגען, וועסט אליין זעהן.

— איך וועל שוין מיט איהם אליין רעדען, אזוי קען עס ניט געהן, אלע ווײלע מאַכט ער אָן טראָבעל. — האָט איזי ארויס־רעדט שוין גאָר בייז.

אין הארצען האָט ער געוואונשען דער באָס זאָל בעסער איצט ניט קומען. ער האָט געפיהלט, אז עס וואָלט איהם איצט אוממעגליך געווען צו ריידען אין דעם שטרענגען טאָן. ער וואָלט זיך געשעהמט פאַר'ן אלטען. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער געוואוסט, אז ער וועט עס מוזען, ווארום די זאַך איז צו ערענסט: וואָס וואָלטען די מיידלאך געזאָגט, ווען ער געהט אוועק מיט גאָר נישט? עס איז איהם איצט אומאנגענעהם געווען. עס האָט זיך איהם געוואָלט וואָס גיכער ארויסרוקען פון שאַפּ.

— איהר וועט אזוי גוט זיין איהם זאָגען, אז איך בין דאָ גע־ווען — האָט ער ארויסגערעדט ניט זיכער.

— געוויס וועל איך איהם זאָגען, ער וועט זיין זעהר צופרידען, ער קאָן אויך דיין טאַטען, ער געדענקט איהם. מיר האָבען, דאכט זיך, אַנומעלט וועגען איהם גערעדט.

— איך מיין וועגען דער מיידעל, וואָס ער האָט אָפּגעזאָגט,

וועט איהר אזוי גוט זיין זאָגען, די יוניאָן וועט עס ניט שוויגען, אלע ווײלע...

— געוויס, געוויס, איך וועל איהם שוין געבען א גוטען חלק, דעם שקאָץ, וועסט זעהן, מעגסט זיין זיכער, קום, זיי מוחל, ארויף אָפּטער. ביזט א וואוילער בחור, כאָטש א שקאָץ, אָבער פּאָרט א בן תורה. קום ארויף, וועלען מיר ריידען, מענדעל וועט זיין זעהר צופרידען. ער קאָן אויך, עס וועט זיין אביסעל פרעהליכער. מיר איז, ניט פאר דיר געדאכט, זעהר אומעטיג. א גאנצען טאָג בלאָנקע איך זיך ארום אליין אין שטוב. קום אמאָל אהער, וועסטו קומען, יע ?...

* * *

— אי, אי, וואָס פאר א ליעבשאפט ביי אייך איז דאָס געוואָרען, וואָס האָט אזוינס פּאסירט, מיסטער קראנץ ? — האָט איהם איבערגענומען ביים ארויסגעהן מיסס שיינקין מיט א שעלמישען שמייכעלע. — וואָס האָט איהר זיך אזוי געקאָכט, און אזוי הויך געלאכט, און וואָס איז עפּעס וועגען דער פארפלוכטער קאפּיטאליסטישער אָרדנונג ?... כא, כא, כא... — איהר שטימע האָט זיך געקייקעלט הויך, קלינגענדיג, ווי א זילבערנער גלעקעל.

— איהר וועט זאָגען די מיידלאך, זיי זאָלען מיר ענטשולדיגען, איך וועל שוין שיקען אנאנדערען, איך מוז אוועקגעהן.

— וואָס איילט איהר זיך אזוי, מיסטער קראנץ — האָט זי געזאָגט צובויגענדיג זיך אזוי נאָהענט צו איהם, אז ער האָט איהר אָטעם דערפיהלט. זי האָט אויף איהם געקוקט שאַרף און דורכדרינגענד, אזוי ווי זי וואָלט עטוואָס פון איהם ערווארט.

— מיר האָט איצט אן אומגליק געטראָפען, מיסס שיינקין — האָט ער געזאָגט האלב אין שפּאס, האלב אין ערנסט. — דער גרעסטער אומגליק, וואָס עס קאָן נאָר טרעפען א ביזנעס איידזשענט. איך האָב ארויפגעבראָדזשעט אויף א לאנדסמאן און מעהר וועט שוין מיין פוס אהער ניט קומען.

# א פאַרשווערונג

מיסטער לאַטקין, אַ דיקער מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ גרויסען פּליך און גרויסע ארויסגעשטאַרטשטע אויגען, איז געלעגען אויף דער ווייכער סאָפע, די הענט פאַרלייגט אונטער'ן נאַקען און גערויכערט אַ סיגאַר. ביים טיש איז געזעסען מיסעס לאַטקין, אַ דאַר־ווייבעל, מיט אַ געלען אויסגעמוטשעטען פּנים און האָט פאַרצירעוועט קינדערשע זאָקען, וואָס זי האָט גע־האַלטען אָנגעצויגען אויף אַ טהעע גלאָז. דער טיש איז געווען פול מיט טעלער, לעפעל און גאָפּעל. עס איז געווען אָקאָרשט נאָך סאַפּער (אווענד ברויט). אַ לאַנגע צייט האָבען מאַן און ווייב גע־שוויגען, יעדער פאַרטראַכט וועגען עפּעס אַנדערש. נאָר אַז דער וואַנד־זייגער האָט מיט אַ דומפּען, הייזעריגען קלאַנג אויסגעשלאָגען אַכט, האָט מיסטער לאַטקין אַזוי ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— אַ גן עדן, ווי איך בין אַ איד! — און ער האָט בגנבה געוואָרפען פון דער זייט אַ קוק אויף דער ווייב, אָבער זי האָט ניט געהערט, אָדער געמאַכט זיך ניט הערענדיג. זי איז פאַרבליבען ווי פריהער איינגעבויגען איבער איהר ארבייט.

— די גלידער זיינען מיר אָפּגעגאַנגען. עס איז אַזוי שטיל, רוהיג, אַ מחיה! פון היינט אָן זיץ איך אין דער היים, נאָ מאָר געהען אין געסט! — האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט מיט אַ צופרי־דענעם קול.

מיסעס לאַטקין האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ אין דער זייט, וואו דער מאַן איז געלעגען. מיט אַ שטעכיגען שמייכעלע האָט זי איהם אַ היבשע ווייל אָנגעקוקט און דאַן ארויסגערעדט מיט גיפט:

— אויף דער עלטער אַ בעל תשובה געוואָרען! קוים ארומ־געזעהן זיך, אז ביי זיך אין הויז איז ניט ערגער ווי צו זיצען דאָרט, שדים ווייסען מיט וועמען, און גאַנצע נעכט שפּיעלען אין קאָרטען.

— עה, הייבסט שוין ווידער אָן מיט דיין מענה־לשון? דיר פּאַרדריסט וואָס איך רוה זיך אויס מיינע מיעדע גליעדער? — האָט מיסטער לאַטקין אָנגעפאַנגען מיט אַ וויינענדיגען קול — קאָרטען גאָר! טויזענד מאָל האָט איך דיר געזאָגט, אַז איך האָב שוין קיין קאָרט ניט גענומען אין די הענד אפשר אַ יאָהר נאָכאַנאַנד, איז זי ווייטער דאָ מיט די קאָרטען!...

— אַך, זיי מיר מוחל! איך האָב פאַרגעסען, אַז דו זיצט אין שוהל און זאָגסט תהלים גאַנצע נעכט. עפּעס אַ קליינינקייט, אַזאַ צדיק! ער האָט שוין אפשר אַ יאָהר קיין קאָרט אין האַנד ניט גענומען! זאָג מיר אָקאָרשט, וואו זיינען אהינגעקומען די פינף טאָלאַר יענע וואָך? האָסטו עס אין רב מאיר־בעל־הנס פּושקע אריינגעוואָרפען, וואָס אפשר ניט? כאַ, כאַ, כאַ... האָט זי מיט אַ בייזען געלעכטער געענטפערט.

— שוין לויף איך דיר אָפּגעבען חשבון, וואו איך טו אהין די געלד. אויף עסען גיב איך דיר, רענט באַצאָהל איך, וואָס ווילסטו נאָך? וואָלסט טאַקע אין דער אמת'ן געוואָלט, איך זאָל אייביג זיצען ווי אַן ארעסטאַנט אין הויז? ווייניג האָרעווע איך? איך טאָר שוין גאָר ניט ספּענדען אַ סענט?

— יע, ביזט אַ טרייער מאַן, אַ גוטער טאַטע, נישטאָ וואָס צו ריידען... און אַז די קינדער געהען ארום אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, אַז עס איז אַ חרפּה די אויגען צו ווייזען, איז ארט עס דיך, אַבי דו גיסט צום עסען!...

— הער, פאַרמאַך שוין אַמאָל דיין פּיסקעל! דיר פּאַרדריסט אין דער אמת'ן, וואָס איך פאַרברייננג אַ ווײַלע רוהיג? הייבסט שוין ווידער אַמאָל אָן צו גריזשען?

— פאַר וואָס זאָל איך ניט ריידען? וואָס איז, אַזאַ פריץ ביזטו דאָס?

— אָבער שוויג, זאָג איך דיר! לאָז מיר צורוה!

— און אַז איך וועל ניט שווייגען, איז וואָס וועסטו טאָן?

— איך וועל די מינוט אוועקגעהן. הערסט, וואָס איך זאָג דיר? מיר שלאָגט שוין צום הארצען פון דיינע טענות. אַ מענש זאָל אַ ווײַלע ניט קענען זיצען שטיל! אָן אמת'ע אָנשיקעניש!

— װעל איך טאַקע ניט שװײגען. דיר אױף צו פּיקעניש װעל איך דוקא רײדען.

— געװאַלד, װאו באַגראַבט מען זיך ? א מינוט רוהיג לאָזט זי ניט זיצען — האָט מר. לאַטקין אַנגעהױבען שרײען מיט באַנר־מענגע קולות.

— שאַ, משוגענער װאָס שרײסטו ? װעסט נאָך די קינדער אױפװעקען. האָסט געהערט ? רײסט זיך די קישקעס, מען האָט איהם די קרױן אָנגערירט... מען טאָר שױן גאָר צו איהם א װאָרט ניט אױסרײדען...

— נאָר דאָס רעדט — האָט ער שױן רוהיגער צוגעגעבען — נײן מאָס רײד האָט דאָס...

— פאַרװאָס זאָל איך ניט רײדען — איז אױפגעשפּרונגען די פרױ, און געשריען מיט א קװיטשעדיגען, שטעכיגען קול — פאַר װעמען דען זאָל איך אױסרײדען מײן צעװעהטאָגט הארץ ? גרױ און אַלט בין איך שױן געװאָרען ! איך האָב זיך דאָך שױן פון די כחות ארױסגעשלאָגען, אַלײן גאַנצענע טעג און נעכט, עלענד װי א שטײן, און טאָמער איז ער דאָ אין שטוב, זאָל איך זיצען װי א שטומע... און װאָס האָב איך דאָ אזױנס געזאָגט ? אז דו שפּילסט אין קאָרטען, איז דאָס א ליגען ? האָב איך אױס־געטראַכט א בלבול אױף דיר ?

— הער, װאָס איך זאָג דיר : זאָלסט מיר מעהר װעגען די קאָרטען ניט אױפװאַרפען, איך װיל דאָס מעהר פון דײן מױל ניט הערען. הערסט, װאָס איך זאָג דיר ?

— און אז יע, װאָס װעסטו מיר טאָן ? סטראַשע די גענז !

— איך װעל די מינוט אַװעקגעהן.

— געה, צו אַלדי שװאַרצע יאָהר ! װער דאַרף דיר דאָ ?

— אזױ, דו דאַרפסט מיר שױן ניט ! טאָ פאַר װאָס האָסטו מיך אזױ געבעטען איך זאָל זיצען אין שטוב ?

— װײיל איך װיל ניט אז דו זאָלסט אונזער געלד אַװעק־לאָזען אױפ'ן װינט, זאָלסט זיך ארומשלעפּען מיט דעם קאַרטיאָזש־ניק, מיט מאַקס'ן, מיט דעם אױסװאורף...

— ער איז עהרליכער פאַר דיר.

— װער, אָט דער געלער גנב ? זאָל ער אײנגעזונקען װערען !

— איך קען דאָס שוין מעהר ניט אריבערטראָגען. די גאַל פּלאַצט מיר — האָט מר. לאַטקין אויסגעשריען אויסער זיך, כאַפּענדיג די העט און לויפענדיג צום טהיר.

— זאָלסטו ניט דערלעבען קומען, רבונו של עולם!

די לעצטע ווערטער האָט ער ניט געהערט, ווייל דער קלאַפּ פון טהיר האָט פארהילכט דער פרוי'ס קללות, נאָר א טראָט געבענדיג אין פינסטערען האָל האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אָן א מענשליכען קערפּער.

— מאַקס? האָט ער שעפּטשענדיג געפרעגט.

— יעס, איך. אי, זיינט איהר א מייסטער! כי, כי, כי, אבי איך האָב געמיינט, אז דער אבענד איז קאַפּוט, אָבער האָט איהר עס אָפּגעארבייט קונציג! איך האָב אַלעס געהערט, אפילו ווי שעהן זי האָט מיך מכבד געווען, נאָר קומט שנעל, חברה וואַרט, מ'קען ניט אָנפאַנגען דעם פּויקערל, גיכער, עס איז שוין שפּעט, — האָט מאַקס איהם ארייגעשושקעט אין אויער און געצויגען נאָך זיך פאַר'ן ארבעל.

# נאָך איין מינוט

מאָטקע האָט ניט געקאָנט גובר זיין דעם יצר הרע. ער האָט זיך א לאָז געטאָן צום וואלד, געמאכט א שנעע־גאָמעלקע און זיך געצילט אין א וואָראָנע, וואָס האָט זיך געוויגט אויף א צווייג. עס איז געוועזן העל, לויטער פון דעם פריש־אָנגעפאלענעם שנעע. און געקומען איז דאָס אזוי פלוצים; מיט אן אָוועגט פריהער איז ער געקומען פון חדר א דורכגעווייקטער. די מאמע האָט זיך געבייזערט, וואָס ער האָט פארשמירט דאָס מאַנטעלע. און דאָ, מיט אמאָל ריין, שעהן און ליכטיג.

נאָר באלד האָט ער זיך געכאַפּט, אז מען מוז לויפען אין חדר. דער רבי וועט זיין בייז. אָהן אן אָטעם האָט ער זיך געטראָגען דורכ׳ן מארק. עס איז שוין אָבער געוועזן פארפאלען. אלע תלמידים זיינען געזעסען ארום טיש ביי די אָפענע גמרא׳ס, און נאָכגעזונגען דעם רבי׳ן.

— גוט מאָרגען, פּריץ מיינער! האָסט עפּעס גוט גע־שלאָפען?

אזוי האָט איהם דער מלמד באגעגענט מיט א בייזען שמייכעל. דער אָדער אויף זיין שטערען האָט זיך אָנגעבלאָזען — דער בעסטער סימן, אז ער איז מלא רציחה.

* * *

שפּעטער א ווייל האָט זיך מאָטקע צוגעבויגען צו זיין חבר, איצקע דעם פעלדשער׳ס, און איהם בסוד געזאָגט:

— עס איז אזוי גוט אין גאס. עס סקריפּעט אונטער די פיס — א מחיה. האָסט באדארפט זעהן וויפיל שנעע עס איז דאָ.

— שקצים, איהר רעדט נאָר! — האָט דער רבי א געשריי געטאָן — און צוויי פייערדיגע פּעטש האָבען א הילך געטאָן אין דער לופטען.

— ציגיינער, איבער דיר האָט ער מיך געשלאָגען, — האָט איצקע בייז געזאָגט און א בריק געטאָן אונטער׳ן טיש דעם חבר,

מאָטקע האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך געסטאַרעט צו פּאַרטיפֿען אין לערנען. אָבער אין קאָפּ האָבען זיך געטראָגען אַנדערע מחשבות. ער האָט פאר זיך געזעהן דאָס פרייע פעלד; ער מיט נאָך אינגלאַך לויפען, יאָגען זיך איבער'ן פרישען שנעע. מען וואַרפט זיך מיט שנעע־גאָמעלקעס, מען קוויטשעט, מען שרייט. אָט פליהט איהם א גאָמעלקע גלייך אין פּנים אריין, עס צושיט זיך אויף פּיצעלאַך און עס פאַרקלעפּט איהם די אויגען. ער זעהט קיין זאַך ניט. אָבער עס איז גוט, ער לאַכט פון פולען האַרצען...

— וואָס פרעהסטו זיך, דו גוי איינער! די הויט וועל איך דיר אָפּשינדען! — האָט איהם איבערגעריסען די געדאַנקען דעם רבינ'ס בייז, כריפּענדיג קול, און די אויגען האָבען ביי איהם גע־ברענט ווי קוילען פייער.

מאָטקע האָט זיך איינגעגעסען מיט זיינע שוואַרצע, פאַר־חלומ'טע אויגען אין דעם רבינ'ס פּנים, און א פונק האָפנונג האָט אין איהם אויפגעגליהט. ער האָט געזעהן, ווי דער אָדער אויפ'ן רבי'נס שטערען האָט זיך שרעקליך אָנגעבלאָזען, איז געוואָרען ווי א שטריק...

* * *

— ווייסט, — האָט איהם איצקע דעם פעלדשער'ס איין מאָל איינגערוימט אין אויער — ווען אָט דער אָדער זאָל פּלאַצען איז ער קאַפּוט, וועט איהם שוין קיין טאַטער ניט העלפען.

— אָבער אָט איז ער דאָך שוין אַן אַלטער און קיין מאָל האָט נאָך דער אָדער ניט געפּלאַצט. — האָט מאָטקע אויסגעדריקט זיין צווייפעל.

— ער דאַרף נאָר ווערען שטאַרק אין כעס, אָבער גאָר שטאַרק!

דער דאָזיגער געדאַנק איז געווען א שטראַהל ליכט אין מאָטקע'ס פינסטערען לעבען. שטענדיג האָט ער געוואַרט, אַז אָט פּלוצים וועט עס מאַכען טרראַך! און דאַן איז אויס רבי, אויס גמרא, קלעפּ און צרות. ביזט א פרייער מענש, קאָנסט לויפען וואו דאָס האַרץ גלוסט.

אָבער וואָס ווייטער איז די דאָזיגע האָפנונג פאַרוועלקט

געוואָרען. די צרות האָבען זיך פאַרמעהרט. יעדע מינוט ווערט דער רבי אין כעס, דער אָדער ציהט זיך אָן און ער ווערט רויט און טרייסעלט זיך. אָבער באַלד געהט עס איבער. דער הויכער שטערן גלייכט זיך אויס, די גרויע אויגען שיינען־אויף ווידער אמאָל הויבט ער אָן:

— תנו רבנן, האָבען די רבנן געלערענט.

די תלמידים צעוויינען זיך, שאָקלען זיך הין און הער און מיט א וויינענדיגען ניגון זאָגען זיי נאָך:

— תנו רבנן...

אין הארצען וויינט עס און יאָמערט. די ליכטיגע וועלט רופט און ציהט צו זיך ווי מיט צוואַנגען. דער שנעע קוקט אריין דורכ'ן פענסטער, ער ווינקט און רופט:

— קום אינגעלע, שפּיל זיך מיט מיר!

אָבער מען טאָר אַזעלכע זאַכען ניט טראַכטען, עס איז אַן עבירה. אויף יענער וועלט שמייסט מען דערפאַר מיט אייזערנע ריטער. און דאָ אויף דער וועלט שלאָגט דער רבי אָהן רחמנות. און אָט אַזוי וועט עס שוין אַלע מאָל געהן; אָהן א סוף, אָהן א ברעג וועט מען דארפען זיך שאָקלען איבער דער גמרא און זינגען מיט אַן אומעטיגען ניגון:

— תנו רבנן...

איין מאָל אַ פאַרנאַכט בין מנחה למעריב, אז דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מאָטקע מיט א סודות'פולען פּנים געזאָגט צו די חברים:

— אונזער רבי איז געווען אויפגעהאַנגען; ווען ניט די רביצין, וואָלט ער שוין געווען א בר מנן... דער טאַטע אליין האָט דערצעהלט.

עס איז געווען האַלב טונקעל. אַלע האָבען איינגעהאַלטען די אָטעמס. די הערצער האָבען שטאַרק געקלאַפּט.

דאָס איז געווען, ווען מיר אַלע זיינען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען. אפילו מיין טאַטע איז נאָך ניט געווען, און אייערע טאַטעס זיינען ניט געווען. מיין זיידע, נאָך וועמען איך בין א נאָמען האָט עס דערצעהלט!

„דאָס איז געווען באַלד נאָכ'ן רבי'נס חתונה. ער האָט גע־קנעלט אין קרעטשמע. קיינער איז אין הויז ניט געווען. ער איז געזעסן און געלערנט גמרא. ער האָט אַלע מאָל געלערנט. ער איז אַ גרויסער למדן, ער קאָן בעסער ווי דער גבאי, ווי מיין טאַטע און אפילו ווי דער רב."

— ס'אַ ליגען, — האָט זעלקע דעם רב'ס בייז געזאָגט, — ס'אַ ליגען. מיין טאַטע קען בעסער לערנען פאַר אַלעמען.

מאָטקע האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג און דערצעהלט:

„זיצט ער אַזוי און איז שטאַרק פאַרטיפט. ערשט אַ פריץ אויף אַ פייערדיגען שוואַרצען פערד איז צוגעריטען און שרייט:

„— זשידזשיע, וואו זיינען אוועק די מאַסקאַלען?"

„פאַרשטעהט ניט דער רבי וואָס מען וויל פון איהם. ער ווערט בלייך, צושראָקען, כאַפּט אַראָפּ דאָס היטעל און שווייגט, אָבער דער פריץ שרייט מיט אַ מורא'דיגען קול:

„— זשידזשיע, זאָג! אַז ניט וועל איך דיך הייסען אויפ־הענגען. אָבער אויב דו זאָגסט מיר וואו די רוסען זיינען אוועק, וועל איך דיר געבען אַ פולע פאַלע מיט גאָלדענע רענדלאַך."

שווייגט דער רבי און ציטערט. ער ווייסט ניט וואָס דער פריץ וויל פון איהם.

„—איך גיב דיר צעהן מינוטען צייט. באַטראַכט זיך. אויב ניט הענג איך דיך אויף, — זאָגט דער פריץ און רייט ערגעץ אוועק.

„מיינט דער רבי, אַז מען לאָזט איהם געמאַך און פאַרטיפט זיך ווידער אין לערנען, ערשט מען שרייט:

„—זשידזשיע, וואו זיינען די רוסען אוועק?

„ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהן אַ גאַנצע מחנה אויף שוואַרצע פערד, מיט פיקעס אין די הענט און מיט גאָל־דענע היטלען אויף די קעפּ. איינער האָט געהאַלטען אַ שטריק.

„— זאָג וואו זיינען די רוסען אוועק, און מיר'ן דיר קיין שלעכטס ניט טאָן, מיר'ן דיך רייך מאַכען.

„אָבער ער האָט ניט געזאָגט.

„מען האָט דורכגעצווינגען די שטריק דורך אַן אייזערנעם רינג און פאַרוואָרפען איין ברעג אַרום רבינ'ס האַלז.

„וואו זיינען די רוסען?“

דער רבי האט ניט געענטפערט. אין דער שטיל האט ער ווידוי געזאגט.

און זיי האבען איהם ארויפגעצויגען אין דער הויך.....

— אי, א רחמנות. — האט איינער פון די תלמידים געזאגט אין דער שטיל.

„וואס פאר א רחמנות! ער וואלט דאך שוין איצט לאנג אין גן־עדן געווען. איהם וואלט מען דאך אין גהינום געוויס ניט געשיקט. דער מאטע זאגט, אז ער איז א צדיק“, — האט מאטקע פארטראכט באמערקט.

— אבער ווי אזוי איז ער געבליבען לעבען?

„די רביצין האט איהם אפגעראטעוועט. זי האט מיט א מעסער די שטריק איבערגעשניטען. ווען ער הענגט נאך איין מינוט, וואלט ער שוין ניט געלעבט.“

— אי, עס וואלט געווען אזוי גוט, — האט איצקע דעם פעלדשער'ס ארויסגערעדט מיט א ווארימקייט אין קול.

א קליינע ווײַלע איז געווען שטיל. פאר אלעמענס אויגען האט זיך געטראגען דאס בילד ווי דער רבי הענגט אין דער לופטען און וויגט זיך הין און הער. עס איז געווען שרעקליך. אבער פארט איז עס ארויסגעקומען גוט. אין הארצען האבען אלע גע־שאלטען די רביצין.

— אט געהט ער, — האט עמיצער אויסגעשריען און מען האט זיך א ווארף געטהאן צו די גמרא'ס.

— וואס האט איהר דא געטאן, שקצים? געקעהרט א וועלט, הא? — האט דער רבי געזאגט אנצינדענדיג דעם לאמפ. ער האט באטראכט דעם צושראקענעם עולם מיט חשד.

— נו, הויבט זשע אן: תנו רבנן...

— תנו רבנן — האבען די תלמידים גענומען זינגען.

— נאך איין מינוט ווען ער הענגט. — האט מאטקע מיט פארדרוס געטראכט.

# צוגעשמידט

## (פון א טאגע־בוך)

זי געהט מיר פון זינען ניט ארויס. שוין דעם צווייטען טאג אז איך טראכט אלץ וועגען איהר. פון אנפאנג האב איך גע־לאכט: א נייעס, אז א יונג מיידעל זאל אויף מיר מאכען אן איינדרוק! אבער איצט פיהל איך, אז דאס איז ערנסטער. איהרע גרויסע, רוהיגע, פאר'חלומ'טע אויגען, דאכט זיך, קוקען נאך אויף מיר; און מיר איז אומעדיג, דריקענד אומעדיג.

---

איך האב אנגעטראפען חיים זאק, מיינעם אן אלטען גוטען פריינד, און גענומען זיך נאכפרעגען אויף דעם מיידעל.

ער איז באלד פארזיכטיג געווארען און געזאגט ערנסט:

— שלאג זיך דאס ארויס פון קאפ. זי איז ניט פון די. זי איז אן עהרליכע, אן אנשטענדיגע.

— אך, איך מיין דאך ניט קיין שלעכטס. זי איז מיר גלאט געפעלען. קאנסט איהר גוט?

— יע, זי איז מיינע א ווייטע קרובה. דאס האב איך זי געבראכט צו די זאלקינדס.

— ווילסטו מיך אפשר באקענען מיט איהר?

— ארויסגעווארפען דיין ארבייט. ביזט צו אלט פאר איהר. זי איז אין גאנצען איין און צוואנציג יאהר.

— נו, און איך בין זעקס און צוואנציג.

— וואָ־אס?

— איך מיין זעקס און דרייסיג, — האב איך געזאגט לא־כענדיג.

— נו, נו, מוחל. דערצעהל איהר נאר ניט.

אין דעם מאמענט האט זיך מיר זעהר ניט געוואלט דער־

מאַנען אַן מיין פעקעל. איך וואָלט אוועקגעגעבען אַ האַלבען לע־כען, ווען איך זאָל קענען אַראָפּוואַרפען פון די פּלייצעס אַ פופ־צעהן יאָהר. ניין און דרייסיג יאָהר!... ניין און דרייסיג!... באַלד איז שוין אַלעם אַריבער. עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז ווי נאָר דער זייגער וועט יענעם אָוועגד אַ קלונג טאָן צוועלף, וועל איך פּלוצים זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אַלטיטשקען, גישטיגען מענשע־לע, אין אַ טאַטען פון אַ צוועלף־יאָהריגען זוהן, אין אַ באַווייבטען אידען...

---

שוין לאַנג אַזוי פרעהליך ניט געווען. איך האָב געשטיפט ווי אַ אינגעל. איהרע גרויסע אויגען האָבען כמעט די גאַנצע צייט אויף מיר געקוקט. איך האָב געזעהן, אַז זי שענקט מיר איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אפילו חיים האָט עס באַמערקט, ווייל ער האָט מיך אַ קניפּ געטאָן און געזאָגט:

— האָסט אַ טריפה'נעם מזל. זי עסט דיר דאָך מיט די אויגען!

— ביזט מקנא, דו אַלטער בחור, אהא! — האָב איך גע־זאָגט מיט גיפט.

— לאָז איהר צורוה, מאַטעל. אַ רחמנות.

— זיי ניט קיין צדיק אויף יענעם'ס חשבון.

— אָבער וואָס וועט זאָגען דיינע, אַז זי וועט זיך דער־וויסען, אַז דו נעמסט אַרומגעהן מיט אַ יונג מיידעל? באַטראַכט זיך נאָר, מיין גוטער פריינד.

קיין מאָל האָב איך אַזוי פיינט ניט געהאַט אַ מענשען, ווי חיים'ן אין דעם דאָזיגען מאָמענט; אימער קלייבט ער אויס די נליקליכסטע מינוטען דיך אָפּצוגיסען מיט אַן עמער קאַלטע וואַ־סער...

אָבער צום סוף האָט מיר דער מזל באַצאָהלט מיט אַ פולער האַנד. איך האָב זי באַגלייט אהיים. מיר דאַכט, אַז זי האָט געוואַרט בכיון חיים זאָל אַוועקגעהן. עס איז געווען גוט אָהן אַ ברעג: זי, אַ יונגינקע, אַ שעהנע, אַ צאַרטע איז געגאַנגען אַזוי צוטרוליך ביי מיין זייט, און רעדענדיג האָט זי מיר אַלע ווילע

מיך ארייננעקוקט אין די אויגען. די נאכט איז געווען אָנגע־נאָסען מיט ליבליכקייט און חן. עס איז געווען שטיל, נחת'דיג, און אין געדאנק איז פאר מיר ארויסגעשוואומען יענע צייט ווען איך בין נאָך אויך יונג געווען און אזוי שעהן גע'חלומ'ט.

פאר'ן געזעגענען, האָט זי מיך פלוצים א פרעג געטאָן:

— מיסטער שאפּירא, איז אייער זוהן עפּעס א שעהנער?

— הם... — האָב איך איבערראשט א פרעג געטאָן. — פון וואַנען ווייסט איהר, אז איך האָב א זוהן?

— מיסטער זאַק האָט עס מיר דערצעהלט.

„איינגעזונקען זאָל ווערען דער דאָזיגער מיסטער זאַק. וואו ער קען נאָר טוט ער מיר אויף צופּוקעניש". — אזוי האָב איך אין מיין געדאנק געטראכט וועגען מיין פריינד. אָבער צו דער מיידעל האָב איך געזאָגט מיט א זיסען שמייכעלע:

— מיין זוהן? צי ער איז א שעהנער? ער איז געראָטען אין טאטען.

— הייסט דאָך דאָס, אז ער איז א שעהנער... — האָט זי ארויסגערעדט און זיך צולאַכט.

מיט וואָס פאר א פארגעניגען איך וואָלט געקושט איהרע לויטערע, פינקעלדיגע אויגען!

---

הייסט דאָס, אז זי, מיין ווייב, איז פעסט ענטשלאָסען מיר צו שטערען אין אַלץ. זי האָט מיר דורך איהרע משרתים אָנ־געזאָגט, אז זי וועט פאר קיין פאַל קיין גט ניט נעהמען.

א מאָדנע. איך האָב דאָך איהר קלאָר און דייטליך געזאָגט, דאָס איך האָב זי ניט ליב און אז זי האָט מיר דערעסען צום טויט. אָבער איהר אַרט עס ניט. איין מאָל חתונה געהאט, דאַרף מען טראָגען דאָס פּעקעל ביז'ן קבר. איהר אַרט ניט וואָס און ווי אזוי אונזער לעבען איז געווען. עס הילכט מיר נאָך אין די אויערען איהר קוויטשיג דין קול'כעל, און איהר רויט, אויפגערעגט פּנים מיט די בלויע ליפּעלאָך שטעהט מיר פאר די אויגען.

דעם איינגעל האָב איך באמת ליב. ער איז מיר איינגע־באַקען אין הארצען. אז איך זעה איהם, ווערט מיר ליכטיגער

אין די אויגען. אבער איך קען דאך ניט באגראבען מיין לעבען צוליב איהם.

וואס פאר א גרויס גליק עס איז צו זיין פריי. זינט איך בין אליין אין מיין אייגענעם, איינזאמען צימער, פיהל איך ערשט, וואס דאס הייסט פריי אטעמען. א גאנצער בארג איז מיר פון די פלייצעס אראפגעפאלען. זאל דאס לעבען פליסען אט אזוי ביז׳ן סוף. מיר איז גוט. איך בין פריי. איך בין אליין.

---

נאך אלעמען איז חיים א לומפ. וואס איז איהם דא גע־גאנגען אין לעבען צו דערצעהלען דעם מיידעל אלעס, — און דערביי מיך ארויסשטעלען אין אזא שלעכטען ליכט. ער איז מיר מקנא, דער אלטער בחור.

— אך, וואס פאר א געפעהרליכער מענש איהר זייט עס, מיסטער שאפירא! מען דערצעהלט זיך דאך וועגען אייך אן שרעקליכע זאכען, — האט מיר דאס מיידעל געזאגט מיט א כיט־רען שמייכעלע, קוקענדיג שארף אין מיין געזיכט.

מיר האט א קלאפ געטאן אין הארצען, און מיט א געמאכ־טער גלייכגילטיגער מינע האב איך געזאגט:

— אזוי, אזוי, שרעקליכע זאכען האט מען אייך דערצעהלט וועגען מיר? ווער אן ערך האט עס אייך דערצעהלט?

— נו, קיין רכילות׳ניצע בין איך נים.

— הייסט עס, אז איך בין א גזלן!

— נו, דאס גראדע ניט. אבער אינטערעסאנט איז דאס פארט.

מיין שרעק איז געווען אן אומזיסטער. זי האט ניט ארויס־געצייגט ווענינער אינטערעס אין מיר. זי איז ניט קעלטער גע־ווארען. פארקעהרט, מיר האט זיך געדאכט, אז זי איז געווארען נאך מעהר צוגעלאזט, כאטש דאס איראנישע שמייכעלע איז ניט אראפ פון איהרע ליפען.

מיר איז געווען שווער אויפ׳ן הארצען. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז ווידער האט זיך אויפגעהויבען די בייזע, גרויי־

זאמע האנט איבער מיר און וועט מיר אראפּלאָזען א נייעם קלאפּ.

— ליזע, ווילט איהר מיך אויסהערען?

— מיט פארגעניגען, מיסטער שאפּירא.

— וועט איהר מיר גלויבען, וואס איך וועל אייך דער־צעהלען?

— מיר איז אלץ איינס, צי איהר וועט זאָגען דעם אמת אָדער ניט. אלענפאלס האב איך קיין גרונד ניט אייך ניט צו גלויבען.

אז איך האב איהר איבערגעגעבען די געשיכטע פון מיין קינדהייט און די ליידען וואס איך האב איבערגעטראָגען דורך די אלע יאָהרען, האט זי געוויינט מיט ביטערע טרעהרען.

— קענט איהר זיין מיין פריינד, ליזע?

— יאָ, מיסטער שאפּירא, — האט זי פארשעהמט ארויס־געדעדט.

גאָט מיינער! א ניי קאפּיטעל הויבט זיך אָן אין מיין לעבען...

---

אויף מיין טיש ליגט א צעטעלע. דאָס איז פון מיין פרוי. זי רופט מיך שנעלער אהיים: דאָס אינגעל איז קראנק, געפעהרליך קראנק.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אין הויז איז שטיל, טויט־שטיל. ראָזע ליגט אויפ'ן בעט א פּאר'חלש'טע. דער דאָקטאָר האט פארזאָגט ניט אראפּצולאָזען פון איהר אָן אויג. זי קען נאָך אָפּטאָן גאָט ווייס וואָס. עך, איהר אומגליק איז טאקע ניט משער צו זיין. דאָס אינגעל איז געווען איהר גאנץ לעבען, איהר איינציגע טרייסט. ווי קען מען גאָר איצט קלעהרען זי צו לאָזען אליין! דאָס וואָלט געווען ניט מענשליך, גרויזאם.

אומעטיג. א פּאָר טעג ווי עס גיסט א רעגען. אין גאס איז אזוי שמוציג און נאס...

# מיין גוי'אישקער חבר'ל

מיין ערשטער חבר איז געווען גרישקא, א שייגעצעל, אונזער שכנ'ס א קינד. מיר זיינען ביידע געווען אין איין עלטער; געבאָרען געוואָרען אין איין חודש. גאנצע טעג פלעגען מיר זיך שפּילען אויף דער לאַנקע פאַר אונזער הויז. צוזאַמען מיט די היהנער, קעלבלאך און ציעגען, פלעגען מיר מאַכען אלערליי קונצען, זיך קייקלען, ארומפּויזען און שלאַגען זיך. אויף די שוועלען פון די הייזער פלעגען זיצען אונזערע מאַמעס, פאַרטיפטע אין שטריקען א זאָק. גערעדט האָבען זיי צווישען זיך כמעט קיינמאָל ניט. זעלטען נאָר פלעגט אמאָל מיין מאַמע אָדער גרישקא'ס מאַמע אריבערשרייען א וואָרט אויף גוי'איש. מען פלעגט זיך ענטפערען און גאָר נישט; ווידער איז זיך יעדע פון זיי געווען פאַרטאָן אין דער זעלבער ארבייט — שטילע, פאַרטראַכטע, פרעמדע.

גערעדט האָבען מיר ביידע יעדער אויף א באַזונדער לשון: איך אויף אידיש און ער אויף גוי'איש, און מיר האָבען זיך גוט פאַרשטאַנען.

געהן צו איהם פלעג איך קיינמאָל ניט; דער טאַטע האָט עס מיר שטרענג פאַרבאָטען:

— מען וועט איהם נאָך אָנקאָרמענען, חלילה, מיט ווייס איך וואָס...

נאָר אז איך אָדער גרישקא פלעגען ווערען ניט געזונד און ניט קענען ארויסגעהן זיך שפּילען, פלעגען אונזערע מאַמעס קומען געוואָר ווערען. פאַרשטעהט זיך, אז מיר פלעגען מיטגעהן. זיי פלעגען זיך עפּעס איבעררעדען מיט פאַרזאָרגטע פּנים'ער, שטעהען א ווײַלע און אַוועקגהן.

ביי זיי אין הויז מיט די קליינינקע פענסטערלאך, אין דער האַלבער פינסטערניש, פלעגט אויף מיר אָנפאַלען אן אימה. מיט שרעק

פלעג איך קוקען אויף די שווארצע ווענט, אויף דער געטשקע מיט'ן לעמפעל אין ווינקעל... איך פלעג זיך פעסט אנהאלטען אן דער מאמע'ס קלייד, זיך צודריקען צו איהר שטארק און פלעג אויס־מיידען א קוק צו טאן אויף גרישקא'ן. איך פלעג פיהלען, אז דא איז ער גאר אן אנדערער — גאר ניט מיין חבר. איך פלעג נעהמען ציהען די מאמען פאר'ן קלייד, מיר זאלען וואס גיכער אוועקגעהן.

---

געווען איז גרישקא א מזיק; ער האט אלעם געקענט. ווי קונציג ער פלעגט עס נאכמאכען אלערליי חיות: ברומען ווי אן אקס, מעקען ווי א קעלבעל און קרעהען ווי א האהן. היינט זיין שטעהען אויפ'ן קאפ — ווער האט נאך געקענט, אזוי ווי ער, שטעהן מיט'ן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף? אודאי א שעה שטעהן און זיך ניט א ריהר טאן, זיך ניט א טרייסעל טאן, אזוי ווי א פארפרוירענער. איך האב איהם אזוי מקנא געווען איך האב זיך דאס פאר קיין פאל ניט געקענט אויסלערנען, וויפיל איך האב זיך ניט צומאטערט האט ניט געהאלפען. אט שטעל איך שוין אוועק דעם קאפ אויפ'ן גראז, שפאר זיך אן מיט די הענד, הויב אויף א פוס און גיב א הויב די אנדערע — פאל איך גלייך אנידער. ער פלעגט פון מיר לאכען, און איך פלעג שטילינקערהייט שלינגען די טרערען. דערפאר פלעג איך זיך מיט איהם אפרעכענען אויף מיין שטייגער, פלעג זיך אן איהם נוקם זיין ווי נאר איך האב געקענט. איך הייס איהם, למשל:

— גרישקא, זאג „וחלקלקות".

— לאסאלק . . .

— נייין: „וחלקלקות".

— וואקלאס . . .

— קאנסט ניט... כיזט א פויערשע קאפ...

ער נעהמט זיך קראצען די פלאקסענע האר זיינע, בלאזט אן די ליפען און קרימט זיך צום וויינען. צום סוף פאהרען מיר זיך ביידע אריין אין די פנים'ער, צוגראבלען זיך און לויפען צו די מאמעס זיך באקלאגען. אבער אין פינף מינוטען שפעטער שפילען מיר זיך שוין ווייטער. מיר ליגען מיט די פנים'ער ארויף, קוקען אויס־

הימעל ווי די שטיקלאך ווייסע צופליקטע וואלקענס, ווי שטיקער וואטע, טראגען זיך ערגעץ שטיל, פאמעלאך; און דארט העכער איז אזוי בלאה, אזוי הויך... ווייט, ווייט... דארט זיצט גאט מיט די מלאכים, דארט איז אזוי גוט, אזוי ליכטיג...

איך קוק אויף גרישקא'ן און האב אויף איהם רחמנות: איך ווייס, אז ער האט ניט קיין נשמה נאר א רוח, עפעס אזא זאך, וואס איז גאר נישט, עס האט גאר קיין ווערדע ניט. ער איז אזוי ווי דאס קעלבעל אדער ווי דער קוזיקעל זייערער. אויף יענער וועלט וועט מען איהם קאכען אין א קעסעל מיט פעך; ער וועט אלע מאל זיין אין גיהנום. קיינמאל וועט מען איהם ניט אפלאזען, אפילו שבת אויך ניט. היינט פון די אלע גוטע געריכטען וועט מען איהם אפילו קיין פיצעלע ניט געבען; קיין ברעקעל פון לויתן, פון שור־הבר, פון די אלע גוטע זאכען, וואס מיר וועלען עסען, און איך באשלים ביי זיך, אז איך וועל פאר איהם אראפ'גנב'ענען, שטילינקערהייט וועל איך נעהמען און באהאלטען אין קעשענע א שטיקעל קוגעל, איך וועל עס איהם ברייננגען און זאגען: „גרישא, נא, אט האסטו, זעהסט, כאטש דו שלאגסט מיך, גראבעלסט מיך, פונדעסטוועגען האב איך אויף דיר רחמנות.

— האסט האלט קוגעל? — גיב איך איהם א פרעג.

— ניע (ניין) — ענטפערט ער קרימענדיג דעם קורצען נאז.

ער איז א פארפאלענער: ער האט פיינט כשר עסען, זיינע טריפה חזיר געפעלט איהם בעסער... א שטיקעלע גליק נאך וואס קיכעל און מצה עסט ער, דאס געפעלט איהם. מיט גרוים אפעטיט בראמשקעט ער די מצה, וואס איך טראג איהם ארויס, וועז קיינער זעהט ניט. קוגעל וויל ער אין מויל ניט נעהמען. נאר וואס איז ער שולדיג? איך ווייס דאך, אז דאס איז דערפאר, ווייל ער האט ניט קיין נשמה...

---

צוויי טעג אין וואך רייסט זיך איבער אונזער פריינדשאפט: שבת און זונטאג שפילען מיר זיך ניט צוזאמען; יעדער פון אונז לעבט זיך באזונדער, איז פארטאן גאר אין אנדערע זאכען, אזוי אז מיר פארגעסען זיך אין גאנצען, אז מיר זייגען חברים.

פרייטאָג פאַרנאַכט רופט מען מיך אריין אין שטוב, מען צוואָגט מיך, מען וואשט מיך, מען טוט מיר אָן נייע שבת'דיגע בגדים.

מיר געהן אין שוהל דאווגען. פרעהלאך ברענען די ליכט ביים עמוד; שיינענדיג זיינען אלע אידען, גוטע צוגעלאָזטע. דאָ האָב איך אנדערע חברים. אָן גרישקאָ'ן פאַרגעס איך זיך, ער ליגט מיר גאָר אין זינען ניט.

שטיל, רוהיג פאלט צו דער שבת אין שטעדטעל. מיר דאכט זיך, אז איך זעה ווי פון דער הויך לאָזט זיך אראָפּ צוזאמען מיט דער אָנקומענדער פינסטערניש, די הייליגקייט פון שבת. עס נידערט אראָפּ, וויקעלט ארום די גאס, דעם קיילעכדיגען מארק, די לאנגע וועג, וואָס ציהט זיך ווייט בארג ארויף — דער שבת צוגיסט זיך אויף אלעם ארום.

איינזאם שטעהען די גוי'אישע הייזער. אומעדיגע, פאַר־טראַכטע, פינסטערע קוקען זיי אין שבת אריין. אומעדיג קוקט אויך גרישקאָ'ס הויז; דער ברייטער, קיילעכדיגער הויף איז אָנגעגאָסען מיט וואָכעדיגקייטפּ, מיט פרעמדקייט... דאָס נידעריגע הויז מיט די קליינע פינסטערע שויבען קוקען אויף מיר בייז און פרעמד...

און אז עס מאכט זיך, אז מיר דערזעהען איינער דעם אנדערען, מאַך איך ווי מיר וואָלטען זיך ניט געקענט און דרעה אוועק דעם קאָפּ. ער איז מיר א פרעמדער; ער טוט אלץ אזעלכע זאכען, וואָס מען טאָר ניט טאָן אום שבת. ער יאָגט זיך ארום מיט די היהנער, וואַרפט שטיינער, טרייבט ארום דאָס קעלבעל, פאָהרט רייטענדיג אויפ'ן בייזען, קודלעוואַטען הונט. איך זעה דאָס אלץ, נאָר מיך אַרט ניט, מיר ווילט זיך מיט איהם ניט שפּילען.

---

זונטאָג כאַפּ איך זיך אויף פריה. מיך וועקט אויף דער שווערער גלאָקען־קלאַנג פון קלויסטער. מיר ווערט אומעדיג אויפ'ן הארצען: אוים שבת, א וואָך, א לאנגע, א טרוקענע וואָך איז אָנגעקומען...

איך קען ניט איינליגען אין בעט. מיך ציהט אין גאס ארויס. דאָרט איז איצט פרעהלאך, לעבעדיג. דער מארק איז אָנגעפילט מיט פויערשע פוהרלאך. די פערד זיינען אויסגעשפאנט; די האָלאָבלעס זיינען אויפגעשטעלט אין דער הויך צום הימעל; צווישען די האָלאָבלעס שטעהען די פערד מיט די פנים'ער צום וואָגען; ביי די פערד אויף די קעפ זיינען אָנגעטאָן זעק מיט האָבער, זיי קייען, דרעהען מיט די עקען, שאָקלען מיט די לאנגע אויערען. קענטיג, אז זיי האָבען גרויס הנאה.

און דער גלאָק הער'ט ניט אויף צו ברומען. דער קלאנג צו־טראָגט זיך ווייט און ברייט; עס רייסט זיך אריין אין יעדער ווינקעלע, פילט אָן די לופט, טראָגט זיך איבער די דעכער, דרינגט אפילו צו אונז אין שטוב אריין... עס ווערט עפּעס מאָדנע, עס איז אנדערש ווי אַלע טאָג: עס איז פרעהליכער, לעבעדיגער, ליכטיגער. נאָר איך פיהל, אז דאָס איז ניט אונזערס, אז דאָס איז פרעמדס. און מען טאָר דאָס ניט הערען.

די לופט איז אָנגעפילט מיט געלעכטער און געשריי. חברות־ווייז טראָגען זיך די שקצים און שיקסעס. זיי זיינען אויסגעפוצט יום־טוב'דיג. די מיידלאך טראָגען ברייטע קליי־דער און קאָלירטע טיכער. די בחורים אין קורצע רעקלאך, שטי־וועל מיט לאנגע כאַליאַוועס, און היטלען מיט גלאנציגע קאזירקעס. דאָס געהט מען אין תיפלה דאווענען. זיי טראָגען אונטער'ן ארעם זייערע טריף־פסול'ס מיט גאָלדענע ברעגלאך, זיי זיינען פרעהליך, לוסטיג.

איך דערזעה גרישקא'ן. ער שטעהט אין מיטען הויף און אויסגעפוצטער; די ווייסע, פלאָקסענע האָר גלאַט פארקאַמט; א נייע ווייסע העמדעל אריבערגעלאָזט איבער די הייזלאך, און נייע שעהנע שטיוועלאך טראָגט ער. מיר קוקען זיך אָן. מיט גדלות דרעהט ער זיך פון מיר אוועק, אזוי ווי ער קען מיך ניט. איך פרואוו איהם ווייזען א שעהנע צאַצקע, ווינק צו איהם. ער זאָל צו מיר צוגעהן. ער וויל אָבער ניט.

מיר ווערט אומעדיג. עס איז ניטאָ וואו אהינ־צוטאָן זיך. איך פלאָנטער זיך אונטער די פיס; יעדער טרייבט

מיר אוועק; מען בייזערט זיך אויף מיר. איך געה ארוים אויף דער לאַנקע. דאָ איז שטיל און פוסט, נאָר אונזער ציעג פיטערט זיך. זי רייסט, קיים די זאפטיגע גראָז און קוקט זיך אויף מיר ניט אום. איך קלייב צונויף ארום זיך אַלערליי שפּילעכלאך, שטיינדעלאך און העלצעלאך, מאך מיר פון זיי א שטיבעלע, א טורעם, א בארג. עס איז אָבער אומעדיג. עפּעס אליין שפּילט זיך ניט און איך בענק נאָך גרישקאַ'ן. ער איז אָבער היינט ניט מיין חבר. מיט זיין מאמען געהט ער אהין, אין תיפלה. ער וועט זאָגען די פּאַטשערעס, וועט שטעהען אויף די קניע און זיך צלמ'ען.

און מאָרגנע: אז איך קוק זיך ארום, זעה איך, אז זיין הויז, דער הויף, דער גאָרטען — אלץ איז היינט אנדערש ווי אלע טאָג. עפּעס שמייכעלט עס, שיינט עס גאָר ווי ניי, ווי אָקאָרשט געבאָדענע... און אונזער הויז איז אָפּגעלאָזען, אָרים, אָהן א גאָרטען, אָהן א צוים... אַן אומעדיגע שטעהט זי, אונזער הויז, אזוי ווי א פאַרשעהמטע...

און מיר ווילט זיך אזוי, אז דער זונטאג זאָל שוין אוועק, עס זאָל ווערען ווי אלע טאָג.

דער גלאָקען־קלאנג טראָגט זיך אין דער לופט... איך פאַרשטאָפּ זיך די אויערען נאָר איך הער פאָרט...

און איך בין גרישקאַ'ן מקנא...

# א בריף.

מיין טייערער פריינט!

און דאָס, וואָס דו שרייבסט, אז ווייל איך ענטפער דיר ניט, איז א סימן אז מיר איז גוט און אז דערפאר האָב איך אָן דער גאַנצער וועלט פארגעסען, מוז איך דיר זאָגען, אז דו ביזט ניט גערעכט, גאָרניט גערעכט געגען מיר. אָך, ווען איך וואָלט אין דער אמת'ען גליקליך געווען, וואָלט איך דען דיך, מיין בעסטען פריינט אויף דער גאַנצער וועלט, געקענט פארגעסען? דער אמת איז, אז איך בין ווייט, גאַנץ ווייט פון אמת'ען גליק. וויפיל מאָל האָב איך זיך גענומען פאר דער פעדער, אין שווערע מינוטען פון אומעט און צווייפעל, דיר צו שרייבען. נאָר איך האָב זיך יעדעס מאָל באטראַכט: איך וועל דיר פארשאַפען יסורים; דו וועסט אפשר איבערטראַכטען מעהר, ווי די זאַך איז, און איך האָב קיין מוט ניט געהאַט דאָס צו טאָן. אָבער מעהר קען איך שוין נים. איך מוז זיך מיט דיר דורכריידען — אפשר וועט מיר באָטש אביסעל לייכטער ווערען. און דו וועסט מיר מוזען ענט־שולדיגען פאר די ליידען און זאָרג, וואָס איך פארשאַף דיר. ווער דען וועט מיר מיטפיהלען און פארשטעהן אזוי גוט ווי דו?

גאָט מיינער! פאר וואָס איז דאָס גליק איז אונזער לעבען אזוי קורץ, אָזוי ווייניג, און דער טרויער, דאָס שווערע — אזוי לאַנג, אזוי אונענדליך לאַנג? איך טראַכט אַלץ וועגען יענער גליקליכער צייט, וואָס האָט מיין לעבען אזוי שעהן, אזוי רייך געמאַכט. איך מיין די ערשטע צייט פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט באָרים'ען. וויפיל האָפנונגען, וויפיל שעהנע, גליקליכע חלומות האָבען דאַן באצירט מיין לעבען? ניט וועגען רייכטום, ניט וועגען לוקסוס האָב איך געטרוימט — דאָס ווייסטו גאַנץ גוט, — נאָר וועגען ליבע און פריינדשאַפט. איך האָב געהאַט באַשלאָסען ביי

זיך, אז דער וואָס וועט זיין מיין לעבענס־חבר, וועט מיט מיר זיך מוזען צוזאמענגיסען אין איין נשמה, אין איין האַרמאָנישען וועזען. דו פלעגסט לאַכען פון מיינע פאַנטאַזיעס. איך געדענק אָט ווי איצט דיינע ווערטער: ניטאָ קיין איינער קיין רעכטער צווישען זיי. מ׳טאָר זיי ניט גלויבען פון דאַנען אהין. איך פלעג זיך פאַרשטעלען די אויערען, פלעג זיך בייזערען אויף דיר פאַר די צו שאַרפע אויסדריקע. צום סוף זעה איך, אז דו ביזט געווען גערעכט. איך בין אויך געקומען צו דער ביטערער איבער־ציינגונג, אז ס׳איז ניטאָ קיין טריַיהייט, ניטאָ קיין אמת׳ע ליבע. דאָס האָבען נאָר שלעכטע מענשען אויסגעטראַכט און אונשולדיגע נאַראָנים גלייבען אין דעם.

יע, איך דערמאָן זיך אָן דער ערשטער צייט פון מיין באַ־קאַנטשאַפט מיט באָריס׳ען. עפּעס איז מיט אמאָל מיר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען; אזוי פיל טריַיהייט, אזוי פיל ליבע האָט מיך דאַן אַרומגערינגעלט, אז מיר האָט זיך געדאַכט, ווי די זון וואָלט פאַר מיר ליכטיגער גענומען שיינען, ווי אַלץ ארום וואָלט צו מיר געשמייכעלט און גליק געוואונשען. איך האָב מיינע געפיהלען ניט געטאָרט אַרויסוויַיזען, איך האָב געדאַרפט זיין פאַר־זיכטיג און צוריקגעהאַלטען, — ווי א מיידעל דאַרף זיך האַלטען. א מיידעל טאָר זיך דאָך ניט האַלטען צו פריי. איך האָב זיך צו איהם פאַרהאַלטען קאַלט, איהם כלומרשט אויסגעמידען. איז וואָס דער מענש האָט עס צוליטען, וואָס ער האָט עס צואַרבייט, כדי מיין אויפמערקזאַמקייט צוצוציהען! ער פלעגט אַרומגעהן א בלאַסער, א צוטראָגענער, פלעגט מיר מיט שרעק, מיט ציטער־ניש אין די אויגען אריינקוקען; ווי א שאָטען איז ער מיר דאָך נאָכגעגאַנגען, און ווי מורא ער האָט געהאַט, ער זאָל מיך נאָר ניט באַליידיגען, חלילה גראָב ניט אָנטרעטען. אין יענער צייט, אז איך פלעג טראַכטען וועגען דיר, וועגען דיינע מיינונגען איבער מענער, מוז איך זיך מודה זיין, אז איך פלעג ביי זיך אין האַרצען לאַכען: אָט זעה איך דאָך מיט מיינע אייגענע אויגען, ווי דער מענש אָטעמט נאָר מיט מיר, לעבט נאָר מיט מיר, איז באַרייט צו ערפילען מיין יעדען פאַרלאַנג, ווי שווער עס זאָל ניט זיין; איז אפילו באַרייט אין פייער צו שפרינגען, ווען איך זאָל עס נאָר

פאָדערען. אָט דער באוואוסטזיין, אז דער שעהנער, געראָמטע־נער באָרים איז מיר איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען, האָט מיין וועזען אָנגעפילט מיט אזוי פיל גליק, מיט אזוי פיל נחת, אז מיר האָט זיך געדאכט, איך בין פּלוצלונג אריבערגעטראָגען געוואָרען אין אַן אנדער וועלט — אין א גן־עדן.

איך געדענק יעדע מינוט, וואָס מיר פלעגען פארברענגען צוזאמען. מיר פלעגען זיך דאָך אויף א מינוט ניט קענען שיידען; מיר האָבען ארומגעשפּאצירט ביינאנד אין די פּארוואָרפּענסטע ווינקעלאָך פון שטאָדט, ווייט פון א מענשליך אויג, אלץ גע־האַלטען זיך אָן א זייט, אויסגעמידען באקאנטע. ביז טאָג פלעגען מיר אזוי ארומוואנדערען אין די גאסען און רעדען, רעדען אָהן א ברעג. אָפטמאָל פרעג איך זיך: פון וואנען האָט זיך עס גענומען צו מיר אזוי פיל רייד. דו ווייסט דאָך, אז פון נאטור בין איך א שטילע, א שווייגעדיגע, אז זעלטען ווען אייך פלעגט זיך איינגעבען מיך ארייננצוציהען אין א געשפּרעך. איהר פלעגט פון מיר לאַכען, מיך אָנרופען שטומע קעלבעל, און דאָ מיט אמאָל האָט זיך עס ווי א קוואַל געעפענט, און ווערטער הייסע, פייער־דיגע האָבען זיך פון הארצען געגאָסען. נאָר וואָס רעד איך וועגען זיך? איך האָב אפילו קיין צעהנט־חלק ניט גערעדט וויפיל ער.

דו קענסט דאָך איהם, וואָס פאר א פייער, וואָס פאר א ברען דאָס איז. היינט אז ער איז נאָך געוועזען פארליבט, פאר־קאָכט אין מיר ביז משוגעת, קענסטו זיך שוין פאָרשטעלען וואָס ער פלעגט צורעדען. אז ער פלעגט אָנהויבען שיטען מיט ווער־טער, פלעג איך זיך אזש פארלירען, פלעג איך ציטערען מיט'ן גאנצען קערפּער. עפּעס אזוי ווי א הייסער שטראָם וואָלט איבער מיר געפלאָסען. דער אָטעם פלעגט מיר אזש פארכאפּען. און ער — אָהן א ברעג, אָהן א סוף, רעדט, שטורעמט און קאָכט זיך. און די אויגען זיינע, די שווארצע, גרויסע אויגען זיינע, שיטען מיט פונקען פייער, גליהען ווי צוויי קוילען. ניט אלע מאָל האָב איך אפילו פארשטאנען וואָס ער רעדט, אָפט גאָר ניט געהערט וואָס ער זאָגט. איך בין געוועזען פארטאָן אין אנדערע זאכען, געטראכט וועגען אונזער צוקינפטיגען צוזאמענלעבען (כאָטש איך

האָב איהם נאָך קיין ענטפער ניט געהאַט געגעבען), פלעג זיך מאָלען אין דער פאַנטאַזיע בילדער, איינע שעהנער פון דער אַנדערער; און די ווערטער זיינע, די שטימע זיינע פלעגט מיר קלינגען ווי מוזיק, ווי שעהנע געטליכע טענער, וואָס לאַשטעט, נעמען מיך איין און פאַרוויגען מיך, ווי אַ קינד. קיינמאָל פלעגט זיך עס ניט אויסנעהמען. שטענדיג איז דאָס וויכטיגסטע, דער עיקר געבליבען אויף שפּעטער. שוין שטעהענדיג ביים שוועל פון אונזער הויז, אַז דער הימעל פלעגט בלאָס ווערען און ווייט אויפ'ן ברעג אין מזרח־זייט פלעגט זיך באַווייזען דער רויטער שיין פון דער אויפגעהענדער זון, האָבען מיר נאָך אַלץ ניט געקענט זיך שיידען, האָט מען נאָך אַלץ געדאַרפט פאַרענדיגען. קיים מיט צרות פלעג איך זיך פון איהם ארויסרייסען, און אַ גליקליכע, אַן אויפגערעגטע, פלעג איך פאַרזינקען אין אַ זיסען שלאָף, און אין טרוים אפילו פלעג איך דאָך הערען זיין שטימע...

געהאָפט האָב איך, אַז צווישען אונז וועלען קיין סודות, קיין פאַרבאָרגענע זאַכען ניט זיין, אַז אַלץ וואָס עס וועט ליגען אויף דער נשמה, וועט ווערען אָפען און קלאָר ארויסגעזאָגט, ווי ביטער דער אמת זאָל ניט זיין. איך האָב דאָס איהם אמאָל געזאָגט. איך געדענק עס קלאָר, אָט ווי איצט וואָלט עס געוועז.

— הערט, אויב מיר וועלען שוין יע בויען אונזער לעבען צוזאַמען, וויל איך נאָר איין זאַך: אַז מיר זאָלען זיין אויפריכטיג איינער צום צווייטען; אַז קיין פאַרבאָרגענע זאַכען זאָלען ניט זיין. דאָס איז מיין ערשטע און וויכטיגסטע פאָדערונג.

— איך שווער אייך, אַז קיין זאַך וועל איך פון אייך ניט פאַרבאָרגען. מיט אַלץ, אפילו מיט די חלומות מיינע, וועל איך זיך טיילען מיט אייך! — האָט ער היים אויסגעשריען.

און אַז איהר וועט מיך אפילו אויפהערען ליב האָבען, וועט איהר מיר אויך זאָגען?

— איך וועל גיכער אויפהערען צו לעבען, איידער אויפהערען אייך צו ליבען.

איך האָב אַ שמייכעל געטאָן און געזאָגט:

— איך זעה, אַז איהר ווילט זיך ארויסדרעהען פון דעם

פארשפּרעכען. ענטפערט מיר: וועט איהר מיר זאָגען, ווען איהר וועט מיך אויפהערען ליבען?

ער האָט פאר קיין פאל ניט געוואָלט ענטפערען. ער האָט געשריען און געליארעמט. און אין הארצען האָב איך אָנגעקוואָלען דערפון, וואָס ער קען זיך גאר אזא זאך אפילו ניט פאָרשטעלען. אָבער איך האָב איהם ניט אָפּגעלאָזט, איהם אזוי לאנג געמאטערט מיט מיין פראגע, ביז טרעהרען האָבען זיך איהם אין די אויגען געשטעלט. יענעם אָוועגט האָב איך איהם צום ערשטען מאָל ערלויבט מיר א קוש צו טאָן. דאָס איז געווען דער ערשטער קוש פון א פרעמדען מענשען...

און איצט — אין איין יאָהר ארום נאָך אונזער ערקלעהרונג אין ליבע, — שטעלט זיך עס מיר אַלץ פאָר אלס א נארישער, קינדערשער חלום. איך זעה דאָס אַלץ צוטראָטען מיט די פיס. פארשוואונדען איז דער גלויבען, פארשוואונדען און באגראָבען איז די ריינע, אומשולדיגע יוגענד. אויף דעם אָרט איז א ים מיט טרעהרען...

שטעל זיך פאָר, אז מיר רעדען איצט זעלטען אויס א וואָרט. שטענדיג שטומע, יעדערער אין זיין באזונדער ווינקעל, זיצען מיר. אויסגעשעפּט געוואָרען איז דער קוואל פון רייד, און צוזאמען מיט דעם — די ריינע, אמת'ע ליבע. אָפּטמאָל שטעה איך צו צו איהם, ער זאָל מיר ערקלעהרען, וואָס איז מיט איהם; ליבט ער מיך ניט, טאָ זאָל ער זאָגען. שווערט ער זיך אָבער, אז ער איז מיר אזוי איבערגעבען, אזוי טריי, ווי געווען.

— טאָ פארוואָס שווייגסטו שטענדיג? פארוואָס רעדסטו מיט מיר קיינמאָל ניט אויס קיין וואָרט?

— וועגען וואָס זאָלען מיר רעדען? אדרבא, הויב דו אָן און מיר וועלען רעדען.

— אָבער פארוואָס האָסטו אמאָל יע געהאַט וואָס צו רעדען, נאָר איצט שווייגסטו?

ער ענטפערט מיר ניט, נאָר ער שמייכעלט אומעטיג. אין די אויגען זיינע לעז איך, אז עס איז איהם שווער, אז ער בייגקט נאָך עפּעס, אז איהם ציהט ערגעץ. און דאָס שרעקט מיך אזוי שטארק. אָט זעה איך דאָך, אז ווען עס קומען באקאנטע, ווערט

ער א לעבעדיגער — לאכט און שפּאַסט און איז צוריק דער אַמאָ־
ליגער באָרים, דער קלוגער, פרעהליכער באָרים. מיט טיפען
טרויער מוז איך אָבער זיך מודה זיין, אז דאָס איז ער ניט פאר
מיר; ניט פון מיינעטוועגען איז ער לעבעדיגער געוואָרען, נאָר
פאַר פרעמדע, פאר ווילד־פרעמדע מענשען. איך מוז זיך מודה
זיין, אז איך קריג איהם פיינט אין אַזעלכע מאָמענטען; מיר
דאכט זיך, אז דאָס וויל ער זיך אויספּיינגען, אז זיין קרימען זיך
און זיין קאָקעטירען איז פאלש.

און ווי צופרידען ער איז, אז איהם גיט זיך איין אוועקצו־
געהן פון הויז, — עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך פון א טורמע
באפרייט. איהם ארט גאָר ניט וואָס ער לאָזט מיך איבער אליין
אויף גאַנצע אָווענטען, און ער ווייס דאָך, אז דאָס איז מיר שווער,
אז מיר איז אומעטיג און אז איך וויין. אָבער וואָס ארט עס
איהם; אבי איהם איז פרעהליך. איך האָב זיך פאר קיין פאל
ניט פאָרגעשטעלט, אז ער איז אזא עגאָאיסט...

אָך, אָט די דריקענדע שטילקייט. דאָס מאכט מיך אַזוי
אומגליקליך, אזוי עלענד און איבעריג אויף דער וועלט. אָפּטמאָל
דאכט זיך מיר, אז ווען ער וואָלט כאָטש שרייען, זיך בייזערען,
וואָלט מיר גרינגער געוואָרען. א קלאַפּ וואָלט מיר אזוי ניט וועה
געטאָן, ווי זיין שטענדיגע קאַלטקייט, זיין אונערטרעגליכער שטיל־
שווייגען...

יע, מיין טייערע, אָט דאָס איז מיין לעבען, אָט אזוי האָבען
זיך עס געענדיגט אלע האָפנונגען, אלע חלומות מיינע. מיך
רינגעלט ארום א פוסטער טויטער לעבען. איך פיהל וואָס פון
טאָג, אז דער מענש אין מיר, דער לעבעדיגער, דענקענדער מענש
ש, ארבט אָפּ און זינקט וואָס וויימער אלץ נידעריגער, טיפער...
איך בין שטענדיג בייז, שטענדיג אויפגערעגט, מיט רויטע, פאר־
וויינטע אויגען. איך עקעל זיך שוין באַלד אליין א קוק צו טאָן
אויף זיך אין שפּיגעל.

ווען איך וואָלט דיך האָבען נעבען זיך, ווי גוט מיר וואָלט
געווען! ווי איך וואָלט עס איצט צו דיין ברוסט צוגעפאַלען און
אויסגעוויינט מיינע וועהטאָגען, מיינע יסורים! פאר וואָס האָט

דאָס הארטע מזל אונז אזוי צושיידט? איך בין דאָך אזוי עלענד אויף דער גאַנצער וועלט.

ענטשולדיג, מיין טייערע, פאַר אָט דעם פעקעל צרות. איך פאַרשטעה, אז דיר איז דאָרט, אין דעם ווייטען, פרעמדען לאַנד, אָהן דעם אויך גענוג שווער. איך וויים, אז איך טו אַן אומרעכט, אָבער איך קען שוין מעהר ניט.

זיי געזונט און גליקליך — גליקליכער ווי דיין אָרימע

ס אָ נ י ע.

# דער טיקעט־אַגענט.

„מיר האָבען די עהרע אייך צו מעלדען, אז איהר זיינט אָנ־גענומען געוואָרען פון דער קאָמפּאַניע, און איהר זיינט אויפגע־פאָדערט צו קומען אויף אייער פּאָסטען מאָרגען, זיבען אוהר אין דער פריה".

אזוי האָט זיך געלייענט דער בריף, וואָס איך האָב ערהאַלטען א געוויסען פריהמאָרגען.

איך האָב זיך שטארק דערפרעהט. פיר מאָנאטען בין איך ארומגעגאנגען אָהן ארבייט. איך האָב זיך שוין געהאט מיאש געווען אין גאנצען; האָב זיך אליין באשולדיגט, אז אזא שלימזל איז נאָך אויף דער וועלט ניטאָ, אז איך טויג צו קיין זאַך ניט, און פּלוצים אזא בשורה — „איהר זיינט אָנגענומען!". מיר האָט זיך געדאכט, אז די זון האָט ליכטיגער גענומען שיינען.

איך האָב געפיהלט א דראנג אריינצולויפען צו דער מיסעס און אָנזאָגען איהר די שמחה. נאָר איך האָב זיך באטראכט: זאָל זיין דערוויייל, ביז איך וועל ברענגען די ערשטע מזומנים. דאן וועל איך דאס אריינקומען מיט דעם נייעם בלישטשענדען מונדיר און מיט די געלט אין האנט!... זי וועט קריגען גאָר אַן אַנדער דרך־ארץ פאַר מיר. שוין א יאָהר צוואנציג אין אמעריקא, די אַלטע, און איצט נאָך, אז זי דערזעהט א „גאָראָדאָוואָי", ווערט איהר קאַלט אין אַלע גלידער. און עס קען זיין, אז אויך זי, ראָזי...

* * *

די נייע שטעלע איז געווען ווי אָנגעמאָסטען, ווי באשאפען פון ששת ימי בראשית נאָר פאַר מיר. צוועלף שטונדען אין טאָג זיין אליין איינגעשפּארט אין א קליין קאַמערעל, איינער אליין, און די גאנצע ארבייט באשטעהט אין געבען פּארבייגעהער דורך

אַ קליין פענסטערעל אַזוינע טיקעטלאַך. פיר חדשים אַרומגע־גאַנגען איבער די גאַסען, זיך געריבען צווישען אַ געדיכטען עולם אין אייביגען געפּילדער און הוזשעריי, און מיט אַמאָל פאַל איך אַריין אין אַזאַ נחת׳דיגער איינזאַמקייט! ווי איך האָב דאָס גע־בייענקט נאָך איינזאַמקייט! און דאָ גאָר אומגעריכט בין איך מיר אַ גראַף געוואָרען, אָפּגעצאַמט פאַר זיך אין אַ ווינקעלע. צוועלף שטונדען אין טאָג פיהל איך זיך אַליין, גאַנץ אַליין.

* * *

איך בין אַליין, אָבער שטיל איז דאָך ניט. צוועלף שטונדען אין טאָג רינגעלט מיך אַרום אַ קלאַפּעריי פון מענשליכע טריט; אַ וועלט אַ גאַנצע מיט מענשליכע טריט. מען געהט אַהן אַן אויפהער. אָפט דאַכט זיך מיר, אַז איך הער די טריט פון אַ פאַרביי־מאַרשירענדען חיל. פאָלקען, מחנות גאַנצע געהען זיי, איינגעשלאָסען איינע אין די אַנדערע, יאָגען זיי זיך ערגעץ־וואו, שטומשווייגענד. מיך אַרט עס ניט; איך זיץ זיך מיר אין מיין איינזאַמען שלאָס ווי אַ ריטער אין זיין פעסטונג. קיינער זעהט מיך ניט, קיינער הערט מיך ניט.

די אַרבייט מיינע איז אַ לייכטע; אַ שפּאַס, ניט קיין אַר־בייט. איך שטעה אָדער איך זיץ ביי אַ קליין קיילעכדיג פענס־טערעל, האַלט נעבען זיך אַ גאַנצען פּאַק מיט טיקעטלאַך און מיין אַרבייט איז, אַז שטענדיג זאָל ליגען אויפ׳ן ברעטעל, וואָס איז אָנגעשלאָגען פון יענער זייט פענסטערעל, אַ טיקעט. ווי באַלד איך זעה נאָר, אַז דער טיקעט איז פאַרשוואונדען, מוז איך אַוועקלעגען אַ צווייטען. ווי נאָר איך לעג איהם אַוועק, ווערט ער ניט, און איך דאַרף לעגען אַ צווייטען.

די ערשטע צייט איז מיר די דאָזיגע אַרבייט אויסגעקומען ניט אַזוי לייכט. די פינגער מיינע פלעגען זיך ניט בייגען אַזוי שנעל; עס פלעגט זיך מאַכען, אַז עפּעס פלעגט זיך פאַרטשעפּען און עס פלעגט אַ קליין ווייל׳ע, טאַקע נאָר אַ מאָמענט, זיך פאַר־האַלטען. דאַן פלעגען די טריט אַנשווייגען ווערען. מיר פלעגט זיך אויסווייזען, אַז איך זעה די פאַרקרימטע פאַר כעס פּנים׳ער אויף יענער זייט ווענטעל, אַז אָט אָט ברעכט אויס אַ שטורם פון צאָרן־געשריי. איך פלעג אַ פאַרציטערטער ווערען. נאָר

באלד פלעגט זיך די ארבייט אוועקגעהן איהר וועג: די טריט פלעגען זיך ווידער הערען אהן אן אויפהער, אהן א ברעג. וואס ווייטער בין איך אלץ מעהר צוגעוואוינט געווארען. איך בין אריין אין מיין ראליע. די הענט מיינע האבען זיך אויסגעארבייט — פלינק, בויגזאם האבען זיי געכאפט א טיקעטעל, גענעבען א לייכטען שטופ און עס איז שוין געלעגען אויף זיין באשטימטען פלאץ.

געפיהלט האב איך זיך גאנץ געמיטליך, רוהיג, שטענדיג ווי אין א לייכטען דרעמעל. דאס איז געקומען פון דעם, וואס צו מיר פלעגט אריינקומען ווענינ ליכט. אויבען ערגעץ איז געווען א קליין פענסטערעל, א פארזשאווערטס, א מיט שטויב און שפינוועבס באדעקטע פענסטערעל. דאס איז געווען מיין איינציגער ליכט-פארזארגער. און ווי ס'זאל ניט זיין ליכטיג אויפ'ן גאס, ווי בלענדענד, גלאנצענד די זון זאל ניט שיינען, ביי מיר אין צימערעל איז אלע מאל געווען איינע און די זעלבע האלבע דונקעלהייט, ווי אין א רעגענדיגען טרויעריגען הערבסט-טאג. אט די דונקעלהייט האט מיך שטענדיג געהאלטען אין א צושטאנד פון פארשלאפענהייט. די געדאנקען האבען זיך פויל קריכענדיג געוועבט אהן א טאלק און אהן א סדר, פויל קריכענדיג פלעגט אמאל ארויסשווימען אין זכרון א בילד פון דער פארגאנגענער צייט — וועגען וואלד-גרינס און פייגעל-געזאנג. נאר דאס האט זיך דא, אויף דעם פלאץ, אזוי ניט געפאסט, אז איך פלעג מיט א שפאטיש שמייכעלע זיך אליין אנרופען „שוטה".

אהיים פלעג איך קומען, אזוי ווי איך וואלט זיך איצט ערשט אויסגעטשוכעט פון א טיפען שלאף, א פרישער, א מונטערער. איך פלעג באקומען א שטארקען חשק זיך צו באוועגען, צו דרעהען זיך, צו טאנצען. מיר פלעגט זיך שטארק וועלען ריידען, דערצעהלען, שפאסען. נאר אין מיין חדר'ל בין איך געווען שטענדיג אליין. און אין הויז צו מיינע בעלי-בתים פלעג איך זיך שעהמען אריינצוגעהן. אין דער אמת'ן, וואס בין איך מיט זיי פאר מחותנים? כאטש באמערקט האב איך, אז פאר דער לעצטער צייט איז מיין מיסעס צו מיר געווארען גוט, שטארק צוגעלאזט, איבערחויפט, זינט איך האב איהר באצאהלט די

דירה־געלט און איך האב זיך אנגעטאן אין מיין נייעם מונדיר מיט די מעשענע קנעפּ. אז זי האט מיר דאס ערשטע מאל דער־זעהן אין די נייע בגדים, האט זי אזש אויסגעשריען פון ענט־ציקונג: „א מאנארך, ווי איהר זעהט מיך א אידישע טאכטער!"
אין דער אמת'ן, האט מיר טאקע דער מונדיר מיינער געקליידט, געמאכט פאר א גאנצען לייט. ערשט איצט האב איך דערזעהן, אז מיין פיגור איז גאר ניט אזוי שלעכט ווי מען זאגט. איך שטעה מיר פאר'ן שפיגעל, קוק זיך איין אין מיין בלאסע געזיכט מיט די גרויסע שווארצע אויגען — אויף אן אמת א שעהנער יונג!

נאך א שטיקעל פרייד האב איך פאר דער לעצטער צייט. אפטמאל כאפּ איך אויף זיך אנגעשטעלט א פּאר קארע גרויסע גלאנצענדע אויגען. דאס מאכט מיר קלאפּען דאס הארץ אזוי שטארק. דאס קוקט אויף מיר דער מיסעס טאכטער, ראזי, א בלאנדע, מיט רויטע בעקלאך, א יונגע שעהנהייט, וואס שטענדיג אז איך קוק אויף איהר, דאכט זיך מיר, אז איך זעה איהר נאך ניט גוט גענוג, אז זי איז ארומגעוויקעלט מיט א שלייער, מיט א לייכטען טוי, און מיין אויג קאן ניט רעכט דורכדרינגען, זיך איינקוקען אין איהר.

* * *

אויף מיין שטעלע פיהל איך זיך גוט. איך האב מיט קיי־נעם ניט צו טאן, קיינער באאונרוהיגט מיך ניט, קיינער מישט זיך ניט אין מיין ארבייט. מיר קומט כמעט קיין מאל מיט קיינעם ניט אויס צו ריידען א ווארט, און מאכט זיך אמאל, אז ווער ניט איז פון יענער זייט ווענטעל ווענדט זיך צו מיר מיט א פראגע, זאגט מיר וואס ניט איז, איז דאס א גאנצע פּאסירונג אין מיין טאג ארבייט. דאס רעגט מיך אויף, באאונרוהיגט מיך, שלאגט מיך ארויס פון דער געוועהנליכער רוהיגער שטימונג. אז איך קום זיבען אוהר צו דער ארבייט, און מיר קומט אויס זיך צו טרעפען מיט דעם, וואס איז געזעסען די נאכט דא אויפ'ן זעלבען ארט, אויפ'ן זעלבען ביינקעל, באגריסען מיר זיך ניט מיט ווערטער. הערען מיר ניט איינער דעם אנדערען'ס שטימען, ווייל וואס קאן זאגען א מענש, וואס איז א גאנצע נאכט אזוי

אפגעזעסען פארגליווערט אויף איין ארט, ווען דער נאכט־שלאף האט ווי שווערע בליי געדריקט דעם קאפ אראפ צום ברוסט, אז די אויגען האבען אהן אויפהער זיך געקלעפט. וואס קאן אזא מענש ריידען? מיר פלעגט זיך דאכטען, אז איך זעה פאר זיך ניט קיין לעבעדיגען מענשען, נאר א מאסקע אויף צוויי פיס, אהן א וועלכען ניט איז אויסדרוק אויפ'ן געזיכט, אהן א צייכען פון לעבען און געדאנקען. און שטיל ווי א רויך פלעגט ער פארשווינדען פון מיין אויג, ניט איבערלאזענדיג קיין צייכען, קיין שום איינדרוק.

* * *

די לעצטע צייט האט מיך גענומען באאומרוהיגען א מאדנע ערשיינונג. איך האב אנגעפאנגען ווערען צוליב דעם נערוועז, זיך אפט צו פארטראכטען און אומעטיג ווערען. אט ווי דאס האט פאסירט.

איין מאל ווענדט זיך צו מיר די מיסעס מיינע און זאגט:

— זעה, וואס איז מיט דיר? וואס ביסטו עפעס אזוי בלייך?

— איך בלייך? — זאג איך מיט שפאס. — ווען האט איהר מיך דען געזעהן א רויטען? וואס בין איך דען א פאניע? איך בין א איד, בין איך בלייך.

— גאר א נייעס. אז א איד איז וואס? זאל איך דאס פארמאגען, וואס עס זיינען דא רויטע און געזונטע אידען.

יע, איך בין בלייך, אזוי בלייך, אז איך האב שוין דאס אליין אויך באמערקט. פיל בלייכער ווי דעמאלט ווען איך בין ארומגעגאנגען אין די גאסען און געשטארבען פאר הונגער.

נאר דאס וואלט מיך ניט געארט. זאל זיין בלייך. פארקעהרט, אמאל דאכט זיך מיר, אז אזוי איז שעהנער. איך בין אינטערעסאנטער. עפעס ליגט אויף מיר אויסגעגאסען א מין איידעלקייט, אינטעליגענץ. איז אבער די צרה, וואס אויסער די בלאסקייט ליגט אויף מיין פנים א באזונדער מין אויסדרוק. וואס דאס איז אזוינס, ווייס איך ניט. איך שטעה אין שפיגעל און באטראכט זיך און שטעל זיך אליין די פראגע: וואס איז דאס אזוינס? אמאל, כאטש איך בין ניט קיין גרויס־

האַלטער, האָב איך געוואוסט, אַז מיין פּנים דריקט אויס קלוג־קייט, אַ ביסעלע, אַ קליין ביסעלע ביטערקייט, אין די ווינקלען פון מיין מויל ליגען באַהאַלטען אַזוינע קנייטשעלאַך, וואָס דריקען אויס שטאָלץ, און די אויגען מיינע האָבען געהאַט דעם כח אָפּ־צובריהען. דאָס האָבען מיר אַ פּאָר דאַמען אַמאָל אַליין זיך מודה געווען. און איצט איז דאָס אַלעס ווי פאַרשוואונדען, אָפּ־געווישט געוואָרען. אויפ'ן אָרט פון דעם אַלעם ליגט אויסגע־גאָסען אַ קאַלטקייט. איך קוק אויף דעם און מיר דאַכט, אַז איך זעה מיין אייגענעם פּנים ווי דורך אייז, ווי דורך אַ פראָסט־טוי.

בין איך קראַנק? ניין, איך בין פּאָלקאָם געזונט. זאָרג? ווידער ניט. פאַרקעהרט, אַזוי רוהיג אין אַלע הינזיכטען האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געלעבט. בין מיט אַלעם באַזאָרגט, עס פעהלט מיר קיין זאַך ניט.

די געדאַנקען האָבען אָנגעהויבען פאַרנעהמען ביי מיר אַ גרויסען אָרט. איך האָב אָנגעהויבען פיהלען, אַז מיין איך, מיין אייגענע פּערזאָן, ווערט איבערגעאַנדערשט. אַז עפּעס מאָדנע זאַכען האָבען אויף מיר אַ ווירקונג, מאָדנע גייסטער באַהערשען מיך.

עס לויפט די צייט אויף מיין שטעלע זעהר שנעל. איך באַמערק כמעט ניט די ענדערונגען אין דעם וועטער. אָנגעקומען בין איך אין מיטען ווינטער, אין דער צייט פון פראָסט און קעלט. איצט איז שוין זומער, אין מיטען זומער. איך האָב אַריבערגע־שטופּט דעם פריהלינג, עס איז אונבאַמערקט אַוועק די צייט פון אויפלעבונג און בליהונג. ביי מיר אין בודקע האָט ניט געבליהט און ניט געפראָרען, שטענדיג די זעלבע היץ, די זעלבע קעלט. אַלע מאָל די זעלבע גראָהע טויטע ליכט און דער רויש פון די טריט. איך בין אָבער אַזוי אייגגעוואוינט צו דעם אַלעם, אַז זאָל מיט אַמאָל אויפהערען דער גערויש פון די טריט, וואָלט אויף מיר אָנגעפאַלען אַ פּחד, ווייל אין דעם שטענדיגען קלאַפּען, אין דעם אייביגען טרעטען, הער איך די רוהיגקייט. אין דעם שטיל־שווייגען פיהל איך אונרוהיגקייט, און מיר דאַכט זיך דאַן, אַז ווער ניט איז לויערט און וואַרט — אָט־אָט וועט עס זיך ארויס־

ווארפען. כל זמן עס רוישט, איז שטיל, און אז עס איז שטיל, רוישט עס און קאכט.

זעהר אפט באפאלט מיך א שטארקער פארלאנג איינצוקוקען זיך אין די פנימ'ער פון די לייטע, וואס געהען דא פארביי. ווער זיינען זיי? נו, גוט — ארבייטער, קרעמער, אבער ווער איז יעדער באזונדער פון זיי? ווער איז דער איינצעלנער? דער פארלאנג וואקסט אין מיר זעהר שנעל און מיט א שטארקער קראפט. אמאל מאכט זיך, אז מיר פארגלוסט זיך אזוי צו זעהן ווען ניט איז פון די, וואס טראגען זיך דא פארביי, אז איך ווארף זיך צו צום ווענטעל, דרינג אריין מיט די אויגען אין יעדער שפעלטעל, טאמער וועל איך ווען ניט איז דער־זעהן, אפשר וועט ווער ניט איז פון זיי מיר דורכשיינען דורך די ברעטער און עס וועט זיך זעהן א מענשליכער פנים.

דער פארלאנג איז געוואקסען אין מיר אזוי, אז איך פלעג זיך קוים איינהאלטען ניט ארויסצושרייען, אויסצורופען הויך אויפ'ן קול: ברידער, וואס באהאלט איהר זיך פון מיר? איין סעקונדע נאר, איין מינוט ווייזט זיך פאר מיר, איך וויל זעהן א מענשליכען פנים. פאר וואס פארשטויסט איהר מיך פון זיך?

נאר ווענען ארט עס פאר מיר? איך בין דאכט זיך מיר אן איינזאמער, געפאנגענער פרינץ, און אז פארביי מיר מאר־שירען פאלקען גאנצע, לויפען, יאגען זיך ערגעץ־וואו.

מיט שטורם קומען יעדע פאר מינוטען אן טריינס מיט פא־סאזשירען. פון דעם רויש און קלאפעריי טרייסעלט זיך, שא־קעלט זיך מיין קליין שטיבעלע. ווי א כוואליע גיט זיך א גאס א נייער שטראם מענשען. מיט חשק, מיט אנגעשטרענגטער ענערגיע נעהם איך טיילען די טיקעטלאך, טיילען, טיילען, טיילען אהן א ברעג.

* * *

א מאדנע מיידעל ראזי, אן אייבינער אונרוה. שטענדיג דאס שפרינגט, לויפט און טאנצט. זי האלט זיך אזוי, ווי זי וואלט זיך ערגעץ־וואו געאיילט, תמיד קיין צייט ניט געהאט. אין דער אמת'ן אבער זיצט זי מעהרסטענס אין הויז. ווי א קליין בא־באטשקע שפרינגט עס ארום, דרעהט זך ארום, און נאכאנאנד

דאָס זינגט. שטענדיג טראָגט זיך איהר שטימע, אמאָל העכער, אמאָל נידריגער, אָבער שטענדיג איז די הויז אָנגעפּילט מיט געזאַנג. פּלוצים אין רעכטען מיטען גיט זי אַ קוויטש, אַ גרילץ, אויף אַ קינדערש שטיפערשען אופן, און זי צולאַכט זיך, דאַן לאַכט די לופט ארום; עס לאַכען די ווענט. איך שטיק זיך פאַר געלעכטער, איך האַלט זיך קוים איין פון ארויספּלאַצען הויך אויפ׳ן קול.

אין וואָסער אַ שטימונג איך זאָל ניט געווען זיין, ווער איך אַ בארוהיגטער, אַ געטרייסטער. נאָר איין זאַך מוז איך שטענדיג האָבען אין זינען: אַז זי זאָל ניט מערקען, אַז איך בין צופרידען. קוים ווייז איך נאָר ארוים דעם מינדסטען צייכען, אַז איך בין ענטציקט, אַז איך פרעה זיך, הערט זי באַלד אויף, ווערט זי אַנטשוויגען, ווערט עס שטיל, טרויעריג; אין די אויערען נעמט רוישען פון דער דריקענדער שטילקייט; איך ווער נערוועז, מיך באַפאַלט אַן אומעט, אַ דריקענדער אומעט.

* * *

פאַר דער לעצטער צייט האָט די מיסעס מיך גענומען אויסמיידען. זי רעדט צו מיר זעהר זעלטען. און אַז זי רעדט שוין יע, איז נאָר וועגען מיין געזונט. שטענדיג איז זי באַזאָרגט וועגען מיין געזונט. נאָר דאָס איז ניט די זאָרג פון אַ געטרייען נאָהענטען מענשען, וואָס וואַרימט און לאַסטשעט. קאַלט איז מיר פון איהר זאָרג וועגען מיר, קאַלט און ניט אָנגענעהם.

— איהר האָט זיך באַדאַרפט צוזעהן אַ ביסעל, געהן שפּאַצירען. וואָס איז וואָס? אַ יונגער מאַן, קיין עין הרע ניט, האָט געמעגט געהן אין טעאַטער אריין אמאָל. וואָס איז? אַ יונגער בחור, אַ גוטער פאַרדינער, מעג אמאָל אַ שטיף טאָן. וואָס איז וואָס? אַ יונגער בחור קיין עין הרע...

אזוי רעדט זי צו מיר, דרעהט מיט׳ן צונג. נאָר איך זעה אַז זי מיינט דאָ עפּעס. איך דערקען אָן איהרע אויגען, אַז זי האָט אַ פאַרבאָרגענעם מיין.

נאָך אַזאַ געשפּרעך איז מיר שווער אויפ׳ן הארצען, און איך קאָן לאַנג ניט איינשלאָפען. עפּעס ענבערט מיר אין מח. איך פיהל זיך עלענד, פרעמד, און עס ווילט זיך וויינען...

* * *

פאַר דער לעצטער צייט באַמערק איך אין זיך אַ מאָדנע ענדערונג. איך קוק אויף אַ מענשליך פּנים בשעת ער רעדט צו מיר. איך קוק זיך גוט צו און זעה עפּעס גאָר ניט. דאָס הייסט, איך זעה יע דעם נאָז, די אויגען, דאָס מויל, נאָר איך זעה דאָס גאַנץ אַנדערש ווי אַמאָל. דעם זעלבען אויסדרוק פון קאַלטקייט, פון טויטקייט, וואָס איך זעה ביי זיך אין געזיכט, זעה איך אויך ביי אַלע אַנדערע.

* * *

אַרום ראָזי'ס געזיכט האָט זיך נאָך ענגער צוזאַמענגעצויגען דער שלייער פון טוי. איך קוק אַמאָל אויף איהר: איהר פּנים בלישטשעט, עס שיינט, און מיר דאַכט זיך דאָן, אַז שטראַהלען טראָגען זיך פון דעם. נאָר דאָס איז קאַלט, דאָס איז דער שיין פון אייז, פון טויט. מאַסקעס, טויטע מאַסקעס רינגלען מיך אַרום.

* * *

אַמאָל אין אָוונט, פון געלעגער מיינעם האָב איך אונטער־געהערט אַזאַ געשפּרעך צווישען דער מיסעס און ראָזי'ן:

— האָסט זיך איינגערעדט נאַרישקייטען. גאָר אַ נייעס: ניט געזונט. ער איז נעבאָך פאַריאָגט, דערשלאָגען.

— ס'איז ניט קיין נאַרישקייט. איך זאָג דיר, ער איז קראַנק. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין איהם. ער ווייזט אויס ווי אַ תם. אַז ער שטעלט אָן אויף מיר די אויגען, דער־שרעק איך זיך. ס'ווילט זיך מיר ערגעץ־וואו באַהאַלטען; ער קוקט, קוקט אויף מיר און מיר דאַכט אַז ער זעהט מיך ניט.

— הער אויף צו קלאַפּען מיט'ן צונג! הערסט אָן איינ־פאַל? ער קוקט און זעהט ניט. ווי קאָן דאָס קוקען אַ ניט־זעהענדיגער? ביזט אַ נאַרישע ציג, ווייסט ניט וואָס דו רעדסט.

— איך וויים ניט, וואָס איך רעד! אַז דו פאַרשטעהסט מיך ניט, קיינמאָל פאַרשטעהסטו מיך ניט, וואָס איך זאָג דיר...

— נו, דו ביזט דאָך אַ געבאָלדעטע, אַ קליינינקייט! דו

פאַרשטעהסט דאָך אַלץ! די מאַמע פאַרשטעהט דאָך גאָר ניט, אַז אָך און אַז וועה! האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז קראַנק. זי קאָן איהם ניט אָנקוקען... וואָס מיינסטו, איך בין אין איהם פאַרליבט, וואָס? ער איז אַ שטילער מענש, צאָהלט זיין דירה־געלט צום מינוט? מען לייהט נאָך אויס ביי איהם אַ פּאָר דאָלאַר, זאָל איך איהם געהן אַרויסטרייבען... הערסט אַן איינ־פאַל?...

— סט'קריגען אַ באָרדער. מען קריגט די מציאות... אַזאַ וועסטו געווים קריגען. אַלע באַצאָהלען.

— אָבער וואָס האָסטו צו איהם? וואָס האָט ער דיך אַזוינס געטאָן, וואָס דו האָסט איהם אַזוי פיינט?

— ער איז אַ משוגענער. איך האָב מורא פאַר איהם.

— צו מיינע שונאים'ס קעפּ! וואָס אַ מיידעל קאָן איינ־פאַלען: אַ משוגענער גאָר! ביזט אַליין משוגע! — אָט וואָס — הער מיר אויף צו דרעהען אַ ספּאָדעק.

גערעדט האָבען זיי מיט אַ האַלבער שטימע, ניט גאַנץ הויך, דאָך האָב איך געהערט יעדעס וואָרט.

איצט איז מיר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען אַלץ. איך האָב זיך אַלץ געטרייסט, אַז דער פעהלער ליגט ניט אין מיר, נאָר אין די, אויף וועמען איך קוק. אַ מענש האָט אַ ליימענעם פּנים, וואָס בין איך שולדיג? איצט איז מיר מיט אַמאָל קלאָר גע־וואָרען, אַז דאָס איז מיין שולד, איך האָב אויפגעהערט זעהן ווי עס באַדאַרף צו זיין, עפּעס זיינען מיינע אויגען קאַליע געוואָרען.

און אפשר איז ראָזי גערעכט. דער געדאַנק האָט מיך גענומען גריזשען, ווי אַ וואָרים, — האָט אָנגעצונדען מיינע גע־הירן, האָט מיך געמאַכט שווינדלען. איך האָב דערפיהלט אַזוי ווי דער גלעגער מיינער וואָלט אויסגעגעבעט געווען מיט הייסע גלי־הענדע קוילען. דער אָטעם האָט מיך פאַרכאַפּט. איך האָב דערפיהלט, אַז מיך שטיקט, מיר פעהלט אויס לופט.

איך ווייס די געפיהלען פון אַ געזונטען נאָרמאַלען מענשען, ווען ער זעהט אַ גייסטיג קראַנקען, אַ משוגע'נעם. מיר זיינען זיי גוט באַקאַנט, די דאָזיגע געפיהלען. שטענדיג ווען איך קום נאָהענט, ווען

איך דערזעה א פסיכיש קראנקען מענשען, באפאלט מיך א שרעק, כאפט מיך ארום אן עקעל, א פיזישער עקעל, און מיר ווילט זיך דאן ערגעץ באהאלטען, באגראָבען אזוי, ניט אז יענער, דער קראנקער, זאָל מיך ניט זעהן, נאָר אז איך זאָל איהם, דעם משוגע׳נעם, ניט זעהן. און דאָס פיהלט איצט ראָזי, אז זי דער־זעהט מיך, אז זי קוקט אויף מיר.

און מאָדנע — פון יענעם אָוועגט אָן איז ביי מיר אויס־געוואקסען א שטארקער פארלאנג צוגעהן צו ראָזי׳ן נאָהענט, גאנץ נאָהענט, און ארייגקוקען איהר אין די אויגען, לאנג־לאנג קוקען. דאָס, האָב איך געפיהלט, וואָלט מיך אויסגעהיילט, וואָלט מיר צוריק מיין רוה אומגעקעהרט. נאָר איך האָב גאנץ גוט געוואוסט, אז איך וועל דאָס ניט טאָן, אז איך בין צו שוואך פאר דעם.

* * *

אמאָל, קומענדיג אהיים פון דער ארבייט, האָב איך ניט געקענט איינשלאָפען.

עפעס האָבען זיך מיר געדרעהט פאר די אויגען מאָדנע זאַ־כען, משונה׳דיגע באשעפענישען — א טייל מיט בייזע פנים׳ער, אנדערע לאכענדע, גוטע, מילדע. דאָס האָט זיך אלץ געדרעהט, געדרעהט פאר מיינע אויגען אין א ווילדען שטורם, מיט א קליני־גערייי און בראזגעריי. יעדע פאָר מינוטען פלעג איך ערוואכען מיט שווידער, מיט אנגסט. פלוצים דערזעה איך שוועבען הויך, ביין סאמע הימעל, א מענשליכען קאָפ, און דער הימעל איז אזא גראָהער, א פאר׳חושכ׳טער. איך קוק און זעה, אז דער קאָפ איז פון א מאן זעהר א קאָנטליכען. די אויגען זיינען געשלאָ־סען, די באקען בלאס און אויפ׳ן שטערען זיינען אויסגעדריקט אזוי פיל יסורים, אזוי פיל איבערמענשליכע ליידען. איך קוק לאנג, איך שטרענג אָן מיין זכרון: וואו האָב איך איהם ערגעץ געזעהן? נאָר איך קען פאר קיין פאַל זיך ניט דערמאָנען, אָבער אין מיר ווייגט און יאָמערט עפעס; עס איז שווער דעם אָטעם צו כאפען, און איך האָב ערוואכט, א באגאָסענער מיט שוויים.

דער גאנצער קערפער האָט זיך מיר געטרייסעלט אין פיבער.

ווי איך האָב נאָר איינגעדרעמעלט — וויטער די אייגענע

זאַך. איך זעה פּאָר זיך אַ גרוב, אַ קליינע, פינסטערע גרוב, אַ טונקעלע, שוואַרצע עפענונג. איך קוק אויף דעם, און מיר כאַפּט אָן אַ שרעק. איך פיהל, אַז דאָרט אינוועניג ליגט ווער, לויערט ווער ניט איז. באַלד וועט זיך באַווייזען אַ קאָפּ, ער וועט אַרויס־שטעקען אַ רויטען, לאַנגען צונג. איך וויל זיך באַהאַלטען, איז אָבער דאָס אָרט, וואו איך געפין זיך, אַ קליינס, אַ פאַרמאַכטס פון אַלע זייטען, ניטאָ קיין עפענונג, קיין אַרויסגאַנג. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ וואַרט איך אויף הילף.

מיט אַמאָל דערהער איך אַ לייכטען רויש, עפּעס קומט, באַלד וועט עס ערשיינען.

עס באַווייזט זיך אין דער עפענונג אַ האַנט, אַ ווייסע, צאַר־טע, בלאַסע האַנט. די פינגער זיינען צוגומען, אַביסעל איבער־געבויגען, די נעגעל זיינען קלאָרע, ווייסע, ווי שנעע; זיי זיינען גלאַנציגע, פינקלענדע ווי שטערען. די האַנט רוקט זיך אַריין צו מיר אין קעמערעל, דרעהט זיך אין אַלע זייטען, און — אַ וואונ־דער! — איך זעה, ווי די האַנט קוקט אויף מיר, זי זעהט מיך, באַטראַכט מיך לאַנג, זי ווינקט צו מיר ליבליך. גוט. מיר ווערט וואַרעם אויפ'ן האַרצען. דער שרעק פאַרשווינדט. מיר ווילט זיך צופאַלען צו די צאַרטע גלייכע פינגער, צודריקען דעם שטערען צו זיי, אויסוויינען דעם אַנגעזאַמעלטען וועהטאָג. נאָר זי ווינקט צו מיר שטרענג, די האַנט מיט איהרע אונזיכטבאַרע אויגען, און איך האָב מורא זיך צו ריהרען פון אָרט.

זי פאַרשווינדט. איך בלייב אַליין. מיר ווערט אומעטיג. איך בויג זיך איין צו דער עפענונג: עס בלאָזט אַ פראָסטיגער ווינט; איך שפּרינג אָפּ מיט שרעק און עפען די אויגען.

עס קוקט אַריין דורכ'ן פענסטער אַ קאַלטע נאַכט. עס קלאָגט און יאָמערט דער ווינט. עס גיסט אַ רעגען. מיר ווערט קאַלט. איך דרעה זיך איין און שליס די אויגען.

איך שלאָף נאָך ניט. איך בין האַלב וואַך. מיט אַמאָל הויבט זיך עס אָן, עס קומט צושווימען אין דער לופט מיט אַ שטורם, מיט אַ ליאַרם קומט עס אָן...

איך הויב אויף די אויגען און דערזעה אַ גאַנצע מחנה הענט, אַ וועלט מיט הענט — אַלטע און יונגע, גרויסע און קליינע

שווארצע, ווייסע, אלערליי קאלירען. זיי טראגען זיך, שוועבען ארום, בויגען זיך, דרעהען זיך. זיי פילען אן דעם גאנצען רוים, זיי מאכען מיר ענג, שליסען מיך איין, באדעקען מיך אינגאנגען, דריקען אויף מיר שטארק, פעסט, אזוי אז מיך נעהמט וועה טאן.

איך שריי אויס און כאפ זיך אויף.

* * *

אויף מארגען בין איך מיר געשטאנען ביי מיין קליין פענס־טערעל ווי געוועהנליך. אויף יענער זייט װענטעל, הארט נעבען מיר, געהען זיי, יענע אונזיכטבארע מענשען. זיי מארשירען איינע נאך די אנדערע, זיי כאפען דעם טיקעט און שפאנען ווייטער איינער נאכ'ן אנדערען, אט אזוי אהן א סוף, אהן א ברעג. יעדע פאר מינוט קומען אן נייע, געפאקטע טריינס. מיט שטורם און רעש קומען זיי. עס טרייסעלט זיך מיין קליין הייזעלע, עס ווארפט זיך, עס שאקעלט זיך אלץ ארום מיר. און איך זיץ מיר ביים פענסטערעל און טייל און טייל. א כאפ, א קליינעם שטופ, א שטויס, און עס ליגט אויף אן ארט. באלד פארשווינדט עס, מאָ־מענטאן ווערט עס ניט. פלוצים רייסט זיך מיר אפ אין הארצען.

איך האב דערזעהן א האנט — א באקאנטע האנט. שטיל, פאמעלאך איז זי אריינגעקראכען צו מיר דורכ'ן פענסטערעל, אביסעלע ווייטער ווי געוועהנליך — א ווייסע, צארטע, מיט דינע, געטאקטע לאנגע פינגער. א רגע נאר איז זי געלעגען ביי מיר אויפ'ן פענסטערעל, נאר מיר האט זיך עס אויסגעוויזען לאנג, א גאנצע אייביגקייט. איך האב צייט געהאט זיך איינצוקוקען אין יעדען קנייטשעלע, אין יעדען פינטעלע, און דערפיהלט האב איך, אז זי רעדט צו מיר, אז זי ווינקט עפעס צו מיר, זאגט מיר א גוט, ווארים ווארט, אז זי רופט מיך ערגעץ, און איך האב היל־כיג א געשריי געטאן.

אלעס איז פארשטומט געווארען, אנטשוויגען געווארען, איינ־געהאלטען דעם אטעם...

די האנט איז באלד פארשוואונדען, און איך בין צו זיך געקומען. איך האב האסטיג א שטויס געטאן דעם טיקעטעל.

מיט אַ ציטער האָב איך געוואָרט, ער זאָל ניט ווערן. עמיצער פון יענער זייט האָט איהם אַ כאַפּ געטאָן און איז פאַרשוואונדען...

* * *

איצט בין איך בארוהיגט. פאַרשוואונדען דער וועהטאָג. אויסגעמעקט פון זכרון די אַלע פּנים׳ער, וואָס האָבען מיך אַמאָל צו זיך געצויגען, געוואונקען, גערופען צו זיך. צוועלף שטונדען אין טאָג שטעה איך ביים פענסטערעל. אָהן אַן אויפהער קוקען זיי צו מיר, די הענט, זיי באווייזען זיך און פאַרשווינדען באַלד. אָבער איך קאָן זיי אַלעמען, וויים דעם כאַראַקטער פון יעדער פון זיי. איך דאַרף ניט קיין מענשליכען פּנים. ער זאָגט מיר גאָר נישט, דערצעהלט מיר גאָר נישט. איך זעה נאָר אַ מאַסקע, אַ קאַלטע טויטע מאַסקע — די הענט זיינען מיינע איינציגע פריינד, מיינע עדות פאר אַ גאַנצען, לאַנגען טאָג. זיי קומען צו מיר, גריסען מיך, דערצעהלען מיר און איך פיהל זיך פרעהליך אין זייער געזעלשאַפט...

# שפּעט אין חדר.

פאר'ן שלאָפען געהן האָט זיך זעליקעל אַ נדר געטאָן אויפ־צושטעהן פאר־פריה און קומען אין חדר אין צייט. דער נייער רבי האָט אויף איהם אָנגעיאָגט אַ שרעק: נאָר אַ האָר פּאטשט ער מיט זיין דאַרער טרוקענער האנט, אָדער ער ציהט פאר'ן אויער, אַז עס פליהען אַזש פונקען פון די אויגען. איבערהויפּט איז ער אין כעס, אַז מען קומט צו שפּעט אין חדר. גלייך רופט ער צו זיך, קנייפט איין די באַק מיט די לאַנגע פינגער זיינע, עסט זיך איין אין פּנים מיט די שווארצע ברענענדיגע אויגען און זאָגט מיט צוזאַמענגעדריקטע צייהנער:

— אזוי שפּעט קומט מען אין חדר אריין, דו שייגעץ איי־נער?! — און איז מכבד מיט אַ הילכיגען פּאטש.

עס איז ערשט אַ פּאָר וואָכען, אַז דער זמן האָט זיך אָנגע־הויבען און ער האָט שוין אַלעמען איבערגעפּאטשט און אַ פּאָר תלמידים טאַקע רעכט אָנגעשמיסען אויך. אפילו זיין אייגענעם איינגעל, זרח'קען, שלאָגט ער מכות־רצח. איינמאָל, ווען מען איז געגאַנגען פון חדר, האָט איהם זרח'קע איינגערוימט אין אויער:

— אָפּדארען זאָלען איהם די הענט, דעם רשע!...

זעליקעל איז אַ פארציטערטער געוואָרען און האָט אויסגע־שריען:

— אוי, וואָס האָסטו געזאָגט? אַן אייגענעם טאַטען?! ביזט דאָך חיב מיתה.

— אָבער זעה, וואָס ער האָט מיר געטאָן. — ער האָט אויפגעדעקט זיין לייב, און זעליקעל האָט דערזעהן רויטע און בלויע פּאסען.

ביי זעליקלען האָבען זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען פאַר גרויס רחמנות. מיט אַ ציטעריגע שטימע האָט ער גע־פרעגט :

— אָבער פאַר וואָס האָט ער עס געטאָן ?

— איך האָב זיך געשפּילט מיט דער קאַץ. איך האָב איהר געבונדען די פיסלאַך אזוי ווי אַ קעלבעל, און זי האָט געקווי־טשעט. עס איז געווען אזוי שעהן. דאַרף ער אָנקומען...

אַ קליינע ווײַלע זיינען די חברים געגאַנגען מיט אַראָפּ־געלאָזענע קעפּ, פאַרטיפט אין אומעטיגע געדאַנקען.

* * *

— טאַטע, וואָס טוט מען, אז מען זאָל זיך נים פוילען אויפצושטעהן ? — האָט זעליקעל געפרעגט דעם טאַטען פאַר'ן שלאָפען געהן.

דער פאָטער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און מיט אַ שמייכעל געענטפערט :

— גלייך ווי דו עפענסט אויף די אויגען, זאָלסטו אַ זאָג טאָן דעם פּסוק : רץ כצבי וגבור כארי, און אַראָפּשפּרינגען פון בעט. דאָס איז די בעסטע סגולה צו פוילקייט...

— אָבער ווי טאָר מען זאָגען אומגעוואַשען ?

— ביזט טאַקע גערעכט, מיין קינד. איך האָב פאַרגעסען. מ'דאַרף אזוי טאָן : ווי נאָר דו עפענסט אויף די אויגען, שפּרינג אַראָפּ פון בעט, גיס זיך אָפּ נעגעל־וואַסער און נאָכדעם זאָג.

אַ היבשע ווײַלע איז זעליקעל געלעגען מיט אָפענע אויגען און געקוקט אין דער פינסטערניש. ער האָט געטראַכט וועגען דעם טאַטען'ס עצה. עס איז איהם געווען זעהר שווער צו פאַר־שטעהן ווי אזוי מען טוט עס. די צרה איז דאָך, וואָס אין דער פריה איז שווער די אויגען צו עפענען. נאָר אזוי ווי ער איז געווען געוואוינט נים צו פאַרשטעהן אַ פולע זאַכען וואָס דער טאַטע זאָגט, האָט ער עס דורכגעלאָזט. ער האָט איהם אָבער אַ פרעג געטאָן :

— טאַטע, אז דו ביזט געווען אַ קליין אינגעל, האָסטו זיך אויך געפוילט ?

דער טאטע האט ניט געענטפערט. ער איז געלעגען אומ־געקערט צו איהם מיט'ן פלייצע. זעליקעל האט נאך א מאל געזאגט:

— טאטע, דו טוסט אויך אזוי?

— וואס טו איך אזוי?

— אין דער פריה, אז דו כאפסט זיך אויף?

— ווייסט גאר וואס: ליג שטיל און שלאף, און לאז מיך צורוה.

זעליקעל האט זיך אפגעזיפצט, איינגעגראבען דעם פנים אין קישען און איז איינגעשלאפען.

* * *

— שטעה אויף, זעליקעל. עס איז שוין שפעט: צייט אין חדר געהן, — האט איהם געוועקט דער מאמע'ס קול פון דער קיך. ער האט געעפענט די אויגען, א קוק געטאן אין פענסטער און האט א טראכט געטאן, אז עס איז שוין שפעט. די זון איז שוין געשטאנען הויך אויפ'ן שפיץ פון קלויסטער. עס איז געווען אזוי ליכטיג, אז ער האט אזש פארזשמורעט די אויגען. אונטער דער קאלדרע איז געווען אזוי ווארים, און עס האט זיך געגלוסט אויס־ציהען די גלידער, א גענעץ טאן, און דערווייל האט ער נאר אויף א קליין ווייל'ע, אזוי זיך אויף א רגע נאר, פארמאכט די אויגען, און עס איז ווידער געווארען גוט, מחיה'דיג. ער האט געפיהלט, אז ער לויפט מיט'ן חומש אונטער'ן ארים איבער דער גרינער לאנקע, גיך לויפט ער און זעהט שוין דעם אלטען בית־המדרש מיט די קיילעכדיגע פענסטער און בלאהע, רויטע, גרינע גלעזלאך, וואס פינקלען, בלישטשען אקעגען דער זון; און א מאסע פייגע־לאך שטעהען אויפ'ן ראנד פון פענסטער, קליינינקע וואראבייטשיקלאך, מיט ברוינע פליגעלאך; ער לאזט זיך לויפען צו זיי, שטרעקט אוים די האנט און וויל שוין א כאפ טאן, אנטלויפען זיי פון אונטער די פינגער ארוים, פארדריסט איהם און ער וויל אנהויבען שרייען. ערשט ער דערפיהלט אויף זיך דער מאמע'ס האנט. זי טארעט איהם:

— זעליקעל, שטעה אויף! וואס איז מיט דיר היינט? עס איז דאך שוין לאנג צייט אין חדר. אבי איך האב געמיינט, ער האט שוין אפגעדאווענט.

ווי אן אפגעבריהטער שפרינגט ער אראפ פון בעט און נעהמט זיך אנטאן. ער קען אבער ניט געפינען די זאקען — פארפאלען געווארען, ווי אין דר'ערד אריין. ער צושלײדערט די בעטגע־וואנט, קריכט אונטער'ן בעט — ניטא. מיט טרעהרען רופט ער דער מאמען:

— די זאקען! וואו זיינען מיינע זאקען?

— ווייטער פארפאלען געווארען? אלע טאג דערזעלבער עסק מיט די זאקען.

זי העלפט איהם זוכען. ביידע דרעהען זיך ארום איינגע־בויגען, קוקען איבער די זאכען, טאמער זיינען זיי פארבליבען אין די הויזלאך, אונטער'ן קישען. אבער זיי זיינען אין ערגעץ ניטא.

— נו, איך וועל דיר שוין געבען אן אנדער פאר. מסתמא וועלען זיך די אויך געפינען.

* * *

ביי זעליקלען טרייסלען זיך די הענט פאר שרעק. ער זעהט אין געדאנק דעם רבי'נס פנים, וואס איז רויט פאר כעס; זיינע שווארצע בייזע אויגען ברענען ווי צוויי הייסע קוילען.

דאס דאווגען שלינגט שוין זעליקעל אראפ מיט איין אטעם. אין א מינוט איז די שמונה־עשרה פארטיג. ער וויים, אז גאט וועט דערפאר שמייסען מיט אייזערנע ריטער. אבער וואס זאל ער טאן, אז פאר'ן רבי'ן האט ער אויך מורא...

— שלינג ניט אזוי. וועסט זיך נאך חלילה דערווארגען. נישקשה, וועסטו ווערען מיט פינף מינוט שפעטער א רב. ס'ט געזעהן ווי דאס שלינגט!

אזוי בייזערט זיך די מאמע. אבער ער הערט זי ניט. איהר איז גוט צו רעדען: איהר וועט מען ניט שלאגען, איהר וועט ניט וועה טאן.

און אז ער לויפט דורך דאס שמאלע געסעל איבער דער לאנקע, האט ער מורא א קוק צו טאן אן א זייט, דארט וואו דער גרינער וואלד איז און וואו די פויגלען זינגען אזוי שעהן. מיט א ציטע־דיג הארץ לויפט ער אין חדר אריין.

# באָב.

אין מיטען זומער, ווען די זון האָט געשיינט, ווען די לאַנ־קעס זיינען באַדעקט געווען מיט הויכען גרינעם גראָז, און די פעלדער מיט קאָרנזאַנגען, האָט זיך ארום זלמן דעם נגיד׳ס הויז געזעדערט און געטומעלט. פוהרען האָבען זיך פון אלע זייטען אָהין געצויגען, אָפּגעוואָרפען אין שפּייכלער זעק מיט קאָרן, און אנדערע פוהרען זיינען אָפּגעפאָהרען פון שפּייכלער מיט פולע זעק. מיט׳ן גרויסען וועג האָבען זיי זיך געצויגען די לאַנגע שורות, און פאַרשוואונדען אונטער׳ן בארג, וואו די באַהן איז.

מיט אַ צייט פריהער האָבען זיך באַוויזען עפּעס אַזעלכע דייטשען מיט קורצע רעקלאַך און קאַפּעלושען. זיי זיינען געקומען און געשושקעט זיך מיט׳ן גביר און אוועקגעפאָהרען. זייט דאַן האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבען.

כמעט דאָס גאַנצע שטעדטעל איז אויפגערודערט געוואָרען. אידען מיט פאַררוקטע היטלען אויף די שפּיץ קעפּ זיינען ארומ־געלאָפען פאַרשמייעט, צוטראָגען. מען האָט זיך געאַמפּערט, גע־שריען, זיך געשוואָרען, זיך געשושקעט. ביי אַלעמען האָבען די אויגען געשיינט פאַר פרייד. ביי אַלעמען — אָבער ניט ביי מיין טאַטען. ער איז ארומגעגאַנגען אַן אומעטיגער, מיט טיפע קניי־טשען אויפ׳ן הויכען שטערען און געזיפצט.

— אוי, וואָס וועט עס זיין, רבונו של עולם?!

אויך זרח׳קעס טאַטע, לייב מילנער, איז ארומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ. און אַז ער האָט זיך מיט מיין טאַטען באַגעגענט, האָבען זיך ביידע אָנגעקוקט, געזיפצט און שטיל איינער צום אנדערען געזאָגט:

— קיין רחמנות האָבען זיי ניט. אומגליקליך מאַכען זיי דאָך אַלעמען!

* * *

אז עס איז זומער, אז עס איז ליכטיג און ווארים, לויפען מיר זיך באָדען, אָדער מיר ליגען הינטער'ן בארג, וואָס מיר רופען „הר גריזים", אויף די רוקענס אין ווייכען גראָז און קוקען אין דער הויך, אין די ווייטע, ווייטע בלאָהקייט, דאָרט וואו גאָט זיצט אויף זיין כסא הכבוד און די מלאָכים פליהען ארום. עס איז גוט און שטיל.

מיר זיינען דאָ א גאנצע חברה: איך און מיין קלענערער ברודערל, איציקעל שרה דער אלמנה'ס, זרח'קע דעם מילנער'ס און שלמה'קע דעם שמיד'ס. מיר שמועסען צווישען זיך, שטיפען, קייקלען זיך און לאכען, לאכען אָהן א ברעג, אליין ניט וויסענדיג פאר וואָס. וואָרים, אז עס איז ליכטיג, און דאָס גרינע גראָז שמעקט אזוי מחיה'דיג — לאכט זיך...

די איינציגע צרה איז נאָר, וואָס אלע ווייlע ווילט זיך עסען. עס הויבט אָן ציהען אין הארצען און מען מוז לויפען אהיים:

— מאמע, עסען! עסען!

עפעס מאָדנע! אמאָל איז די מאמע געווען אזא גוטע, האָט גאָרניט געזשאלעוועט: נעהם ברויט וויפיל דאָס הארץ גלוסט. וואָרום וואָס פאר א ווערדע האָט אין דער אמת'ען שווארצע ברויט? א גאנצע וואָך ליגען אויף דעם ברעט, וואָס הענגט אין דער לופטען אונטער דער סטעליע, גרויסע פלאטשיגע לאבענס, און פרייטאָג באקט מען שוין נייע. אבי מען זאָל נאָר אויפעסען. און דאָ מיט אמאָל בייזערט זיך די מאמע:

— שוין ווידער דאָ! אקאָרשט האָט איהר דאָך גענומען פענעצער ברויט. קישקעס אָהן א דעק זיינען ביי אייך!...

און דער טאטע דאָרט אין זיין חדר'ל זיפצט און קרעכצט:

— אי, רבונו של עולם, טאטע פאָטער...

עפעס איז אונז שרעקליך. און מיר אנטלויפען צוריק צו אונזער „הר גריזים". חברה וואָרט שוין אויף אונז. זיי ווילען זעהן, וואָס מען האָט אונז מיטגעגעבען צום ברויט. עס איז אָבער גאָרנישט ניטאָ. א ביסעל זאלץ האָט די מאמע ארויפגעשאָטען, ניט מעהר.

— גיב מיר א שטיקעל ברויט. אנטליה מיר. איך וועל דיר אָפּגעבען, — בעט זיך מיט א רחמנות־פּנים איציקעל דער יתום.

פּע, איך האָב איהם פיינט — ער איז א בעטלער. נאָר דאָס רייסט ביי יענעם דעם ביסען פון מויל. דאַכט זיך, ער קריגט אויך אזעלכע שטיקער ברויט ווי מיר, אָבער איידער מען קוקט זיך ארום איז דאָס שוין ביי איהם ניטאָ. און טאָמער זאָגט מען איהם אָפּ, וויינט ער און שרעקט מיט זיין טאַטען פון יענער וועלט:

— וועסט זעהן, מיין טאַטע וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען...

איך קען זיך ניט העלפען: פאַר א מת ציטער איך, ווי פאַר פייער. איך ברעך אָפּ א פּיצעל ברויט. וויל ער דאָס ניט נעה־מען: עס איז איהם וועניג. די אויגען פאַרלויפען איהם מיט טרעהרען, די ליפּען קרימען זיך אויס און ער בורטשעט:

—גאָט וועט דיך שטראָפען דערפאַר...

איך גיב איהם נאָך א שטיקעל. ער שלינגט עס איין, ווי א וואָלף. זרח'קע זאָגט, אז דאָס איז א קראַנקהייט אזא ביי איהם: א חיה זיצט ביי איהם אין בויך און עסט אַלץ אויף, וואָס ער שלינגט אריין. פאַר איהם לאָזט זי גאַרנישט איבער. א באַווייז איז, אז ער איז מאָגער ווי א שפּאָן...

* * *

איין מאָל זיינען צו אונז אין הויז געקומען די בעלי מלאָכות. זיי האָבען געשריען און געליאַרעמט. מעהר פאַר אַלעמען האָט זיך געבייזערט מאָטע שמיד, א הויכער איד מיט אַן אויסגעשמיר־טען פּנים. ער האָט געקלאַפּט מיט דעם פויסט אין טיש און געשריען:

— איך וועל איהם די קישקעס ארויסלאָזען! וואָס מיינט ער, אין דער אמת'ן, אז עס איז הפקר א וועלט? ער וויל, אז די קינדער אונזערע זאָלען פאַר הונגער אויסגעהן? אפילו קיין שטיקעל ברויט וועט מען שוין אונז ניט לאָזען. דאָס איז דאָך א רציחה. מען טאָר דאָס ניט פאַרשווייגען, רב ראובן, מיר וועלען עס ניט דערלאָזען, עס וועט זיך קעהרען א וועלט!

— דאָס איז מסחר. וואָס קען מען מאַכען? אז ער וועט ניט האנדלען, וועלען עס אנדערע טאָן. עס איז א הונגער אין

אויסלאנד. זיי האָבען קיין ברויט ניט, — האָט דער טאַטע גע־זאָגט, און בשעת מעשה זיינען איהם די ליפּען געוועזען ווייס ווי קאַלך.

— אָ, וואָס זיינען מיר שולדיג? מיר זיינען בילבער, — האָבען אַלע מיטגעשריען און די פּנים׳ער זיינען ביי זיי גע־ווען רויט ווי פייער.

איך האָב דאָס דערצעהלט מיינע חברים, אָבער מיר האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן וואָס דאָס איז אזוינס, וואָס פאַר אַ שייכות האָט אויסלאַנד צו אונזערע שווארצע לאַבענס ברויט? אָבער פון דאַן אָן האָט מען אונז אָנגעהויבען געבען קלענערע שטיקלאַך. און אז מיר פלעגען באַלד קומען בעטען נאָך, האָט מען געשריען און זיך געבייזערט. מיר פלעגען אַוועקגעהן מיט לעדיגע, זיך לעגען מיט די פּנים׳ער ארויף, קוקען אין די הויכע בלאָהקייט, אויף די שטיקער צופליקטע ווייסע וואָלקענס, וואָס האָבען זיך געטראָגען אָהן אָן אויפהער ערגעץ־וואו. און דאַן האָב איך געטראכט אז דאָרט איז גוט און וואויל. דאָרט איז דאָך דאָ עולם הבא, דער גן עדן, דער לויתן און דער שור הבר און אַלע גוטע זאכען. עפּעל וואקסען דאָרט פראַנק און פריי; יעדער קען זיי רייסען גלייך פון די בוימער, און מען זאָגט גאָר ניט — מען מעג. ניט אזוי ווי דער ליעסניק, ימח שמו, וואָס יאָגט נאָך מיט׳ן הונט און כאַפּט אראָפּ דאָס היטעל. און דער־מאָנענדיג זיך אָן די אַלע גוטע זאכען, לויפט אָן דאָס מויל מיט שפּייאכץ, אונטער׳ן לעפעלע ציהט — אַ שרעק. כאַטש אַ שטי־קעלע ברויט, פּראָסטען שווארצען זויערען ברויט. אָבער עס איז אַ מורא: דער טאַטע קען נאָך דערזעהן און נעהמען שרייען.

— איצקע, גיב מיר אָפּ די ברויט, וואָס איך האָב דיר געליהען, — בעט איך זיך ביי מיין חבר מיט גוטען.

— ווען האָב איך ביי דיר געליהען ברויט? — מאַכט ער זיך ניט וויסענדיג און קוקט אויף מיר מיט זיינע בייזע שטעכיגע אויגלאַך.

— ביזט אַ חזיר! — מוסר איך איהם.

— ביזט אַ קוימענקעהרער, אַ ציגיינער, אַ בוצקום, — ענט־

פערט ער מיר אַפּ מיט רציחה און דריקט דאָס ברויט פעסט צום הארצען.

שלאָגען זיך מיט איהם טאָר מען ניט — ער איז אַ יתום. שווייג איך. אָבער דער הונגער שטארקט זיך. און ביז וועטשערע איז נאָך ווייט. די זון שטעהט אין מיטען רעכטען הימעל און טראכט אפילו ניט אראָפּצורוקען זיך אין מעריב זייט, הינטער'ן וואלד.

* * *

— וועה־וועה, ווי די קינדער זעהען אויס! אַ שרעק אַ קוק צו טאָן אויף זיי: הויט און ביין. איך האָב מורא, זיי זאָלען חלילה ניט קראנק ווערען. — אזוי קלאָגט זיך די מאמע פאר'ן טאטען איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען. מיר מאכען זיך אז מיר שלאָפען, אָבער דורך אַ שפעלטעלע פון אויג קוקען מיר אויפ'ן טאטען. דער פּנים איז איהם פארזאָרגט, די אויגען אומעטיג. ער שווייגט.

— וואָס שווייגסטו, ראובן? מען האָט באדארפט אָנהויבען עפּעס טאָן. זיי וועלען דאָך אָט אזוי אויסגעהן פאר הונגער. קינדער, זיי מוזען האָבען כאָטש דעם ביסען ברויט צו־זאַט, — זאָגט די מאמע און טרעהרען שטעהען ביי איהר אין די אויגען.

איך האָב אויף איהר אזוי רחמנות. ווען איך שעהם זיך ניט, וואָלט איך אויסגעשריען: מאמע, איך בין ניט הונגעריג, אַ האָרעלע אויך ניט. אָבער איך שווייג און קוק אויפ'ן טאטען, וועלכער זיצט אזוי ווי אַ פארגליווערטער. דער שטערן איז באַדעקט מיט טיפע קנייטשען, דאָס פּנים איז אויסגעקרימט, ווי פון וועהטאָג. איצט האָב איך דעם טאטען אויך האָלט.

— זיי האָבען מיר געזאָגט, אז מען וועט מאכין יד אחת און ניט לאָזען ארויספיהרען די קאָרן. זיי וועלען זיך שטעלען אויפ'ן וועג און אומקעהרען די פוהרלאָך. איך האָב מורא עס זאָל חלילה ניט קומען צו שפיכת דמים. ער וועט דאָך אויף קיין זאַך ניט קוקען. אזא רוצח! איהם ארט עפּיס פאר אַנדערע? — אזוי זאָגט דער טאטע, און איך ווייס, ווער דער „ער" איז. דאָס איז זלמן דער גביר. אָה, ווי איך האָב איהם איצט פיינט, איהם מיט זיין פולען קיילעכדיגען פּנים מיט דעם גרויסען

בויך. ווען איך קען, וואָלט איך איהם צוריסען אויף שטיקער, כאָטש וואָס ער האָט אזוינס געטאָן ווייס איך ניט. וואָס האָבען אונזערע לאָבענס ברויט צו טאָן מיט איהם? נאָר אז דער טאַטע זאָגט ווייס ער מסתמא, דער טאַטע ווייס אַלץ.

— ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלען, לאה? אפשר איז נאָר א פּלאַן, מיר זאָלען אָנהויבען נוצען באָב? — זאָגט דער טאַטע, און די אויגען בליצען איהם אויף.

— באָב גאָר! וואָס רעדסטו, ראובן?

— באַטראַכט זיך נאָר: באָב קאָסט א קאָפּיקע א פונט. וויפיל קען א מענש אויפעסען באָב? נו לאָמיר זאָגען א פונט. איז ניין פונט. מיט'ן ביסעל ברויט וועט עס זיין איבערגענוג. דאַכט זיך, ניט טייער.

— אפשר איז דאָס טאַקע א פּלאַן? — זאָגט די מאַמע פאַרטראַכט. — מען קען אָפּקאָכען אויף א צוויי־דריי טעג, וועט מען נאָך איינשפּאָרען האָלץ אויך.

— געוויס אזוי. באָב קען שטעהן. און אז מען קאָכט עס אָפּ מיט זאַלץ, איז דאָך דאָס מחיה נפשות. כע־כע... איך וואָלט זיך אפילו איצט ניט אָפּגעזאָגט פון א ביסעל באָב, — זאָגט דער טאַטע מיט א געלעכטערל, און דאָס גאַנצע פּנים שיינט און לויכט איהם.

דערהערט „באָב", בין איך א פאַרצאַפּעלטער געוואָרען: אין מיטען וואָך — ווייכען באָב, וואָס צוגעהט אין מויל! דאָס עסט מען דאָך נאָר פּורים אָדער אויף א ברית, אויף א בן זכר...

— הערשעלע, הארכסט? — באָב, כי־כי־כי, — רוים איך איין מיין ברודער אין אויער א סוד.

— באָב?! — ענטפערט ער מיר, און די אויגען שיינען איהם פאַר פרייד.

— זאָלסט קיינעם ניט אויסזאָגען. הערסט! גיב מיר א האַנט. אפילו איציקען ניט, — זאָג איך איהם אָן שטרענג.

— מיר וועלען זיי אפילו איין באָב ניט געבען, אפילו א האַלבען אויך ניט, — זאָגט הערשעלע און קוועלט גאָר אָן.

— מיר'ן זיך שוין מעהר מיט איציקלען ניט שפּילען. ער איז מיר שוין שולדיג אפשר א פּוד ברויט, און וויל ניט אָפּגעבען.

— מיר אויך!...

מיר קענען שוין מעהר ניט איינליגען. מיר שפרינגען אויף, טוען זיך אָן, גיסען אָפּ נעגעל־וואסער, נעהמען זיך פאר צוויי ציצית, זאָגען מודה אני. די מאמע גיט אונז זאָנבייסען — בורי־קעס מיט ברויט, און היידא אין פעלד אריין, צום הר גריזים, צום ווייכען גרינעם גראָז.

אָבער לאַנג ליגען קענען מיר ניט. עפּעס רופט און ציהט. עס ווילט זיך זעהן, וואָס מיט די באָב טוט זיך. מיר שטעקען די נעזער אין קיך, אין פינסטערען קעמערעל. מיר זוכען דעם גרויסען, שווארצען טאָפּ. דאָרט ווייקען זיך די באָבעס. זיי זיינען שוין אָנגעשוואָלען, אויפגעלאָפען, די הויט צוקנייטשט. די מאמע לאָזט אָבער ניט אָנריהרען, ווייל מען טאָר דאָס אזוי ניט עסען. אז עס וועט זיין פארטיג, וועט מען אונז געבען. דערווייל טרייבט מען אונז פון שטוב, און פאר גרויס פרייד פאר־געסען מיר אפילו צו נעהמען מיט זיך א שטיקעל ברויט. אָבער וועמען ליגט עס איצט אין זינען ברויט...

* * *

אין שטוב איז עפּעס ליכטיגער געוואָרען. דעם טאַטען'ס פנים האָט געלויכטען. דער הויכער שטערען האָט זיך אויסגע־גלייכט, און די גרויע, גרויסע אויגען זיינע האָבען געקוקט אזוי הארציג.

אויפ'ן טיש, אין דער גרויסער פּאָרצעלייענער שיסעל זיינען געווען די באָבעס — ברוינע, צושפּאָלטענע, מעהליגע. עס האָט זיך געטראָגען א פּארע אזש ביז צום באַלקען. די מאמע האָט יעדען זיין חלק איינגעטיילט, און עס איז געווען גוט, א מחיה. וויפיל די מאמע האָט זיך ניט צובעטען ביי אונז מיר זאָלען עס עסען מיט ברויט, האָבען מיר איהר ניט געפאָלגט: א שאָד איבער־צופיהרען דעם טעם פון די באָב...

— עסט, קינדער! — בעט זיך די מאמע מיט געטריישאַפט אין קול. — איהר האָט זיך נעבעך גענוג אָנגעהונגערט.

— נו, חברה, וואָס זייט איהר אָפּגעשטאַנען? מאָטקע, הערשקע, עסט! נעהמט נאָך א ביסעל! — אזוי זאָגט דער טאטע און קוקט אויף אונז מיט א גליקליכען שמייכעל.

# פאַרלאָרען דעם חן

דאָס איז געווען לאַנג צוריק. איך בין איינגעלאַדען געוואָ־רען צו לעקטשורען אין אַ קליין שטעדטעל, ערגעץ אין ניו־יאָרק סטייט. דער האָל איז געווען געפּאַקט, עס זיינען געקומען אפילו מאַמעס מיט פּיצלאַך קינדער אויף די הענט. גערעדט האָב איך דאַן וועגען דעם אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזם. איך האָב ציטירט פון פּרודאָן, שטירנער, באַקונין, קראָפּאָטקין, האָב פאַנאַנ־דערגעוויקעלט זייערע גרויסאַרטיגע סיסטעמען, און דער עולם פון קליינע קרעמערלאַך, פּעדלערס און הויז באַלעבאָסטעס, האָט אַזש די פינגער געלעקט. געוויס האָבען זיי אַלעס פאַרשטאַנען; וואָרים צוליב וואָס דען האָבען זיי מיך אַזוי הויך, אַזוי שטורמדיג אַפּלאָדירט? אָבער ווי נאָר איך האָב געענדיגט, רוקט זיך צו מיר צו אַ דאַרער, בלאַסער אידעל, מיט צושראָקענע אויגען און זאָגט מיר שטיל אויפ'ן אויער:

— איך בעט אייך זעהר, קומט צו מיר אויף סאַפּער (אָווענד ברויט).

איך האָב זיך באמת דערפרעהט. ווייל, פאַרשטעהט איהר מיך, ניט פאַר היינט געדאַכט, איך בין דאַן געווען אַ גרויסער אָרימאַן. צאָהלען פאַר אַ לעקטשור איז ניט געווען אין דער מאָדע; דאָס וואָלט זיך גערעכענט פאַר אַ שרעקליכע זינד. אין קעשענע איז ביי מיר געווען פּוסט און וויסט, איך האָב גע־האַט קוים אויף אַ טיקעט אהיים אין ניו יאָרק. פונדעסטוועגען האָב איך געמאַכט אַן אָנשטעל און געזאָגט:

— איך דאַנק אייך זעהר, אָבער איך האָב קיין צייט ניט. איהר פאַרשטעהט דאָך, אַז איך בין אַ פאַרנומענער מענש.

— איך פאַרשטעה, געוויס פאַרשטעה איך... — האָט דער איד געזאָגט מיט אַן אונטערטעניגען שמייכעלע — וואָס, איך ווייס דען ניט, אַז איהר האָט קיין צייט ניט פאַר אַזעלכע זאַכען? אָבער וואָס זאָל איך טאָן? דאָס ווייבעל מיינס האָט מיר אָנ־

געזאגט, אז איך זאָל אָהן אייך אהיים ניט קומען. זי האָט אלעם צוגעגרייט, זי האָט זיך דאָך אזוי גערינכט אויף אייך.

מילאָ, פארשטעה איך, אז מיין אידעל איז אין דער קלעם. מסתמא האָט שוין זיין צווייטע העלפט פונאנדערגעפויקט פאר אלע שכנים, אז צו זיי אין געסט וועט קומען דער באריהמטער אנארכיסט, דער גרויסער מענש; און ווען איך זאָל ניט איינוויליגען, וואָלט ארויסגעקומען א סקאנדאל, ער וואָלט געהאט א פינסטערע וועטשערע. אין די זאכען, ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך גראד א ווייכהארציגער מענש, בפרט אז מיר האָט זיך שטארק געוואָלט עסען, טאקע גאנץ שטארק, אָבער צושטימען גלאט אזוי זיך, האָט מיר אויך ניט געפאסט.

— מיר איז זעהר אנגענעם אייער פרוי'ס פריינדשאפט, און דאנקט זי אין מיין נאָמען, אָבער איך וויים אין דער אמת'ען ניט... איהר פארשטעהט דאָך, — האָב איך געזאָגט, קנייטשענדיג דעם שטערן; נאָר מיין הארץ האָט מיר א ציטער געטאָן: טאָמער נעמט ער אין דער אמת'ן און לאָזט מיך איבער אט אזוי.

— קומט, איך בעט אייך, — האָט ער ארויסגערעדט מיט א רחמנות פנים און מיך אָנגענומען פאר'ן ארבעל פון ראָק, כדי איך זאָל חלילה ניט אנטלויפען.

— מילא, וואס זאל מען טאָן... קומט, — האָב איך צום סוף ארויסגערעדט מיט א זיפץ.

און א „סאפער" האָב איך געהאט! רבונו של עולם, ווען איך וויים, אז מען גיט דאָרט אויפ'ן עולם האמת אזעלכע געריכ־טען, וואָלט איך קיין מינוט ניט געטראכט און פארלאָזען אונזער זינדיגע ערד. א טיש מיט כל טוב, גאנצע בערג מיט שפייז. מיר איז ליכטיג געווארען אין די אויגען. עפעס א קלייניגקייט, נאָך אונזערע רעסטאָראנען, וואו יעדער ביסען איז אפגעמאסטען און אפגעוואויגען, אז מען דערלאנגט דיר פולע שיסלען און מען זאָגט: „עס"! מען בעט זיך ביי דיר, מען חלשט, אבי דו זאָלסט נעהמען נאָך א שטיקעלע פלייש, נאָך א גלעזעלע ביער, איך, פאר־שטעהט זיך, האָב זיי געזעהן צופרידען צו שטעלען. איך האָב געארבייט מיט אלע קרעפטען.

נאָכ'ן עסען האָט זיך די באַלעבאָסטע א נעהם געטאָן צו מיר. האָט מיר אויסדערצעהלט איהר גאַנצען יחוס, און אויס־געקומען איז, אז איהר טאטע איז געווען דער קליגסטער, רייכ־סטער, פרימסטער מענש אויף דער גאַנצער וועלט, און אז אַלע אין שטעדטעל זיינען נאָך איהר נאָכגעלאָפען, ממש זיך גע־האַנגען אויפ'ן האַלז ביי איהר.

— קוקט ניט, וואס איך בין שוין איצט אן אַלטע באָבעצע (א ליגען, זי איז נאָך געווען גאַנץ יונג) און בין א מיאוס'ע (א ליגען, זי איז געווען א גאַנץ חנ'עוודיגע). איך בין געווען די שעהנסטע מיידעל ביי אונז אין שטעדטעל.

אזוי דערצעהלט זי מיר און פארגלאָצט די אויגען ארויף צום באַלקען. זי שמייכעלט זיס און באַוועגט קאָקעטיש איהר פולען רונדען קערפער. נאָר וואס איז די פעולה, אז איך בין געווען מיד, עס האָט זיך געוואָלט שלאָפען. און דער מאַן זיצט די גאַנצע צייט פאר די אויגען, קייט דעם צונג און צוגעהט פאר נחת, וואס ער האָט אזא קלוגע, אזא געראָטענע, שעהנע ווייבעל. איך האָב געליטען און געשוויגען. מען קאָן דאָך קיין חזיר ניט זיין, — מענשען האָבען זיך געלאָזט קאָסטען א מטמון מיט געלד. עס איז אפשר געווען דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבען, וואָס זיי האָבען געהאַט ביי זיך אין הויז „א גרויסען, באַ־וואוסטען מענשען”. ניט אָפט האָבען זיי געהאַט אזעלכע ימים־טובים. אָבער צו אַלץ נעהמט א סוף. זי איז מיעד געוואָרען און מען האָט מיר אָנגעוויזען, וואו איך וועל האָבען מיין געלעגער.

פון קינדהייט אָן האָב איך א שוואַכקייט: פאר'ן שלאָף מוז איך עפעס לעזען, אָהן דעם געהט עס ביי מיר ניט. דאָס איז א ירושה־זאַך: מיין טאַטע, זכרונו לברכה, האָט אויך געהאַט אזא טבע, פאר'ן שלאָף האָט ער געמוזט אריינקוקען אין א ספר. ער פלעגט כאַפּען א פסק פון דער מאַמען, עליה השלום, וואָרים זי האָט געזשאַלעוועט די קעראָסין. אָבער ער האָט זיך דאָס זייניגע געטאָן, געלעגען מיט'ן פנים ארויף, פאַרטיפט און ניט געהערט וואס מען רעדט צו איהם. איך בין, מיר צו לאַנגע יאָהר, אויס'ן אויג ער. אויך מיין אַלטעטשקע וואַרטשעט און

בייזערט זיך, ניט ווייל זי זשאַלעוועט די געז, נאָר דערפאַר וואס איך מאַך קאַליע די אויגען. עס איז ניט געזונט צו לעזען פאַר פייער, זאָגט זי. זי איז אַ געבילדעטע דאַמע און ווייס אַלץ, וואָס עס שאַדט, און פונקט ווי מיין טאַטע, מיר צו לענגערע יאָהר, הער איך זי ווי דעם פאראיאָהריגען שניי. זי וואָרטשעט און איך לייען.

איידער איך האָב זיך געלעגט, גיב איך אַ פרעג מיין באַלעבאָס:

— גענאָסע, אפשר האָט איהר עפּעס אַ ביכעל צום לעזען?

— אַ ביכעל? ניין. איך האָב ניט — ענטפערט ער פאַר־שעהמט.

— וואָס הייסט, איהר האָט ניט? — וואונדער איך זיך,— כאָטש עפּעס וואס?

— עס איז גאַר נישטאָ, — זאָגט ער און צושפּרייט די הענט.

און ווייל ער זאָגט, אַז עס איז ניטאָ, פאַרווילט זיך מיר דוקא לעזען. איך פיהל, אַז איך מוז האָבען אַ ביכעל. ביי מיר איז דאָס ווי אַ מין שיכרות. אזוי בין איך דוקא ניט קיין שיכור, טרינק נישט, שפּיל נישט אין קאָרטען און בין, וואס מען זאָגט אַ געשטעלטער מענש. אָבער לעזען מוז איך. דאָס איז מיר נויטיג ווי לופט צום אָטעמען. דער געדאַנק מיינער מוז זיך צוטשעפּען צו וואָס עס איז זייטיגס, ווייטעס און פרעמדעס. איך מוז קוקען אויף די שווארצע פינטעלאַך, דאָס באַרוהיגט מיך. דערביי מאַכט נישט אויס, וואס דאָס איז. דאָס בעסטע איז אַ ראָמאַן וועגען אַ בן־מלך און אַ בת־מלכה. אבער אז דאָס איז נישטאָ, איז גוט וואס ניט איז — אסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיקע, אָדער עפּעס אַן אַנדער שווארץ יאָהר. איך בין זיך מודה, אַז אַ פּאָר מאָל האָב איך זיך געלאָבט מיט אַ טייטש־חומש, מיט אַ סליחה, מיט אַ תהילים, אפילו אַ תחינה, — ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען, — אַ תחינה האָב איך אַ פּאָר מאָל נעלייענט פאַר'ן שלאָף, און עס האָט מיר גאָר ניט פאַרשאַדט.

— גיט א קוק גוט; אמאָל מאכט זיך, אז עס פארוואלגערט זיך עפּעס. מען לעזט דאָך ביי אייך אין הויז. איך זעה, אז איהר זייט אינטעליגענטע מענשען. סטייטש, ווי שיקט זיך עס? האָב איך געזאָגט.

— נישטאָ גארנישט, — זאָגט ער פארשעמט.

— א שאָד, איך וועל נישט קאָנען איינשלאָפען, — הויב איך זיך אָן צו באקלאָגען, — איך וועל שוין אפליגען אזוי ביז טאָג. וואס הויבט מען אָן צו טאָן?

א ווײַלע איז ער געשטאנען, מיין באלעבאָס, מיט א פאר־שולדיגטען שמייכעל אויפ'ן פּנים, האָט מיר געוואונשען א גוטע נאכט און איז ארויס.

איך האָב ניט געקאָנט צומאכען די אויגען. מיר האָט זיך אלץ געדאכט, אז איך שטעה אויפ'ן פלאטפארם און רעד, אז הונדערטער אויגען קוקען אויף מיר, אז איך הער געשרייען, א טופּען מיט די פיס און א פאטשערייי. איך האָב זיך אויפגעזעצט אויפ'ן געלעגער, געזיפצט, געגענעצט און צוריק געלעגט זיך. דאָס גאנצע לייב האָט מיר געברענט, ווי א פייער. ענדליך האָב איך א בורטשע געטאָן מיט כעס: „מענשען זאלען ניט האָבען קיין בוך אין שטוב!"

פון זייער צימער האָט זיך דערטראָגען א שעפּטשען: עפּעס האָבען זיי זיך דאָרט געאמפּערט. איך האָב דערהערט שפּאנען באָר־וועסע פיס איבער'ן פלאָר, און איך האָב דערהערט ווי דער באלעבאָס רעדט אינטער'ן טיר:

— גענאָסע, ענטשולדיגט, אָבער דאָס ווייבעל מיינס זאָגט, אז איך זאָל אייך געבען איהר בוך, וואָס זי לעזט. איך האָב איהר געזאגט, אז דאָס איז ניט פאר אייך, אבער זי האָט מיר געהייסען פרעגען.

— וואָס פרעגען? גיט אהער. פרעגען דארף ער נאָך?
— האָב איך מיט שמחה אויסגעשריען.

— געהט, געהט! איהר וועט דאָס אין האנט ניט וועלען געהמען. ס'איז א ראָמאן.

— ברענגט אהער, גיכער! הערסט אן איינפאל, דאס איז דאך די ריכטיגע סחורה! גיט אהער.

— הע, הע, איהר מאכט חוזק פון אונז.

— איך מאך שוין גאר ניט קיין חוזק, ברענגט עס און געהט שלאפען.

ווי א דארשטיגער אויף וואסער האב איך זיך ארויפגעווארפען אויפ'ן דיקען ראמאן. מיר איז ליכטיג געווארען אין די אויגען, קושען האט זיך מיר געוואלט די אפגעשייבענע טאוולען. און דאס איז טאקע געווען א זעלטענער ראמאן: וועגען א בעטלער, וואס איז פלוצים געווארען א מיליאנער, און וועגען פרינצען, וואס רעדען האלב־פראנצויזיש האלב־דייטש. מען איז אין די הימלען געפלויגען. אונטער דער ערד געקראכען. מיר האט אזש דער אטעם פארכאפט. איך האב געשלונגען, ממש געשלונגען די בלעטלאך.

נאר עפעס האט מיר איבערגעשלאגען די געדאנקען: א שארך, א שעפטשען האט זיך צו מיר דערטראגען. איך האב געווארפען א בליק צום טיר און דערזעהן דורכ'ן שפאלט צוויי ווייסע פיגורען. איך האב א ציטער געטאן פאר שרעק און שיער ניט אנגעהויבען שרייען. באלד זיינען די ווייסע פיגורען פארשוואונדען און איך האב דערהערט א שטילען אונטערדריקטען געשפרעך:

— ער איז א פייקער. וואו איז דאס געהערט געווארען, אז א לעקטשורער זאל לייענען אזעלכע זאכען, — א ווייבערשען ראמאן?

— אהא, אבי דו לאכסט אלע מאל פון מיר; זאגסט אז איך פארשטעה ניט. אט זעה, ווער עס לייענט דאס! נא, קוק!

איך האב פארשטאנען אז קיין געפאהר איז נישטא, און האב זיך ווידער פארטיפט אין מיין ראמאן.

דערפאר, אין א צייט ארום, אז איך בין ווידער געקומען אין יענער שטעדטעל לעקטשורען, איז אויסער וואס מיינע צוהערער זיינען געווען ווייניג און האבען זיך געהאלטען זעהר שלעכט, בין איך נאך געבליבען אהן א וועטשערע און אהן א נאכטלעגער.

# א שטילע דעמאָנסטראַציע.

— קום, איך וועל דיר היינט ערגעץ מיטנעהמען. אָבער זיי א מענש, געדענק...

אין הארצען איז מיר געוואָרען עפּעס מאָדנע ווארים און קאַלט מיטאמאָל. מען וועט מיר, הייסט עס, היינט מיטנעהמען אויף א פארזאמלונג. דאָס איז געווען פאר מיר אן אמת'ע שמחה. איך האָב זיך שוין לאַנג געבעטען ביי מיין אגיטאטאָר, חיים דעם געלען, ער זאָל מיך מיטנעהמען. ער פלעגט עס אָבער אַלץ אָפּלעגען. שטענדיג האָט ער געהאט אן אנדער אויסרייד. מיר פלעגט עס שטארק פארדריסען: סטייטש, בין איך דען ניט געגוג „קאָנספיראטיוו“? מיט וואָס בין איך ערגער פאר פינקען, פאר שלמה'קען?...

נאָר ווען מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אז מען נעהמט מיר אויף א פארזאמלונג, האָב איך אונערוואַרטעט דערשפירט אין זיך א קליין ביסעל שרעק: טאָמער כאַפּט מען מיך?... איך האָב דער־פיהלט, ווי עס האָט מיר א טיאָכקע געטאָן אין הארצען.

וועגען ניט געהן האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. וואָס הייסט, ניט געהן? ווי קען מען עס זיין אזא טרוס? סטייטש, א באוואוסטזיניגער, און זאָל מורא האָבען צו געהן אויף א פאר־זאמלונג?! איך וואָלט דאָך פאר חרפה פון שטאָדט געדארפט אנטלויפען.

געדענקט האָב איך, אז מיר וועלען דארפען געהן ווייט הינ־טער'ן שטאָדט, ערגעץ אין א וואלד, אין א טיפען טאָל, אין א פארבאָרגענעם פּלאַץ. לאָזט זיך גאָר אויס, אז מען ברענגט מיר אין שטאָדט־גאָרטען, אין רעכטען מיטען שטאָדט, וואו עס שפּאַ־צירען הונדערטע מענשען, וואו עס שטעהען אויפ'ן פּאָסטען פּאָליציי. איך האָב ניט אָנגעהויבען פארשטעהן וואָס דאָ וועט זיין אזוינס.

— ווען הויבט זיך עס אָן? — פרעג איך ביי חיים'ען.

— האָב צייט. מען טאָר זיך ניט איילען. — ענטפערט ער געהיימניספול.

די צייט האָט זיך געצויגען ווי פון פעך. דאָס אונערוואַרטעטע, די אומבאַשטימטקייט האָט געררייצט און אָנגעצויגען די נערוועז. אָ באַלד דאַרף עפּעס פּאַסירען, געוויס אַ גרויסע זאַך. מיר זיינען דאָך אַ סך, מיר זיינען דאָך שטאַרק, מיר זיינען דאָך מעכטיג.

אזוי האָט מיר די גאַנצע צייט חיים אַגיטירט, האָט מיר געמאָלען דעם אַרבייטער־קלאַס.

אָט איצט וועלען מיר, הייסט עס, זיך באַווייזען פאַר דער וועלט. און וואָס וועט זיין, אז מען וועט אונז אַרעסטירען? וואָס וועט זאָגען דער טאַטע, די מאַמע? אין קאָפּ נעהמט זיך מאָלען אַ בילד. עס איז שבת, מען זיצט ביים טיש. אַלע קינדער אַרום. עס איז פרעהליך. דער טאַטע שמייכעלט, די מאַמע טיילט די חלקים. פּלוצים זאָגט מען זיי אָן, אז זייער משה'קע איז אַרעסטירט. דער טאַטע ווערט בלייך, די מאַמע חלש'ט, די קינדער וויינען...

— קום, ס'איז שוין צייט, — זאָגט צו מיר חיים.

איהם אַרט עס גאָר ניט. ער איז רוהיג, קאַלט ווי אַלע מאָל.

מיר נעהמען זיך אונטער די הענט און לאָזען זיך געהן. הינטער אונז געהען נאָך אַ פּאָר בחורים, אויך אונטער די הענט. איך וויל זיי באַטראַכטען, לאָזט מיר חיים ניט.

— קוק נאָר פאַר זיך, — שושקעט ער מיר אין אויער אַריין.

באַלד קומט אָן אַ נייע פּאָרעל, אַ בחור מיט אַ מיידעל, און שטעלען זיך פאַר אונז, אויך געאַרמט. זיי זיינען נאָך ביידע יונגע, אָרימע — קענטיג אַרבייטער.

און דער טאָג איז שעהן, וואַרים, אַ דערקוויקעניש. די זון שיינט אַריין צווישען די צווייגען פון די ביימער, אזוי ווי דורך אַ סוכה. די ביימער שפּראָצען שוין, גרינינקע בליהונג זעהט זיך אומעטום. דער עולם אין גאָרטען איז אַ געדיכטער: ס'איז דער ערשטער טאָג אין פריהלינג.

איך קוק זיך אום: פאָראויס געהט שוין אַ לאַנגע שורה, אַ

לאַנגע קייט. הינטער אונז — אויף דאָס זעלבע. אַלץ יונגע אַרבייטער, בחורים און מיידלאַך.

מיר ווערט פרעהליך אויפ'ן האַרצען. צווישען אַזוי פיל מענשען איז מען עפּעס זיכערער. הייגט גלאַט דאָס אויסזעהן זייערער — אַלע אַזוינע פרעהליכע, שמייכלענדע. ביי די מיידלאַך זיינען די פּנים'ער פאַרפלאַמט, פאַררויטעלט, און די אויגען בלישטשען.

מיר שפּאַנען אַלץ אין דער זעלבער אַלעע הין און צוריק, הין און צוריק. וואָס ווייטער זעה איך ווי די שורה וואַקסט אַלץ לענגער און לענגער, שוין כמעט מיט אַן אויג ניט צו דערוואַרפען.

צופעליג מישען זיך אריין זייטיגע שפּאַצירער. זיי געהען אַ ווײַלע מיט אונז. אָבער באַלד דערפיהלען זיי אינסטינקטיוו, אַז דאָ איז „עפּעס נישט דאָס". און געהען איבער אין דער צווייטער אַלעע. אונזערע זעהען דאָס און שמייכלען. אימיצער וואַרפט אַ שאַרף ווערטעל אויף זייער חשבון, מען לאַכט שטילערהייד אין זיך.

באַלד בלייבען מיר אין גאַנצען אַליין אין דער אַלעע. דער אַרומיגער עולם האָט זיך מיט שרעק אָפּגעטראָגען פון אונז. זיי האָבען דערזעהן אַנדערע מענשען, אַן אַנדער גאַנג, אַנדערע קליידער: רויטע העמדלאַך, שוואַרצע שטעקלאַך, און מאָדנע, פרעמדע פּנים'ער...

מיר דערפיהלען זיך פּלוצלונג ווי אַן אָפּגעזונדערטע משפחה, ווי אַן ענג־צוזאַמענגעבונדענע פאַמיליע. מיר זיינען אַרומגערינגעלט פון פרעמדע, פון פיינט. איך דערפיהל פּלוצים אַ ליבשאַפט צו די אַלע, וואָס געהען דאָ מיט מיר; איך פיהל אַזוי ווי איין מאַמע וואָלט אונז געהאַט, ווי אין איין הויז וואָלטען מיר זיך געהאָדעוועט.

מען האָט שוין באַמערקט, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר. פון די זייטיגע אַלעען גיט מען זיך אַ וואָרף צו אונז, מען שטעלט זיך אויס פון ביידע זייטען און מען קוקט. אין די אויגען ביי זיי שפּיגעלט זיך שרעק, פאַרוואונדערונג, נאָר זיי שטעהען ווי צוגעשמידט צו די ערטער, ווי פאַר'כשופ'טע.

מיר פיהלען, אַז הונדערטער אויגען קוקען אויף אונז. דאָס

מאכט אונז שטאָלץ. דער טראָט ווערט פעסטער, זיכערער. יעדער פון אונז ציהט זיך אויס אזוי ווי מען וואָלט וועלען אויסוווייזען גרעסער, העכער. אין ברוסט שטייגט עפּעס, עס צאַפּעלט, באַוועגט זיך עטוואָס אזוינס, וואָס מאכט אָטעמען שנעלער. דאָס בלוט שטראָמט גיך, שטארק, געשווינד אין די אָדערען.

און עס דאכט זיך, אז מיר זיינען א גרויסער חיל, וואָס געהט, טראָגט זיך ערגעץ אויף א מלחמה; אז ניט אין א שטאָדט זיינען מיר, נאָר מיר שפּאַנען דורך א מדבר, דורך א זאמדיגער וויסטעניש — אָנפאַלען אויף א פיינד געהען מיר, אויף א פרעמדען, אונבאקאנטען פיינד.

שטום, שטילשוויינענד מארשירען מיר ארויף און אראָפּ. קיין זילבע, קיין קלאנג רייסט זיך ניט אראָפּ פון קיינעם'ס ליפּען. אָבער אין זיך פיהלען מיר א מעכטיגען געזאנג; עס קלינגט אונז אין די אויערען, אין הארצען איז לייכט און גוט; שוין ניטאָ קיין שרעק, קיין סימן פון פחד. פון אונזער אלעמען'ס שטילשווייגען קלייבט זיך, דאכט זיך, אָן אין דער לופטען, זאמעלט זיך צונויף א שטארקע, שעהנע מעלאָדיע, וואָס גיסט זיך הארמאָניש צוזאמען און דרינגט אריין אין די הערצער, און דאָס קריצט זיך איין אין דער נשמה אויף אייביג, אויף אימער.

עס הויבט אָן צופאלען די נאכט. דער הימעל איז לויטער, שעהן. די ערשטע שטערען באווייזען זיך, ווי אקאָרשט געבאָרענע עופה'לאך, שוואכע, צארטע, קוים, קוים צו באמערקען. און די ווייטע טיפע בלויקייט איז היינט אזוי ווייך, אזוי גוט; קיין מאָל האָט מיר נאָך דער הימעל אזוי שעהן ניט אויסגעזעהן, די וועלט אזוי ליב און גוט. שטילינקערהייד גיב איך זיך א שבועה, קיינמאָל ניט אָפּצוטרעטען פון אָט די מענשען — צוזאמען, צוזאמען מיט זיי ביז אין טויט אריין.

* * *

שטיל ווי שאָטענס צוגעהען מיר זיך. מען שווייגט, מען רעדט ניט אויס קיין וואָרט. צו פול איז דאָס הארץ, כדי ארויסצוברענגען א וואָרט. אָבער די אויגען ריידען; זיי שיינען און גלאנצען פון דעם אָנגעצונדענעם פייערעל, וואָס ברענט אזוי לויטער, אזוי העל.

# א פּאַטריאָט פון אַמעריקאַ.

אין אַלגעמיין איז חיים לעווין צופרידען געווען מיט זיין מזל. די רעכטע געדיכטע — דאָס פּאָקען און מאָזלען — איז ער שוין אריבערגעקומען. איבערהויפּט זינט ער איז אריין אין דער יוניאָן איז ער געוואָרען גאַנץ שטייף ביי זיך. אַמעריקא האָט ער גאָרניט פיינט. ווען מען זאָל מעגען, וואָלט ער אפילו געוואָרען א פּאַטריאָט. זעהר א וואוילע מדינה, אמעריקא! עפּעס לעבט זיך דאָ גאָר אַנדערש ווי דאָרטען. נאָר מיט דער ווייב זיינער איז ער דאָ אויף געהאַקטע צרות. רק זי קרימט זיך, שטענדיג איז זי אָנגעבלאָזען, האַלט אין איין וואָרטשען — איהר געפעלט ניט אַמעריקאַ.

— אז אַלץ איז דאָ מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ: א באַהן זאָל געהן אין דער הויך, איבער די קעפּ, און בראַזגען אַזוי, אז מען קען פאַרטויבט ווערען, און הייזער, רבונו של עולם! הייזער זיינען דאָס ?! ווער האָט צו זיי כחות? קריך ביז׳ן הימעל. מי שלאָגט זיך אַרוים פון די קרעפּטען, איידער מי קומט צו זיך אין שטוב אריין. היינט די מענשען — האָט מען דאָ א פּנים פון מענ־שען? מיאוסקייטען איינער גרעסער פאַר׳ן אַנדערען... אָפּגע־גאָלטע מאָרדעס, גלאַטע פּנים׳ער, ווי ביי אַלטע ווייבער... אוי, א שטאָדט!...

חיים׳ען רעגט עס אויף. ער קען דאָס ניט הערען. סטייטש! מען דאַרף דאָך זיין דאַנקבאַר, מען טאָר דאָך ניט וואַרפען שטיי־נער אויף דעם, וואָס טוט דיר גוטעס. זינט ער געדענקט האָט ער אין דער היים אין זיין שטעדטעל קיין מאָל אפילו קיין העלפט ניט פאַרדינט וואָס דאָ. געוואוינט האָבען זיי אין כאַלופּקע, א נאַסע און א פינסטערע. דאָ איז דאָך אַן אמת׳ער פאַרגעניגען: דריי צימערען מיט א וואַנע. א קלייניגקייט: א וואַנע אין

שטוב! ווער האָט עס דאָרט? אפילו ביים גרעסטען נגיד אין שטעדטעל איז דאָך דאָס ניטאָ. און אחוץ דעם: עס איז ציכטיג און ליכטיג, אויסגעקלעפט, אויסגעווייסט — מיט איין וואָרט: ער לעבט ווי אַ מענש. דאַרפסטו דאָך אָם ווענינגסטען דאָס אנערקענען, ניט שפּייען אויף דעם.

אָט נעהם, למשל, דאָס עסען — טענה'ט ער צו איהר. — נו זאָג אליין: וועסטו אין דער היים האָבען אזוינע שפּייז? אַלע טאָג פליייש, חלה, וויפיל דאָס הארץ גלוסט. געדענקסט דאָרטען, אז גאָט האָט שוין געהאָלפען, איז געווען אַ שטיקעל פליייש אויף שבת, אָבער אין דער וואָכען...

— הער אויף מיט דיינע פליייש! מיר קריכט עס שוין פון האלז. ס'האָט קיין טעם און קיין ריח. וועסט עס אפשר פארגלייכען מיט אַ היימישער שטיקעל פליייש? דאָרט צוגעהט עס דאָך אין מויל... — האָט זי אויף דעם געענטפערט מיט אַ פנים אזוי ווי עס וואָלט זי געעקעלט אויף אַן אמת.

— עס דאַכט זיך דיר נאָר אזוי, ווייל דו עסט אַלע טאָג, ביזטו שוין צוגעוואוינט. פּרואוו עסען אַלע טאָג קוגעל, וועסטו אויך קיין טעם ניט פיהלען.

— וואָלט עס כאָטש געווען אמת'ע פליייש, איז נאָך ווי ניט איז. אָבער דאָס איז דאָך געמאכט... וועסט מיר דען איינ־שמועסען, אז דאָס וואָס מיר עסען איז טאקע ריכטיגע שפּייז? וואו האָבען זיי דאָ פעלדער, וואו האָבען זיי לאָנקעס?...

און אַז ער זאָגט איהר, אַז זי רעדט נארישקייטען, אַז זי ווייס נאָך גאָר ניט פון אמעריקא, העלפט עס ניט. זי רעגט זיך נאָך מעהר אויף; ער וויל זי פארפיהרען, פאררעדען די ציינער, זאָגט זי; אָט האָט זי אליין געהערט פון אַ וויבעל דער־צעהלען, אַז דאָס וואסער וואָס מיר טרינקען איז אויך ניט קיין ריכטיגע, אז מ'נעהמט עס פון ים און מ'זייט עס דורך, און וואָס פאר אַ טעם האָט ים־וואסער, דאָס דאַרף מען איהר ניט דער־צעהלען; אז זי דערמאָנט זיך אָן דעם ווערט איהר ניט גוט...

אָט די אַלע טענות קאָסטען חיים'ען געזונט. קומענדיג אהיים נאָך אַ שווערען טאָג ארבייט, וואָלט ער זיך וועלען דורכ־

רעדען, אויסגיסען זיין הארץ. טאר ער דאס אבער ניט טאן. דאס וואלט דאך הייסען: איהר צוגעבען נאך מעהר שטאף צום ריידען, נאך מעהר האס צום היגען לעבען. פארשטיקט ער אלע זיינע ליידען און צרות אין זיך און ווייזט פאר איהם א פרעהליכען פנים, האלט זיך מעשה אמעריקאנער און האלט אין איין דערצעהלען די נסים פון אמעריקאנער לעבען.

— ווייסט, אפילו א פאליצמייסטער קלייבט מען דאך דא אויס. ווען דאס פאלק וויל, דעם קלייבט מען אויס. דא וועט מען דיר ניט כאפען פאר׳ן קאלנער אין מיטען סטריט און מיר־ניט, דיר־ניט נעהמען און ארעסטירען. ניין, מיין טייערינקע! זאל ער נאר פרואווען, וועט ער איבער־א־יאהר בלייבען זיצען אין דער היים.

— אזוי, אזוי?! דא קושט מען דאך, דא האלזט מען! איין קליינינקייט! את האסטו מיר דאך דערצעהלט, אז ביי א סטרייק האט מען צושפאלטען קעפ ביי די ארבייטער. אפשר ניט אזוי? וואס?

— אבער פארט ניט אזוי ווי אין רוסלאנד.

— אך, איך האב גאר פארגעסען: דא, אז מען שלאגט, טוט ניט וועה. פארקעהרט, ס׳איז גאר א פארגעניגען, ס׳טוט הנאה...

דאס איז דער שוואכסטער פונקט זיינער. ער האט זיך אמאל נעדארפט ארויסריידען פאר איהר, אז אין דער צייט פון סטרייק האט ער געכאפט מיט א קלאב אין זייט. נאך איצט, אין א פייכטען פעטער, טוט איהם דארט אפטמאל וועה. גאנץ אפט, אז זי קומט צו־קורץ אין רייד, דערמאנט זי איהם וועגען דעם פאליסמאן מיט׳ן קלאב, און ער מוז אנטשווייגען ווערען...

* * *

איין מאל געהענדיג אין גאס האט זיך חיים אפגעשטעלט פאר א שילד, וואס איז געשטאנען אויפ׳ן מיטען טראטואר; דערביי איז געשטאנען א סאלדאט. מיט מאטערניש האט ער איבער־געלייענט: „יונגע לייט פארלאנגט אין דער ארמיי, אין דער נייווי. איהר האט א געלעגענהייט צו זעהן די וועלט". דער

סאָלדאַט, וואָס איז דאָ געשטאַנען, איז געווען אַ הויכער, געזונ־טער חברה־מאַן — בלוט און מילך, מיט אַ שטאָלצען, שעהנעם אויסזעהן.

ווען חיים האָט עס דערזעהן, האָט ער זיך אַזש אַ צאַפּעל געטאָן: ער האָט געפונען... איצט וועט ער שוין זינגען...

אין דער היים איז חיים אויך געווען אַ סאָלדאַט, האָט אָפּ־געדינט פולע פיר יאָהר. וועגען יענער צייט פלעגט ער פיל מאָל רעדען מיט זיין פרוי. ער פלעגט איהר דערצעהלען פון אַלע צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, פון דער מורא׳דיגער "דיס־ציפּלין". ער האָט קיינמאָל ניט געקענט גלייכגילטיג זיך דער־מאָנען אָן זיין דינסט. דאָס איז געווען די פינסטערסטע צייט אין זיין לעבען, און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט פאַר איהר מאָלען די בילדער פון סאָלדאַטסקען לעבען, פלעגט זי ציטערען מיט׳ן גאַנצען קערפּער. זי פלעגט זיך צו איהם צוטוליען, ווי זי וואָלט איהם מיט איהר לייב געוואָלט באַשיצען.

באַלד נאָכ׳ן עסען, ווי נאָר זי האָט די קינדער געלעגט שלאָפען, האָט ער מיט איהר פאַרפיהרט אַ געשפּרעך, האָט אפילו אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער פאַר רוסלאַנד און איז ביס־לאַכווייז אַרויפגעקומען אויף די יאָהרען פון סלוזשבע (מיליטער דינסט). זי האָט עפּעס געגעהט און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט.

— איך געדענק אַמאָל אויף קאַראַול, ערגעץ אין אַ וויסטען פעלד, שפּעט ביינאַכט, בין איך מיט אַ פּאָר מינוטען פריהער אַראָפּ פון מיין פּאָסט, איידער די "סמענע", דער סאָלדאַט וואָס דאַרף מיר אָפּבייטען, האָט זיך געשטעלט אויף מיין אָרט. מיר פלעגען דאָס אָפט טאָן. דאַרף זיך גראַדע אָנדרעהען אַן אָפיציר און כאַפּט מיך ווי איך געה און פאַרשרייבט אין אַ ביכעלע. אויף מאָרגען, צו פּאָווערקע, ווען די גאַנצע ראָטע איז געווען אויסגעשטעלט, רופט מיך אַרויס דער פעלדפעבעל — אַ געזונ־טער קאַצאַפּ, אַ גבור. ער קוקט מיך אָן אַ ווייל׳נקע מיט זיינע בלוט־פאַרלאָפענע אויגען, קריצט די צייהן און נעמט מיך פּאַטשען אַהן אָן אויפהער. און איך מוז שטעהן, גלייך ווי אַ סטרונע, אויסגעצויגען, קיין ריהר זיך ניט טאָן... און אַז די רעכטע האַנד

איז איהם מיד געוואָרען, האָט ער זיך גענומען מיט דער לינקער. בלוט איז מיר גערונען פון נאָז, פון די צייהנער, דאָס פנים איז אָנגעלאָפען ווי א קישען...

— שא, דו וויינסט ?...

זי האָט ווירקליך געוויינט, געלעגען אָנגעשפּאַרט מיט׳ן קאָפּ אויף די הענט און געציטערט. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי ארומגענומען און זי צוגעדריקט צו זיך.

— וואָס דו ביזט דאָס נעבאך אויסגעשטאַנען אין דיין לע־בען, — האָט זי דורך טרעהרען געזאָגט.

— איך האָב זיך דאָס אַלץ דערמאָנט היינט, ווען איך האָב געזעהן א היגען סאָלדאַט. וואָלסט געדאַרפט זעהן וואָס פאר אַן אונטערשייד — א גראף, זאָג איך דיר! א פריץ, ווי ד: זעהסט מיך א לעבעדיגען!...

— געה, דו נאַרעלע, וואָס רעדסטו? א סאָלדאַט איז א סאָלדאַט אומעטום, און ער שטעהט אומעטום אויס אַלערליי צרות, — האָט זי מיט א ביטערען שמייכעל געענטפערט.

— וואָס רעדסטו? דאָ נעהמט מען דאָך ניט קיין סאָל־דאַטען ווי ביי אונז. דאָ דינגט מען פאַר געלט, אַזוי ווי ארביי־טער, אויף א באַשטימטער צייט. איך האָב עס אליין היינט געלייענט. וואָלסט געמעגט זעהן וואָס מען זאָגט זיי צו, די סאָלדאַטען, וואָס פאר א פארגעניגענס! אז איך זאָג דיר, נאָך אַזא לאַנד איז אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ! אַזא פריי־הייט! שטעל זיך פאָר: וויל איך, בין איך א סאָלדאַט; און אז ניט, קען מיר קיינער ניט נויטען.

א קליין ווייל־ע האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט א שמייכעל.

— אַזוי! דאָס האָסטו מיר אומישנע אָנגעצויגען, כדי דו זאָלסט קענען אויסלויבען דיין אַמעריקא. איצט פארשטעה איך שוין. אָבער דו האָסט זיך גענאַרט, מיין ליבינקער. ניט מיט דעם וועסטו מיר נעהמען. און איך זאָג דיר, אז דאָ איז נאָך ערגער ווי ביי אונז. דאָרט אַם וועניגסטענס מוז מען געהן; ס׳איז ניטאָ קיין באַהעלטעניש. אָבער דאָ, אין דיין אַמעריקא, נאַרט מען אריין אין זאַק מיט צוזאָגענישען, מיט שפּילכלאַך, און

ווייבאלד מען האָט זיך נאָר געלאָזט אַנרערען איז פארפאַלען — גיט מען פעפער צו שמעקען, און גער שריי חי וקים! און גלאַט וואונדערט מיר אויף דיר, וואָס דו, אַ סאָציאַליסט, אַ גאַנצער מאַכער אין דער יוניאָן, פארקאָכט זיך גאָר אין סאָלדאַטשינע... שעהמען מעגסטו זיך אין דיין ווייטען האַלז!...

— אָבער...

— קיין אָבער, — האָט זי אויסגעשריען מיט בלישטשענדע אויגען. — ווייבאלד ס'זיינען נאָר דאָ סאָלדאַטען, איז שוין צרות און טרערען, זיינען דאָ טאַטע־מאַמע וואָס וויינען. ווייז מיר אַקאָרשט מען זאָל גאָר קיין סאָלדאַטען ניט נעהמען. גאָרניט, וואָלט איך פארשטאַנען. וואָלט איך צוקושט דיין אמעריקא. און זאָג מיר אַקאָרשט, דו אמעריקאַנער פּאַטריאָט מיינער, אַז עס מאַכט זיך אַ מלחמה, פרעגט מען עפּעס שטאַרק אָן ביי די „גראַפען“ און „פריצים“ דיינע, צו זיי ווילען געהן צו ניט? און אַז ער וויל ניט, דער גראַף דיינער, אַז ער וויל ניט געהן אין מלחמה, גיט מען איהם אַ גלעט איבער'ן בעקעל, וואָס אפשר ניט?...

אָן אומעטיגער, אַ פארשעהמטער איז חיים געבליבען זיצען. ער איז זיכער געווען, אַז אמעריקא איז טויזענט מאָל בעסער פון רוסלאַנד, נאָר וואָס צו ענטפערען האָט ער ניט געהאַט...

# מיין אינגעלע.

איינמאָל, אַ זומער פאַרנאַכט, האָב איך שפּאַצירט מיט מיין צעהן־יאָהריגען זוהנעלע. עס איז געווען יענע שטונדע, ווען מען זעהט בחוש די מלחמה צווישען טאָג און נאַכט: די אָווענט־שאָטענס רוקען זיך גנב'יש שטיל, פאַלען אָן אויף דער ליכטיג־קייט און שלינגען אָהן רחמנות יעדען שפּור פון טאָג. וואָס צאַפּעלט זיך, גוסס'ט, שמעלצט, צאַנקט ווי אַ ליכט... אין יע־נער שטונדע איז אומעטיג אויפ'ן הארצען, אומעטיג און אין דער זעלבער צייט זיס־טרויעריג, עס הויבט אָן צופּען ביי דער נשמה און עס איז שווער אין הויז איינצוזיצען.

שפּאַצירט האָבען מיר אין אַ זייטיג געסעל, וואו מ'טרעפט זעלטען פאַרבייגעהן אַן איינזאַמען, פאַרטראַכטען מענשען, וואו פון צייט צו צייט טראָגט זיך דורך אַן אויטאָמאָביל.

אין מיין האַנט איז געלעגען די קליינע צאַרטע הענטעל פון מיין אינגעלע. יעדע ווייַלע האָט ער אויפגעהויבען צו מיר זיינע טיפע, שווארצע אויגלעך, מיר אָנגעקוקט און געשמייכעלט. ער איז, קענטיג, שטאַרק צופרידען געווען וואָס דער פּאַ געהט מיט איהם: זעהר זעלטען האָט ער אזא פאַרגעניגען.

איך קוק איהם אָן: זיין לויטערער פּנימ'ל, זיין שטאָלצע האַלטונג פילט מיר אָן דאָס הארץ מיט פרייד, מיט נחת. אַ זיכערער איז ער, אַ שטאַרקער, פאַר קיין זאַך האָט ער קיין מורא ניט. ער וואַקסט און ענטוויקעלט זיך פריי, אָהן שרעק, אָהן זאָרג. קיין צייכען פון יענער שרעקעדיגקייט, וואָס פילט אָן דעם אידישען קינד אין דער אַלטער וועלט. „דאָס וועט זיין אַ נייער איד, אַ שטאָלצער, אַ פרייער. מיט גבורה וועט ער זיך שטעלען אנטקעגען אַלע שטערונגען און שטרויכלונגען פון לעבען; ער וועט געהן זיכער צו זיין ציל“, טראַכט איך.

— פּאַ, ווייסט, די טיטשער האָט געזאָגט, אַז איך וועל

סקיפען. איך האָב פּרייטאָג אויך געקראָגען אַ הונדערט, — שלאָגט ער מיר איבער מיינע געדאַנקען מיט אַ גליקליכען שמייכעלע.

— איך האָב געזעהן, מיין קינד, — ענטפער איך. — גוט אזוי. לערען מיט חשק, וועל איך דיר ליב האָבען. נאָר דו האָסט באַדאַרפט ווייניגער שטיפען. די מאַמע באַקלאָגט זיך אויף דיר, אַז דו ביזט צופיל צולאָזען.

— זי איז בייז אויף מיר, דערפאַר זאָגט זי. איך בין ניט צולאָזען, פּאַ. מען האַלט מיר פאַר'ן בעסטען אין קלאַס.

— נו, דאָס איז שוין ניט אמת. אָט האָסטו דאָך יענע וואָך געקראָגען אַ שלעכטען „מאַרק".

— ווייל די טיטשער איז געווען בייז אויף מיר. איך האָב געוואוסט מיין לעסאָן.

— זעהסט, אַלע זיינען בייז אויף דיר. דאָס איז דערפאַר, וואָס דו ביזט אַ שלעכטער באָי, — זאָג איך איהם מיט אַ מוסר־טאָן.

ער וואַרפט אויף מיר אַ ביטרען קוק, טאַנצט אונטער אויף איין פוס און שווייגט. ער פאַרשטעהט, אַז דאָס זאָג איך נאָר גלאַט אזוי זיך. אין דער אמת'ן לערענט ער גאַנץ גוט. די טיטשער האָט איהם זעהר געלויבט. „אַ פאַרשטענדיגער איז ער, אַ סמאַרט באָי", זאָגט זי. ביי מיר האָט דערביי אַ צאַפּעל געטאָן דאָס האַרץ פאַר אויפרעגונג, פאַר פרייד. אָט דער בחור'ל, קען זיין, וועט פאַרווירקליכען דאָס, וואָס מיר האָט זיך ניט איינגעגעבען, האָב איך געטראַכט. ער וועט דערגרייכען דאָס, נאָך וואָס איך האָב מיין גאַנצען לעבען זיך געיאָגט, וועגען וואָס איך האָב געטרוימט און וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר נישט. צופליגען ווי אַ רויך. ער האָט אַלע אייגענשאַפטען פאַר דעם; ער איז שטאַרק, ענערגיש און שטאָלץ; אַז ער שפּאַרט זיך איין וואָס ניט איז צו קריגען, באַקומט ער עס, ווי שווער עס זאָל ניט זיין.

— ווייסט, פּאַ, אַז איך וועל גראַדואירען, וועל איך ווערען אַ ביזנעס־מאַן און וועל האָבען אַ פולע געלד.

— וואָס, אַ פולע געלט? צו וואָס דאַרפסטו עס? — קוק איך איהם אָן פאַרוואונדערט.

— איז ניט גוט צו האָבען געלט? — קוקט ער מיך אויך אָן פאַרוואונדערט.

— עס איז גוט. נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלעס. פריהער דאַרף מען זיין אַ מענש. עס זיינען פאַראַן פילע, וואָס האָבען ניט קיין געלט און אַלע האָבען זיי ליב, ווייל זיי זיינען גוט און עהרליך. דו בעסער לערען, זעה אַלץ צו וויסען און פאַרשטעהן, דאַן וועלען דיך אַלע ליב האָבען.

ער בלייבט שטיל. ער געהט פאַרטראַכט. קענטיג, איהם איז שווער צו באַגרייפען וואָס איך האָב איהם געזאָגט. אַ פּאָר מאָל האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען צו מיר און אין זיין בליק איז געלעגען וואונדער און צווייפעל. ער האָט, זיכער, געמיינט, אַז איך שפּאַס. ענדליך האָט ער ארויסגערעדט ווי פאַר זיך:

— די טיטשער זאָגט אויך, אַז אַלע דאַרפען זיין רייך.

— אָבער, וואָס וועסטו טאָן, אַז דו וועסט האָבען אַ סך געלט?

— איך וועל קויפען אַן אויטאָמאָביל, אַ גרויסען, אַזוי ווי ביי מאַקסי׳ס פּאַ. איך וועל מאַכען אַ גרויסע פעקטאָרי, איך וועל אויפבויען אַ גרויסע הויז...

איך הער זיך גוט צו, קוק אויף זיין אויפשטראַהלענד פּנים׳ל, אין זיינע לייכטענדע אויגלאַך, און מיר גיט אַ ריס אין האַרצען. עס ווערט מיר שווער און אומעטיג. אין זיין יונג קול׳כעל, דאַכט זיך מיר, הער איך דאָס ברומען פון אַ בייזער חיה, פון אַ רויב־פויגעל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון דער הויך אויף איהרע קרבנות צו רייסען זיי אויף שטיקער, צו טרינקען זייער בלוט...

עס כאַפּט מיך אַרום אַ צווייפעל: ווער ווייס וואָס פון איהם וועט אויסוואַקסען? ס׳קען נאָך זיין, אַז אָט דער פרעה־ליכער בחור׳ל וועט אַמאָל זיין אַ טיראַן, אַ בלוט־זויגער, אַ שרעקליכער עגאָאיסט; אַז ער וועט זיך ניט אָפּשטעלען פאַר קיין זאַך, פאַר טרעהרען און געוויין, אַבי וואָס מעהר געלט צו

באקומען, אבי וואָס זאַטער צו זיין. מיט פאַראַכטונג וועט ער אפשר קוקען אויף די, וואָס פיהרען א קאַמף פאַר גערעכטיגקייט און יושר. ער וועט זיי פאַרפאָלגען, טרעטען אויף זיי...

פאַר וואָס פרעגט ער מיר קיינמאָל ניט: „פאַ, פון וואנען האָט זיך גענומען דאָס און דאָס? ווער האָט באַשאַפען די וועלט? וואָס ווערט פון מענשען נאָכ'ן טויט?". די אַלע פראַגען, וואָס מוטשען אַזוי די נשמה'לאך פון די אידישע קינדער דאָרט, אין דער אַלטער היים, זעהט אויס, אַרען איהם גאָרניט.

* * *

אין זכרון שווימט מיר אַרויס א בילד פון די לאַנג פאַר־שוואונדענע טעג: אויף א פאַרנאַכט. איך געה מיט'ן זיידען אין שוהל צו מעריב. אין די אויערען קלינגען מיר נאָך די ווער־טער, וואָס דער זיידע האָט מיר געזאָגט:

— מ'מוז, מיין קינד, לערנען תורה, צוליב די תורה אליין, ניט כדי צו באַקומען דערפאַר געצאָהלט, נאָר ווייל גאָט וויל, אַז די קינדער זיינע זאָלען לערנען די תורה, וואָס ער האָט אונז געגעבען אויפ'ן באַרג סיני".

— זיידע, וואָס טוט גאָט, אַז מען וויל ניט לערנען? — האָב איך געפרעגט.

— איז ער בייז און באַשטראָפט דערפאַר.

— וואו באַשטראָפט ער: דאָ אָדער אויף יענער וועלט?

— אַז מען איז אַן ערליכער איד, וואַרט ער ביז מען וועט קומען אויף יענער וועלט. אָבער א רשע באַשטראָפט ער באַלד אויפ'ן אָרט.

— און וואָס דאַרף מען טאָן, אַז מען זאָל זיין אַן ערליכער איד?

— מ'דאַרף דאַווענען און טאָן טובות; מ'דאַרף רחמנות האָ־בען אויף אַן אָרימאַן, אויף א יתום, אויף אַן אַלמנה.

און ביי זיך אין האַרצען באַשליס איך צו זיין אַן ערליכער איד; איך שווער זיך צו דינען גאָט מיט'ן גאַנצען האַרצען, און יעדע קאָפּיקע וואָס איך וועל האָבען וועל איך אוועק־

געבען מיין חבר זרח'קען, א יתום: גאָט וועט עס זעהן און ער וועט מיר ליב האָבען.

איך בין געווען א שטילער אינגעל, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אז א איד טאָר ניט שטיפען ווי א שייגעץ; אז א איד מוז שטיל און פרום זיין.

און איך האָב געציטערט פאר א גוי, וואָס האָט ניט קיין נשמה, און א פשיטה שוין פאר'ן אוריאדניק, פאר'ן סאָטסקע. אז איך פלעג זיי דערזעהן, פלעג איך ניט וויסען וואו זיך צו באהאלטען; איך פלעג זיך צוטוליען פאר שרעק צו דער מאמען.

מיין מאָרים'ל אָבער האָט פאר קיינעם קיין מורא ניט. ער שטעלט זיך געגען יעדען. ער וויים גאָרניט קיין אונטערשייד פון קריסט און איד. איהם איז טאָקע בעסער ווי מיר איז געווען אין מיין יוגענד; און דאָך: אז איך טראכט פון יענער צייט, שטעלט זיך א טרעהר אין אויג; וועקט זיך אי פרייד, אי בענ־קעניש נאָך יענע שעהנע חלומות פון דער אויף אייביג פאר־שוואונדענער יוגענד...

אויסגעוואקסען בין איך א שוואכער מענש, דעם גאנצען לעבען געשטרעבט צו גוטעס און שעהנעס, אָבער צו שוואך געווען עפּעס צו דערגרייכען...

מיין קינד קען פאָרטזעצען דאָס, וואָס איך האָב אָנגעפאנגען. וועט ער עס אָבער טאָן?

וועט ער עס טאָן?

# אַ פּלאָנטער

— ווי קאָנט איהר זיך גלאַט אַזוי גרינג אָפּרעדען אוועק־געהן פון מאַן? עפּעס איז דאָס אַ קלייניגקייט. ווייסט איהר דען, ווי ליב ער האָט מיך. איך ווייס ניט, צו ער וואָלט דאָס איבערגעטראָגען.

— אָבער ראָזי, איהר האָט זיך דאָך אַליין מודה געווען, אַז איהר ליבט מיך, אַז איהר האָט ניט מעהר קיין אינטערעס אין איהם. האָט איהר פאַרגעסען יענעם אָוונד אין פּאַרק?

— אַך, דערמאָנט עס מיר ניט, איך בין דאַן שוואַך געווען, מיך האָט נאָך דעם געמאַטערט דער געוויסען. נו, זאָגט אַליין, מאָריס, וואָס קאָן איך אויסזעצען געגען איהם? ווייסט איהר דען, וואָס ער טוט פאַר מיר? קיין זאַך איז איהם ניט צו שווער.

— איך פאַרשטעה, ראָזי, אַז אייך שרעקט די אָרימקייט, די נויט וואָס ס'ערוואַרטעט אייך ביי מיר.

— נאַר ניט קיין נאַרישקייט, מיין פריינד, — דאָ איז ניט די רעדע וועגען רייכקייט, צו דען פעהלט מיר דאָ עפּעס, אַז איך זאָל דאַרפען זוכען אַנדערשוואו בעסערעס. דאָס וואָס איך וואָלט ביי אייך יאָ געמאָנט, וואָלט געווען, אַז איהר זאָלט ליב האָבען נאָר מיך, אייער יעדער געדאַנק, יעדער קלאַפּ פון אייער האַרצען זאָל זיין נאָר פאַר מיר, אַז איהר זאָלט קיינמאָל ניט טראַכטען וועגען אַן אַנדערער. אָה, איך האָב זיך דאָך וועגען אייך אָנגעהערט אַזעלכע שרעקליכע זאַכען, — זי האָט שאַרף אַריינגעקוקט דעם יונגען מאַן אין די בלויע אויגען, און זי האָט שטרענג איבערגערעדט:

— איז דאָס אמת, מאָריס, וואָס מען דערצעהלט זיך אָן וועגען אייך?

— ראָזי! — האָט ער אויסגערעדט הייס, — ראָזי, איך שווער אייך, אַז זינט איך האָב אייך דערקענט, האָב איך וועגען קיין אַנדער פרוי אפילו קיין טראַכט ניט געטאָן.

— גוט אזוי, מאָריס. אַט זעהט איהר, ווען איך וויים נאָר, אז ער, מיין מאַן, האָט צו טאָן מיט אן אנדער פרוי, דאן וואָלט איך קיין מינוט ניט געקלערט און אוועק צו אייך, איך וואָלט מיט איהם קיין פינף מינוטען אונטער איין דאך ניט געווען, אָבער אַך, — האָט זי פלוצים זיך א כאַפּ געטאָן מיט שרעק, — עס איז שוין באלד זיבען. ער קען יעדע מינוט אָנקומען. געהט בעסער אוועק וואָס גיכער, עס טויג ניט, ער זאָל אייך דאָ טרעפען.

— נו, לאָזט געבען איין קוש, ראָזי.

— ניין, געהט בעסער וואָס גיכער אוועק.

— נו, כאָטש אייער האנד, דאָס קליין פינגערעל. איך בעט אייך, ראָזי, — האָט ער ארויסגעזאָגט מיט א וויינענדיגען קול.

— אי, זיינט איהר קאפריזנע, — האָט ראָזי געזאָגט, אוים־שטרעקענדיג צו איהם איהר קליין, צאַרט הענטעל.

אז דער יונגער מאן איז אוועק, האָט ראָזי זיך געשטעלט ביים שפּיגעל, פארריכט די האָר, גוט איינגעקוקט זיך אין דעם פולען, רונדען פּנים און צופרידען א ברום געטאָן א לידעל. עס איז איהר געווען אָנגענעם פון דעם בחור'ס הייסע ווערטער, דורכ־געזאפּט מיט אזוי פיל ערנסט און וועהטאָג. די דריי יאָהר זינט דער חתונה האָבען זי ניט פארענדערט. זי איז פארבליבען די זעלבע וואָס געווען. זי איז, דאכט זיך, איצט נאָך א ביסעל שעהנער. אָבער באלד איז איהר אומעטיג געוואָרען. פאר איהר האָט א שוועב געטאָן די געשטאלט פונ'ם מאן, מיט זיין בלאַסען, אָפּגעלעבטען פּנים, מיט'ן פליך. מיט איהם דארף זי עם אָפּפינסטערען די יאָהרען איהרע. ווי פארפיהרט זי איז דאָס געווען. דאן, די ערשטע צייט פון זייער באקאנטשאפט, האָט ער אויסגעזעהן אזוי שעהן און אָנגענעהם. אמת, דאן האָט ער נאָך קיין פליך כמעט ניט געהאַט, און דער פּנים איז אויך ניט געווען אזוי טויט. וואָס איז אָבער פון דעם, אז איצט קוקט ער אוים מיט צוואַנציג יאָהר עלטער פון איהר. אָבער דאָ האָט איהר איבערגעריסען די געדאנקען דעם מאנ'ס קול:

— העלאָ, ראָזי, וואָס ביזטו אזוי אומעטיג, פיהלסט ניט גוט? — ער האָט אָפּגעדריקט א לייכטען קוש אויף איהר שמאָלען שטערען.

— מיר איז גאָרנישט, גלאַט אזוי. פאַרוואָס קומסטו אַלע טאָג אזוי שפּעט, און פאַרוואָס וואַרפסטו אַוועק דיין מאַנטעל אויפ׳ן שטוהל, איז דען ניטאָ קיין אָרט וואו אויפצוהענגען? — האָט זי זיך געבייזערט, אָבער דערביי איז איהר איינגעפאַלען, אז דאָ, אויפ׳ן זעלבען אָרט, איז מיט א האַלבער שעה צוריק געלעגען דער מאַנטעל פון יענעם, און עס האָט איהר גאָרניט געאַרט. זי איז ביי דעם געדאַנק אפילו ניט רויט געוואָרען.

— נו, שא, שא, בייזער זיך ניט, מיין קליין ווייבעלע, ווייסט דאָך שוין מיין שוואַכקייט, צוטראָגען, פאַרקלאַפּט דער קאָפּ, — האָט דער מאַן לוסטיג געזאָגט.

— נו, גוט, גוט, געה וואַש זיך ארום, שוין צייט צו עסען.

— יאָ, ס׳איז צייט, און איך דאַרף טאַקע פאָהרען צו קאַצ׳ען אויף א פּאָר שעה, — האָט ער געזאָגט, רייבענדיג די הענד צופרידען.

דער סאַפּער איז אריבער שטיל. פאַר די דריי יאָהר האָבען זיך די געשפּרעכען אויסגעשעפּט, און עס איז ניט געווען וועגען וואָס צו רעדען. איהם, דעם מאַן, האָט עס ניט געאַרט, ווייל די גאַנצע צייט פון עסען האָט ער אין געדאַנק גע׳חשבונ׳ט און גע׳טענה׳ט מיט זיינע קונים, ער האָט אפילו ניט באַמערקט, אז עס איז שטיל. אָבער ראָזי האָט עס ניט געקאָנט פאַרטראָגען, עס האָט זי גע־עקעלט פון אזא לעבען: פונקט ווי בהמות, עסען, טרינקען און שווייגען. זי האָט א טראַכט געטאָן וועגען מאָרים׳ן. אָה, מיט איהם וואָלט זי שטענדיג געהאַט וואָס צו רעדען, ער איז אזוי באַלעזען און קלוג.

באַלד נאָכ׳ן עסען איז דער מאַן אַוועק און זי איז געבליבען אַליין, זי האָט גענומען צוקלייבען דעם צימער, נאָר פּלוצים איז איהר בליק געפאַלען אויף א קליין, צונויפגעלעגט צעטעלע, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן קאַנויאָר. זי האָט עס אויפגעהויבען און גע־נומען לייענען:

„מיין טייערער, מיין ליבער, איך דאַנק דיר טויזענט מאָל פאַר די אוורינגלאַך. עס איז אזוי שעהן. ווי האָלט איך האָב דיך דערפאַר, וואָס איך ליג דיר אַלע מאָל אין זינען. גלויב מיר, אז איך וועל זיי היטען ווי די אויגען אין קאָפּ. קום צו מיר נייען א זייגער,

איך וועל דיך ערוואַרטען אויפ'ן ראַג פון גאַס. קום, מיין ליבער אינגעל. דיין סיידי".

ראַזי האָט דערפיהלט, אז דער קאָפּ האָט זיך איהר אָנגע־צונדען, זי איז געבליבען ווי א געליימטע, מיט אן אָפען מויל און ברייט־געעפענטע אויגען. ווי קומט צו איהר אין הויז דאָס שרעק־ליך צעטעלע? ווער איז דאָס די סיידי? אָבער פּלוצים האָט איהר א בליץ געטאָן אין מארך: אָט דאָס הייסט זיין פאַהרען צו קאצ'ען. ער האָט אָפּגעמאַכט מיט איהר זיך צו טרעפען. איצט איז אלעס קלאָר, און זי קאָן געהן. זי מוז געהן, די לופט שטיקט איהר דאָ, די מינוט מוז זי געהן צו מאָרים'ן.

זי איז ארומגעלאָפען איבער'ן הויז ווי א ווילדע זי האָט גע־וואָרפען און געשליידערט די זאכען, עס האָט זיך איהר געוואָלט ברעכען און שטעכען אלעס ארום זיך. אָט אזוי נאַריש איז זי דאָס געווען, זי האָט מאָרים'ען פארבאָטען זי אפילו א קוש צו טאָן, ווייל זי האָט ניט געוואָלט זיין פאַלש געגען איהם, דעם געזעצליכען מאַן איהרען און צום סוף האָט ער זי אָפּגענאַרט, אָט באַלד, אין א שעה ארום, וועלען זיי זיך קושען, האַלדזען און חוזק מאכען פון איהר.

זי האָט געמאַכט א קליין פּעקעלע, שנעל אויפגעשריבען א בריף צום מאַן, וואו זי האָט אויף איהם ארויפגעוואָרפען די גאנצע שולד און איהם אָנגעזאָגט ער זאָל איהר ניט זוכען ווייל עס וועט זיין ארויסגעוואָרפען זיין ארבייט. זי האָט דעם בריף אוועקגע־לעגט אויפ'ן טיש אזוי, אז ער זאָל עס באַלד באמערקען און אויסדרעהענדיג די גאַז איז זי אָהן אן אָטעם פון הויז ארויסגע־לאָפען.

* * *

מאָרים'ן האָט זי געטראָפען אין מאַנטעל און אין העט, עס איז קענטיג געווען אז ער קלייבט זיך ערגעץ געהן, אז ער האָט זי דער־זעהן, האָט ער א געשריי געטאָן:

— ראַזי, ווי קומט איהר אהער איצט אזוי פּלוצים?

זי האָט גאָר ניט געענטפערט, נאָר ארומגעכאַפּט זיין האַלז מיט איהרע פולע אָרעמס און איינגעגעסען זיך אין זיינע ליפּען.

— זיצט, טוט אויס די העט און דעם מאַנטעל, דערציעהלט ראַזי, וואָס האָט פּאסירט. איך האָב אפילו באדאַרפט נויטיג געהן

ערגעץ צוליב ביזנעס. נאר זאל זיין. נו, דערצעהלט אלץ אין ארדנונג.

— נאט, זעהט, לייענט וועט איהר אלעס וויסען — האט זי געזאגט איהם דערלאנגענדיג דאס צעטעלע.

אז ער האט א קוק געטאן אויף דער האנדשריפט האט זיך זיין פנים פארקרימט, א קליינע ווײלע איז ער געשטאנען אין פארלעגענהייט, אבער דער בליק וואס איז געווען אנגעשטעלט גלייך אויף איהם האט איהם ניט ערלויבט צופיעל צו שווייגען, ער האט אויף ראזי׳ן שארף א קוק געטאן און געפרעגט:

— נו, ערקלערט וואס דאס מיינט, איך, איך פארשטעה ניט...

— וואס איז דא ניט צו פארשטעהן. ער האט מיך באטראגען, ער האט מיך גענארט. איצט בין איך פריי, איך וויל פון איהם ניט וויסען מעהר.

מאריס׳עס פנים האט א שיין געטאן פאר פרייד, מיט א צופרידענעם שמייכעל האט ער געזאגט:

— יא, א פיינער חברה־מאן ,איך וואלט זיך אויף איהם אזעלכעס ניט געריכט.

— רעדט ניט מעהר פון איהם, איך וויל זיין נאמען מעהר ניט הערען, — האט זי מיט כעס אויסגעשריען.

— אבער ווייסט איהר, עפעס איז אזוי אומגעריכט, עס קאן איהם נאך דער־הרג׳נען, א רחמנות פון דעסטוועגען — האט ער געזאגט פארלעגען.

— ניין, ניין, קיין רחמנות נים. דו פארשטעהסט מיין טייערער מאריס, וואס דאס מיינט? דו ביזט צו גוט, צו ערעל דאס צו באגרייפען, איך וועל מיט איהם מעהר ניט זיין צוזאמען אפילו קיין מינוט — האט זי פעסט געזאגט.

דער זייגער האט געצייגט צעהן מינוט צו ניין. מאריס האט זיך ווידער גענומען פאר׳ן העט.

— ענטשולדיגט מיר ראזי, איך מוז ערגעץ צולויפען אויף א צעהן מינוט, פיהלט זיך דא ווי אין דער היים, באלד בין איך צוריק, — האט ער געזאגט און איז גיך פון הויז ארויסגעלאפען.

ראזי איז געבליבען פארטיפט אין געדאנקען; מיט האס האט זי געטראכט וועגען די דריי יאהר, וואס זי האט מיט דעם פאלשען

מענשען צוזאַמען געלעבט; און ער האָט איהר נאָך היינט, פאַר'ן אוועקגאַנג געקושט, אַזאַ נידעריגער נפש, זאָל ער איצט וויסען, זאָל ער פיהלען וואָס ס'הייסט האָבען צו טאָן מיט אויסגעלאַסענע מיידלאַך, — סיידי, זיין סיידי, כע־כע־כע, מסתמא א געפּאַרבטע שעהנהייט, ב־ר־ר־ר . . . .

דער טעלעפאָן האָט אָנגעהויבען שרייענד קלינגען, דאָס האַרץ האָט איהר א ציטער געטאָן. זי איז זיכער געווען אַז דאָס מיינט מען איהר, אפשר איז „ער" דערגאַנגען וואו זי איז, ניין זי וועט ניט ענטפערען. אָבער דאָס קלינגען האָט ניט אויפגעהערט, עס האָט איהר געצופּט און געריסען די נערוועז. זי האָט זיך די אויערען פאַרשטאָפּט, אָבער זי האָט אַלץ געהערט דעם ש ר י י ־ ע נ ד ע ן , גרילצענדען קלאַנג וואָס האָט זיך געצויגען ווי אַן אייבינקייט. ענדליך האָט זי ניט אויסגעהאַלטען, זי האָט גענומען דעם „רעסיווער" אין האַנט און מיט א פאַרענדערטער שטימע האָט זי געפרעגט:

— העלאָו, ווער איז דאָס?

— העלאָו, איז מאָרים דאָ? האָט זיך דערהערט א פרויען שטימע.

— ניין, ער איז ערשט אוועקגעגאַנגען.

— איז ווער רעדט עס, זיינט איהר די דזשעניטאָר?

א רגע איז ראָזי געווען אין פאַרלעגענהייט, עס איז איהר עפּעס אומאַנגענעהם געווען צו זאָגען אַז זי איז די דזשעניטאָר, אָבער זי האָט געוואָלט איבערנעהמען פאַר איהר מאָרים'ן א „מעסעדש" און זי האָט פעסט געזאָגט:

— יאָ, איך בין די דזשעניטאָר, וואָס ווילט איהר איהם זאָגען?

— גאָר ניט, זאָגט איהם, אַז סיידי האָט געפרעגט פאַר וואָס ער האָט זי דיסאַפּאָינטעד.

— ווער, ווער, זאָגט איהר? — האָט ראָזי ניט מיט איהר קול אויסגעשריען.

— סיידי, סיידי, געדענקט, סיידי! — האָט אָפּגעקלונגען שאַרף און הילכיג דורכ'ן טרייבעל . . .

ווי א שטורם־ווינט האָט זיך ראָזע געטראָגען צוריק אהיים...

# שבת.

אז איך בין אַ קליין קינד געווען, האָב איך זעהר ליב געהאַט דעם שבת. אפשר צעהן מאָל אין טאָג פלעג איך פרעגען, דאָ ביי דער באָבען, דאָ ביים זיידען.

וויפיל איז נאָך צו שבת?

— וואָס איז? האָסט זיך שוין פארביינקט נאָכ'ן קוגעל, דו קליינער שקאָץ? — פלעגט דער זיידע לאַכען.

— זיידע, זאָג ווען?

— גיב מיר די האַנט, וועלען מיר איבערצעהלען.

איך גיב איהם מיין האַנט. ער פארבויגט מיר איין פינגער נאָכ'ן אנדערען און צעהלט: מאָנטאַג, דינסטאַג, מיטוואָך, דאָ־נערשטאָג, פרייטאָג.

— ס'אַ ליגען! ס'אַ ליגען! — שריי איך אוים מיט כעס — פרייטאָג איז דאָך שוין שבת. פארוואָס האָסטו מיר פארבויגען דעם קליין פינגערל?

— דו, שקאָץ! טאָר מען אַ זיידען רופען ליגנער?

— טו פארוואָס זאָגסטו?

איך וויים, אז מ'רייצט זיך מיט מיר. מיר וועלען זיי ניט נארען. איך וויים, נישקשה, אָהאָ, פרייטאָג — דאָס איז דאָך דער בעסטער טאָג; ניט אזוי גוט ווי שבת, אָבער דער בעסטער טאָג פון דער־וואָכען. ווי נאָר דו עפענסט די אויגען: אהאָ, דער אויוועץ ברענט שוין מיט אַ פרעהליך ליכטיג פייער, און די באָבע טאַנצט ארום מיט פארקאַטשעטע ארבעל, איהר פנים איז פארפלאַמט. זי בייזערט זיך אויף אַלעמען, און אַלע האָבען פאַר איהר מורא. נאָר איך איינער האָב פאַר איהר קיין מורא ניט. ווי איך עפען די אויגען, דערזעה איך די חלות ליגענדיג אויפ'ן ברעט, און צווישען די חלות מיין קליינטשינקע „פויגעלע". זי איז נאָך אַ רויהע, נאָך אין אויוועץ ניט געווען, מיין פויגעלע.

דערווייל איז זי נאָך בלייך, שוואַך, דער שנאָבעלע אַראָפּגעבויגען, נאָר באַלד וועט זי אריין אין אוייווען, זי וועט ווערען פאַרטיג, רויט און שעהן. איך שפּרינג אַראָפּ אָט אזוי ווי איך שטעה און געה פון בעטעל אראָפּ, פאַל־צו צו דער באָבען, נעהם זי ארום און קוויטשע פאַר פרייד. זי כאַפּט מיך אויף די הענט, דריקט מיך צום הארצען און איז מיך מכבד מיט א פּאָר ווארימע קושען.

— אין איין העמדעל, הא! האָסט גאָר קיין בושה ניט? וואָס אזוי פריה? האָסט נאָך געקענט שלאָפען. ניטאָ זיך וואָס צו איילען. דיין פויגעלע איז נאָך סיי ווי ניט פאַרטיג.

נאָר ווער הערט זי? אז דאָ איז פאַראַן אזוי פיל גוטע זאכען, וועל איך געהן שלאָפען?! איך פּלאָנטער זיך אונטער די פיס, טרעט ניט אָפּ, ביז מען גיט מיר אָפּ מיין פויגעלע. דאַן פאַרקלייב איך זיך צוריק אין בעט אריין, איך גלעט עס, רעד צו דעם אזוי ווי דאָס וואָלט פאַרשטאַנען. איך קוש דאָס אין שנאָ־בעלע אזוי לאַנג ביז, אליין ניט באמערקענדיג, פעהלט שוין ביים פויגעלע דאָס קעפּעל. איך האָב דאָס הפּנים פאַר גרויס ליב־שאַפט אראָפּגעשלונגען, און מיט פאַרדרוס נעהם איך שוין ווייטער, גליד פאַר גליד, בייסען און כראָמשקען דאָס פויגעלע צוויי־שען די ציינער.

גוט איז דער פרייטאָג. עס רודעלט זיך, מען איילט זיך. אויפ'ן טיש צום וואַרמעס דערלאַנגט מען גוטע זאכען: בולקע, יויך און א ראָסעל־פלייש — א מחיה!

אָבער דער פרייטאָג־צו־נאַכטס און דער שבת זיינען דאָך בעסער. מיט אמאָל ווערען אַלע גוטע, צוגעלאָזטע. א גאַנצע וואָך זיינען זיי אַלע אזוינע בייזע; נאָר מען קריגט זיך, נאָר מען דינגט זיך. אויף מיר קוקט מען זיך ניט ארום, און אז איך געה צו אימיצען צו, וויל ווייזען עפּעס א שפּילכעל אָדער גלאַט עפּעס דערצעהלען, טרייבט מען מיך אוועק. „געה, טראָג זיך אָפּ, דרעה ניט קיין קאָפּ, לאָז מיך צורוה". קומט אָבער דער שבת ווערען זיי גאָר אַנדערע מענשען: שטילע, רוהיגע, גוטע, און זינגען אונטער עפּעס א ניגונ'דעל אונטער'ן נאָז.

אָט, למשל, דער פעטער איציק, א איד מיט לאַנגע, הארטע

ברעמען, קיין אויגען זעהען זיך ניט ארויס; די באָרד א געלע, א לאנגע; אז דאָס גיט א הויב די ברעמען, באפאלט מיך א שרעק און מיר ווערט קאלט אין הארצען. ער זאָגט חס וחלילה גאָר ניט, קיין שלעכט וואָרט געוויס ניט, נאָר א הארץ פיהלט... די אייגענע קינדערלאך זיינע, אז זיי דערזעהען איהם, באהאלטען זיי זיך ווי די מייזלאך אין די לעכער. קומט אָבער שבת, ווערט ער גאָר אַן אנדער מענש; איהם איז גאָר ניט צו דערקענען. דער פּנים זיינער לייטערט זיך אויס, פון אונטער די ברעמען שיינט ארויס א גוטער, ווארימער קוק. און איך האָב פאר איהם מעהר קיין מורא ניט. איך געה צו און שטעל זיך ביי איהם צווישען די קניע. און ער גלעט מיר איבער'ן קאָפּ, איבער'ן האלז, נעהמט מיך קיצלען, און מיר לאכען זיךביידע פאנאנדער.

אלע, אלע ווערען בעסער שבת. אלע זיינען גוט צו מיר, צונעלאָזט. און איך ווער גאָר חשוב'ער ביי זיך.

און קומען קומט דער שבת אָן פלוצים. דאכט זיך אָט האָט מען אלץ געמעגט: טראַג, רייס, שנייד, טו וואָס דיין הארץ גלוסט. און מיט אמאָל — מען טאָר ניט. אלץ ארום פאר־ענדערט זיך, עס ווערט אנדערש: די ווענט, דער באלקען, די פאָד־לאָגע. אויף אלץ ווערט אויסגעגאָסען א חן, און פון אלץ שרייט אראָפּ: עס איז שבת...

און ווערען ווערט דאָס אלץ ווי נאָר דער זיידע טוט אָן די שבת'דיגע קאפּאָטע, די אלטע לאנגע זשופּיצע, וואָס גלאנצט אזוי וואונדערליך שעהן און וואָס אין יעדער קנייטשעלע, אין יעדען פעלדעלע ליגט באהאלטען אזויגס, וואָס מען קען מיט'ן האנט ניט אָננעהמען, מיט א נאָמען ניט אָנרופען, און דאך פיהלסטו עס, זעהסטו עס. ווי נאָר ער טוט אָן די זשופּיצע ווערט אלץ אנ־דערש. גלייך אנטלויפט די וואָך, באהאלט זיך ערגעץ. און דער שבת, א שיינענדער, א ליכטיגער, קומט אָן... עס ווערט שטיל, אלע רעדען מיט אַן איינגעהאלטענעם אָטעם. די באָבע צינדט גלייך אָן די גרויסע געלע מעשענע לייכטער, פארשטעלט מיט איהרע דארע, צוקנייטשטע הענט דאָס פּנים, שעפּטשעט עפּעס שטיל, מיט א פרומער מינע, און שוין — עס איז שבת.

.2

אז מען טאָר ניט טראָגן אום־שבת, האָב איך זיך דער־וואוסט גאַנץ פריה, באַלד ווי איך האָב זיך נאָר אויף די פיס געשטעלט. דאַכט זיך, אַז קיינער האָט עס מיר ניט געזאָגט, און דאָך האָב איך דאָס געוואוסט, האָב דאָס געפיהלט אין אַלע מיינע גלידער. און זאָל אפילו ליגן פאַר מיינע אויגן אַ גאַנ־צער אוצר מיט דימענטען און ברילאַנטען, וועל איך דאָס ניט נעהמען, זיך אפילו צו דעם ניט צוריהרען.

אמת, פיל מאָל בין איך געשטרויכעלט געוואָרען. עפּעס אַ קליינינקייט, אַ גאַנצע וואָך האָסטו צו טאָן נאָר מיט שטיינדלאַך און העלצלאַך. אַלע קעשענעס זיינען אָנגעפּאַקט מיט אַזעל־כע זאַכען. איז מאַקע שווער מיט אמאָל פון דעם פּטור צו ווערען. וויפיל די באָבע טרייסעלט מיך ניט די קעשענעס, קעהרט זיי איבער און וואַרפט אַלץ ארויס, פונדעסטוועגן בלייבט זיך ערגעץ־וואו ליגען אַ שטיינדעלע און ליגט אַזוי אָפּ אַ גאַנצען שבת. איך לויף מיט דעם ארום אומעטום, אין די וועלדער, אין די פעלדער, און דער שטיינדעלע ליגט זיך רוהיג, ווי ניט איהם מיינט מען עס. פיל מאָל האָב איך איבער דעם ביטערע טרעה־רען פאַרגאָסען. איך האָב געוואוסט, אַז איך זינדיג געגען גאָט, אַז איך בין באַגאַנגען אַן עבירה, אַז אויף יענער וועלט וועט מען מיך באַשטראָפען, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט העלפען.

איך האָב אפילו געהאַט אַ קליין שטיקעל האָפנונג: אפשר וועט גאָט פון דעם ניט וויסען. עס איז דאָך אַ קליין שטיינ־דעלע, גאָר אַ פּיטשינקער, ווי אַזוי־זשע קען „ער" אריינקוקען ביי מיר אין קעשענע?...

האָט מיין זיידע פון מיר דיזע האָפנונג אויך אוועקגערויבט. איינמאָל זאָג איך צו איהם:

— זעהסט, אָט דעם שטיינדעלע האָב איך געטראָגען אום שבת.

— סטייטש, דו שקאָץ איינער, האָסט דאָך פאַרדינט אַן עבירה.

— איך האָב ניט געוואוסט.

— מען דאַרף גוט אויסטרייסלען די קעשענעס.

— זיידע, מען וועט דערפאר שמייסען?

— נו, וואס דען, מען וועט דיר געבען דערפאר א קניפ אין בעקעל?

— ס'איז דאך אבער א קליין שטיינדרעלע?!

— נו, דערפאר איז וואס?

— אפשר האט ער עס ניט געזעהן?

— ווער האט ניט געזעהן?

— גאט.

— שווייג, דו נארעלע. וואס הייסט גאט האט ניט גע־זעהן? גאט זעהט אומעטום, ער וויים פון אלץ; פאר איהם איז ניטא קיין באהעלטעניש.

— אבער ביי מיר אין קעשענע, א קליין שטיינדעלע, אפשר האט ער עס ניט געזעהן?

— געזעהן האט ער, נאר אז דו וועסט זיין א פרומער אינ־געלע, וועט ער דיר עס מוחל זיין. מעהר זאלסטו עס ניט טאן, — פארזאגט ער מיך.

איך בין אמאל אפילו א גרויסען נסיון בייגעשטאנען; איך האב איין מאל, א שבת בייטאג, אין א ווינקעלע אין שטוב, א קאפיקע געפונען און האב איהר ניט אויפגעהויבען. איין גאט וויים ווי שווער מיר איז דאס אנגעקומען. גלייך ווי איך האב די קאפיקע דערזעהן, האט מיר א ברען געטאן אין מח: כאפ! און איך האב שוין אפילו געהאט אנגעבויגען זיך צו נעהמען, אבער איך האב זיך באצייטענס דערמאנט אז עס איז שבת. „מען טאר ניט", האב איך צו זיך אליין געזאגט, און ניט גע־נומען. א גאנצען טאג בין איך ארומגעגאנגען ווי א נעכטיגער, פון גרויס צוטראגענקייט האב איך כמעט ווי ניט געגעסען. די מוהמע באשע האט, קענטיג, באמערקט, אז מיט מיר איז עפעס ניט גלאט, און האט א זאג געטאן צו דער באבע'ן:

— ער איז, דאכט זיך, ניט מיט אלעמען.

— ווער?

— דער ילד.

— טאקע, ער איז עפעס דאסיג...

איך האב זיך דערשראקען. מעהר פעהלט מיר ניט, אז

מען זאָל מיר ארומבינדען א האנדטוך ארום קאָפּ און מיך לעגען אין בעט אריין. און דאָ די קאָפּיקע, זי צופּט מיך ביים האָר־צען. מיר דאכט זיך, ווי זי וויינט, בעט זיך ביי מיר.: „נעהם מיך, באהאַלט מיך“, נאָר וואָס האָב איך געקענט טאָן, אז מען טאָר ניט — עס איז שבת.

דעם גאנצען טאָג בין איך ניט אָפּגעטראָטען פון פענסטער, מיט א פארריסענעם קאָפּ האָב איך נאָר אין הימעל געקוקט, געוואַרט, עס זאָלען זיך ווייזען שטערען.

— וואָס זוכסטו אין הימעל? — הער איך פּלוצים דער מוהמע רייזעל׳ס קול. — וואָס זעהסטו דאָרט?

קיין מאָל האָב איך זיך אזוי ניט דערפרעהט מיט די שטערען, ווי דעם מאָל. אָט איז ער, דער ערשטער, אין דער ווייטער בלויקייט; א שוואכינקער איז ער נאָך, קוים קוים וואָס מען זעהט איהם. און מיר דאכט זיך ווי אימיצער דאָרט אין דער הויך רופט צו מיר, ווינקט צו מיר: איצט, אינגעלע, מעג־סטו, געה, נעהם די קאָפּיקע, זי איז דיינע, האָסט איהר כשר פארדינט...

3.

איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו טראָגען אום שבת. דער זיידע האָט עס אליין געזעהן; נאָך מעהר, ער האָט עס מיר אליין געהייסען.

א מאָדנע טבע האָט דער זיידע: שטענדיג נאָכ׳ן דאווענען, אָנשטאָט אהיים געהן, בלייבט ער אין שוהל, ארומגערינגעלט מיט א גאנצען עולם און דערצעהלט עפּעס. זיי אַלע שטעהען ארום און האָרכען, און ער רעדט. וויפיל איך בעט זיך ביי איהם: זיידע, קום אהיים, קום אהיים, הערט ער מיר ניט, מאכט זיך גאָר ניט וויסענדיג און רעדט ווייטער, ביז איך הויב אָן וויינען. ערשט דאַן לאָזען זיך אַלע געהן. מיט אמאָל בלייבען זיי שטעהן אויפ׳ן גאס, און ווייטער דערצעהלט עפּעס דער זיידע און זיי האָרכען. איך נעהם שרייען אויפ׳ן קול. דאָ ווינשט מען זיך „א גוטען שבת“ און מען צוגעהט זיך. פון זיבערקייט וועגען האַלט איך פעסט דעם זיידען׳ס א פינגער. ער נעהמט

זיך, ווי זיין שטיינער, פאמעליך, טריט ביי טריט, אונטערזינ־
גענדיג אונטער'ן נאָז.

מיר קומען ארויס אין מיטען מארק. אין א קיילעכדיגען
רינג שטעהען די קראָמען איינגעוויקעלט אין פינסטערניש. די
לופט איז מילד און ווייך, עס בלאָזט א ווארעם ווינטעלע. אין דער
הויך, וואו מען ווארפט נאָר אן אויג, פינקלען שבת'דיגע שטערען.

פון דערווייטענס קומען שוין אונז אנטקעגען די פענסטער
אונזערע. ליכטיגע, גרויסע שיינען זיי גלייך אין גאס אריין
און שמייכלען צו אונז. פלוצים שריי איך אויס ניט מיט מיין קול:

— אוי, זיידע, זעהסט?

— וואָס, וואָס איז געשעהן?

— דער סידור! איך טראָג דעם סידור.

— שייגעץ איינער, וואָס האָסטו געטאָן?!

— איך האָב פארגעסען. איך האָב ניט געוואוסט, אז איך
טראָג איהם.

— סטייטש דו האָסט ניט געוואוסט; טראָגסט דאָך איהם
אין האנט!

— איך האָב פארגעסען, אז איך טראָג איהם אין האנט.

— פארגעסען! שמייסען דארף מען דיר; ביזט א שטי־
פער, דערפאר פארגעסטו.

איך האָב ניט געהאט וואָס צו ענטפערען.

נאָר געהן ווייטער האָבען מיר ניט געקענט. אין גרויס
פארלעגענהייט זיינען מירביידע געבליבען שטעהן, ניט וויסענ־
דיג וואָס צו טאָן. איך הויב אויף די אויגען צום זיידען: דער
שטערן איז איהם פארקנייטשט און אין די גרויסע אויגען שפי־
געלט זיך צער.

— נו, וואָס זאָל מען טאָן? קום!

— איך וויל ניט. איך האָב מורא פאר גאָט...

— נו, פטור, א קליין אינגעלע וועט ער גאָר ניט טאָן. קום.

— איך וויל ניט. האָסט דאָך אליין געזאָגט, אז גאָט וועט
שמייסען דערפאר.

— איז וואָס זאָל איך טאָן? אוועקווארפען טאָר מען דאָך
ניט.

— איך'ל ניט טראָגען. טראָג דו אליין... איך וויל ניט...

— שקאָץ איינער, איך בין דאָך אַ גרויסער, ווי טאָר איך דאָס. דו ביזט דאָך שולדיג. ווער האָט עס פארטראָגען — דו, צי איך?

איך קוק אויפ'ן זיידען: ער שמייכעלט, ער איז גאָר ניט אין כעס. איך דריק איהם מיט ליבשאַפט דעם פינגער. צום סוף זאָגט ער צו מיר אזוי:

— ווייסט וואָס, אז דו וועסט אויף ניך, טאַקע גאָר גיך, דורכלויפען דעם שטיקעל וועג, מאַכט ניט אויס; וועט קיינער ניט זעהן!

— לויף דו.

— איך בין דאָך אַ גרויסער און דו ביזט אַ קליינינקער; וועסט גיכער קומען פאַר מיר.

— איך האָב מורא, — זאָג איך, האַלטענדיג פעסט זיין פינגער.

— איז וואָס ווילסטו מיר זאָלען טאָן? מען מוז דאָך געהן אהיים. די באָבע וועט זיך דערשרעקען. נו, מיין קינד, לויף שנעל.

איך בין געלאָפען, און געדאַכט האָט זיך מיר, אז די שטערען אין הימעל, די ליכטיגע פענסטער פון די הייזער קוקען אויף מיר בייז, אז זיי זאָגען צו מיר:

— אום שבת! טראָגסט אום שבת!

און איך האָב אזוי ליב דעם שבת.